יוסף סאַנדעל

# אומגעקומענע ייִדישע קינסטלער אין פּוילן

ערשטער באַנד

פאַרלאַג 

ווארשע

1957

JÓZEF SANDEL

# Żydowscy Artyści plastycy ofiary hitlerowskiej okupacji w Polsce

Tom I.

Red. D. SFARD
רעדאַקטאָר: ד. ספאַרד

הילע געצייכנט: פ. לעווין

Red. styl. H. GLIKSZTOK

סטיל.-רעד. ה. גליקשטאָק

Printed in Poland

Wydawnictwo „Idisz Buch“, Warszawa, Nowogrodzka 5

Nr zam. 8431. Nakład 2000 egz. Papier rotogr. kl. III, 61x86, 120 g. Ark. wyd. 17 ark. druk. 20,25. Druk ukończono w listopadzie 1957.
Druk. RSW „Prasa”, Warszawa, Tarczyńska 8. B-90.

מיין פרוי אסתר — א הארציקן דאנק
פאַר איר מיטהילף ביים צונויפשטעלן
דאָס דאָזיקע טראַגישע בוך.

דער מחבר

# אַרייַנפֿיר

ווען דער קונסט-היסטאָריקער פּלאַנירט אַן אַרבעט וועגן אַ ריי קינסטלער, וועלנדיק באַשרייבן זייער שאַפונג, גרופּירט ער געוויינטלעך דעם צונויפגעזאַמלטן מאַטעריאַל אויף אַזאַ אופן, אַז ער שליסט איין באַזונדערע קינסטלער אין באַשטימטע גרופּן לויט די איינפלוסן, וואָס ווירקן אויף דעם געגעבענעם קינסטלער. אין יעדער אַזאַ גרופּירונג שפּיגלען זיך אָפּ פאַרשידענע ריכטונגען, סטילן, פאָרמען און וועלט-אָנשויונגען, וועלכע זענען אין דער געגעבענער צייט אָנגענומען.

צופרעטנדיק צו דער אַרבעט, וועלכע שטעלט זיך פאַר אַ ציל צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די קינסטלער-פּלאַסטיקער, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן בעת דער היטלער-אָקופּאַציע, בין איך געשטעלט געוואָרן אין אַ ספּעציעלער לאַגע. אויסמאָרדנדיק די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג און צורויבנדיק איר פאַרמעגן, האָט דער היטלער-אָקופּאַנט פאַרניכטעט יעדן סימן פון יידישן לעבן אין פּוילן אין משך פון הונדערטער יאָרן. עס זענען בלויז איבערגעבליבן זעלטענע שפּורן, צעוואָרפענע איבערן גאַנצן לאַנד, וועגן דער עקזיסטענץ און שאַפונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. פון די דאָזיקע שפּורן האָט מען געמוזט אויך צונויפשטעלן די איצטיקע אַרבעט. דער מאַטעריאַל, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן אין משך פון די לעצטע 10 יאָר און וועלכער נעמט אַרום ידיעות וועגן איבער 200 קינסטלער-פּלאַסטיקער, קאָן נישט זיין, נישט קוקנדיק אויף דער באַדייטנדיקער צאָל, גענוגנדיק. דעריבער האָט דער מאַטעריאַל גופא אין אַ סך פאַלן אָנגעוואָרפן די נויטווענדיקייט אָנצווענדן דעם ביאָגראַפיש-כראָניקאַלן מעטאָד פון באַשרייבן, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן האָט מען געקאָנט אויסנוצן אַלע פאַראַנענע פאַקטן, אַדאַנק וועלכע ס'איז מעגלעך געוואָרן בולט אַרויסצוברענגען די באַזונדערע געשטאַלטן פון די קינסטלער. דעריבער זענען טייל

פון זיי מער בולט אַרויסגעקומען, טייל ווידער זענען טראַקטירט פראַג־מענטאַריש. צוליב די זעלבע טעמים איז אויך נישט געווען געוווּנטשן איינצושליסן די באַזונדערע קינסטלער אין וועלכע ס'איז גרופּן אָדער קינ־סטלערישע ריכטונגען.

די ערשטע פערציק יאָר פון איצטיקן יאָרהונדערט זענען געווען אַ צייט פון אויסערגעוויינלעכן פּאַנאַנדערבלי פון דער פּלאַסטישער קונסט ביי יידן אין פּוילן. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז די קינסטלער פון דעם פּעריאָד האָבן מיינסטנס געשטאַמט פון די אָרעמסטע שיכטן, וואָס אויב אפילו ס'האָט וועמען פון זיי אָפּגעגליקט אָנגענומען צו ווערן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע, האָט ער נאָך אַ געוויסע צייט געמוזט רעזיגנירן פון שטודירן, ווייל ער איז נישט אימשטאַנד געווען צו צאָלן דעם שכר־לימוד. פון אַזעלכע אָרעמע היימען שטאַמען אַ סך קינסטלער, וועלכע זענען אָפט באַרימט געוואָרן נישט נאָר אין לאַנד, נאָר אויך אין אויסלאַנד.

אין דעם פאַרמלחמהדיקן סאַנאַציע־פּוילן איז בלויז יחידים געלונגען נאָך שווערער מי צו דערשלאָגן זיך צו עפּעס. די גרעסטע טייל פון זיי האָט מען נישט געוואָלט קענען און נישט אָנערקענען און זיי האָבן צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטער געמוזט קעמפן פאַרן שטיקל ברויט. נאָר אפילו די קינ־סטלער, וועלכע האָבן אַזוי שווער געלעבט, האָבן נישט פאַרלוירן די האָפע־נונג, אַז סוף כל סוף וועלן זיי אָנערקענט ווערן. מיט ברען האָבן זיי פאַר־אייביקט זייער שעפערישע אינווענץ, זייערע טרוימען וועגן צוקונפטיקן גליק, וועגן גערעכטיקייט, וועלכע זיי האָבן נישט דערלעבט.

דער אויפבלי פון דער פּלאַסטישער קונסט צווישן יידן אין פּוילן איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט די שטרעמונגען, וואָס האָבן געגורטעוועט די פּוילישע קונסט און די קונסט אויף דער גאָרער וועלט. די מערבדיקע קלאַסיקער פון אימפּרעסיאָניזם ווי: מאנע, מאָנע, רענואַר, פּיסארא, איז־ראעלס, ליבערמאַן ווי אויך אין דער שפּעטערדיקער פּאַזע—סעזאַן, וואַן גאָג פּיקאַסאָ, מאַטיס, בראַק, לעזשער און אין דער סקולפּטור ראָדען און מאיאָל, אויפן מזרח — לעוויטאַן, רעפּין, סוריקאָוו, אַנטאָקאָלסקי און ביי אונדז: מאַטעיקאָ, גראָטגער, ראַדאַקאָווסקי, וויטשולקאָווסקי, וויספּיאַנ־סקי און אַנד. — זיי אַלע האָבן געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דער שאַפונג אויך פון די יידישע קינסטלער אין פּוילן. אַ ספּעציפישע ווירקונג אויף אַ טייל פון זיי האָבן געהאַט די צוויי יידישע קינסטלער: מאוריצי גאָטליב און שמואל הירשענבערג. אין דער שאַפונג פון די דאָזיקע צוויי קינסטלער האָט זיך אַמבולטסטן אָפּגעשפּיגלט די טראַדיציע פון דער אַנאָ־

גימער קונסט פון די פוילישע ייִדן. די דאָזיקע צוויי גרויסע קלאַסיקער פון דער ייִדישער מעמאַטישער מאַלעריי אין פוילן, האָבן אין נייַנצנטן יאָרהונדערט אַ סוף געמאַכט צו דער איינרעדעניש, אַז די פוילישע ייִדן האָבן אַ שוואַכן חוש פאַר דער פּלאַסטישער קונסט.

ביז סעפּטעמבער 1939 האָבן אין פוילן געשאַפן הונדערטער ייִדישע קינסטלער: מאָלער, סקולפּטאָרן, גראַפיקער, טעאַטער-דעקאָראַטאָרן און אַנד. מ'דאַרף אויך צורעכענען צענדליקער ייִדישע פּלאַסטיקער, וועלכע האָבן געשאַפן אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד, ענגלאַנד, אין די פאַראייניקטע שטאַטן און וואָס האָבן קיינמאָל נישט באַהאַלטן זייער אָפּשטאַמונג. טייל פון זיי זענען באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט ווי צ. ב. עוגעניוש זאַק אין פראַנקרייך, אַדאָלף וואָלמאַרק אין ענגלאַנד, יאַנקל אַדלער אין דייטשלאַנד, עליאַס נאַדעלמאַן אין אַמעריקע און אַנדערע קינסטלער, וועלכע האָבן דעם גוטן נאָמען פון ייִדישן קינסטלער פון פוילן באַרימט געמאַכט איבער דער גאַנצער וועלט. אויך אין לאַנד האָבן געלעבט גרויסע קינסטלער און פון דאַנען האָט זייער קונסט געשטראַלט ווייט איבער די גרענעצן פון פוילן. צו די דאָזיקע האָט אויך, צוו. אַנד. געהערט מאַוריצי טרעמבאַטש, וועמענס אַטעליע, ס'האָט פאַר דער צייט פון זיין שאַפן אין מינכען, באַזוכט אפילו די דייטשישע אַריסטאָקראַטיע ווי אויך די מיטגלידער פון בייערישן הויף, וועלכע האָבן זיך געלאָזט מאָלן ביי אים פאָרטרעטן. ראָמאַן קראַמשטיק, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט די פוילישע קונסט אין אַ סך לענדער, איז שטאַרק באַרימט געוואָרן אין בערלין און שפּעטער אין פּאַריז. צו די ווייטערדיקע וועלט-באַרימטע קינסטלער האָבן געהערט: דער סקולפּטאָר העניריק קונא, וועמענס געזאַמלטע אויסשטעלונגען האָבן אין פּאַריז און אין לאָנדאָן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, יאַן גאָטאַרד, וועמענס בילדער זענען אויסגעשטעלט געוואָרן צווישן די קאָלעקציעס פון דער אויסשטעלונג פון פוילישער קונסט אין דייטשלאַנד פאַר די צייטן פון היטלערן. צו די באַזונדערס טאַלאַנטפולע קאָן מען פאַררעכענען די ברידער מנשה און אפרים זיידענבייטעל, וועמענס בילדער עס האָבן זיך געפונען אויף די ביענאַלן אין ווענעדיק ווי אויך אויף די אויסשטעלונגען אין לאָנדאָן, מאָסקווע און אַנד. אייראָפּעישע שטעט.

אין פאַרשידענע שטעט פון פוילן זענען באַרימט געווען אַזעלכע קינסטלער ווי: אברהם גוימאַן, דער סקולפּטאָר העניריק האָכמאַן אין קראָקע, שמחה טראַכטער אין לובלין, רחל סוצקעווער און בער זאַלקינד אין ווילנע און אַנד. די גרעסטע צאָל באַדייטנדיקע טאַלאַנטן האָבן זיך געפונען אין

וואַרשע און אין לאָדזש. אין וואַרשע האָבן געלעבט און געשאַפן: רעגינע מאָנדלאַק, אבֿרהם פֿרידמאַן, פֿעליקס פֿרידמאַן, ווינצענטי בראַונער, וואָלאַדיסלאַוו וויינטרויב, די סקולפּטאָרן: אבֿרהם אָסטזשעגאַ, יוסף שליוויניאַק, דער גראַפֿיקער=סאַטיריקער מענדל רייף און פֿיל אַנדערע. אין דער פֿאַבריק=שטאָט לאָדזש, אין וועלכער ס'האָט געלעבט די טראַדיציע פֿון דעם פּאָפּולערן שמואל הירשענבערג, האָבן געשאַפֿן: הענעך באַרטשינסקי, איגנאַצי הירשפֿאַנג, משה גורעוויטש און אַ סך אַנד. וועלכע האָבן, ביזן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט=מלחמה, נישט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פֿון זייער שאַפֿן.

אַזוי אַרום האָבן אַ סך פֿון די קינסטלער, נישט קוקנדיק אויף די שטערונגען, וואָס האָבן געהאַמעוועט זייער אַנטוויקלונגס=וועג, דערגרייכט אַזאַ הויכע מדרגה ווי נישט איין גרויסער קינסטלער אין אויסלאַנד.

מיר האָבן אין די לעצטע פֿאַרמלחמהדיקע יאָרן געהאַט די מעגלעכקייט צו אָבסערווירן דעם שאַפֿונגס=פּראָצעס פֿון דער מערהייט קינסטלער פּלאַסטיקער אין אַ סך שטעט פֿון פּוילן. די גרעסטע טייל פֿון די קינסטלער, וועלכע זענען שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן, האָב איך פּערזענלעך געקענט, מיט אַ סך בין איך געווען באַפֿריינדעט. אין דער טראַגישער רשימה פֿון אונדזערע פֿאַרלוסטן האָבן מיר אויך אַריינגעשטעלט אַ סך יונגע קינסטלער, וועלכע האָבן נאָר וואָס אָנגעהויבן אויסצושטעלן זייערע בילדער, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אָריגינעלע אַרבעטן און האָבן געגעבן גוטע האָפֿענונגען. מיר האָבן זיך באַמיט איינצוהאַלטן די וויכטיקסטע אָביעקטיווקייט ביים אָפּשאַצן די באַזונדערע קינסטלער, וועלכע זענען אַזוי טראַגיש און פּריצייטיק געשטאָרבן, הגם ס'וואָלט נישט געווען קיין חטא, ווען מיר וואָלטן אין דעם פֿאַל אָפּגעשאַצט צום גוטן זייער צוקונפֿטיקע קינסטלערישע אַנטוויקלונג.

אין דער איצטיקער אַרבעט האָבן מיר איינגעשלאָסן אויך ביאָגראַפֿיעס פֿון אייניקע קונסט=היסטאָריקער און קריטיקער, וועלכע זענען צוליב דעם כאַראַקטער פֿון זייער טעטיקייט געשטאַנען אַמנאָענטסטן צו דער קינסטלער=מחנה.

דאָס איצטיקע בוך, וואָס האָט אַזאַ טראַגישן אינהאַלט און האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל אויפֿצוהאַלטן דעם אָנדענק פֿון הונדערטער קינסטלער, גיבן מיר איבער דעם לייענער, איבערהויפּט די פּלאַסטיקער, ווי זיי זאָלן זיך נישט געפֿינען, צוזאַמען מיט דער דערמאָנונג, וועלכע ס'האָט אויסגעדריקט האַרט פֿאַר זיין טויט אין וואַרשעווער געטאָ דער קינסטלער

ראָמאַן קראַמשטיק: זאָלן אויך די קינסטלער זיך אײַנשליסן מיט זייער אַרבעט אינעם קאַמף קעגן דעם פֿאַשיזם, קעגן קריג, עס זאָל זיך שוין מער קיינמאָל נישט איבערחזרן קיין ענלעכע קאַטאַסטראָפֿע, וועלכע עס האָט זיי געטראָפֿן.

יוסף סאַנדעל

# פאָרוואָרט

די קינסטלער, וועגן וועלכע ס'ווערט דערמאָנט אין דער איצטיקער אַרבעט, האָבן דורכגעמאַכט די קאָשמאַרפולע היטלערישע אָקופאַציע, און זענען אין זייער גרעסטער מערהייט אומגעקומען אין די טויט=לאַגערן מיידאַנעק, בעלזשיץ, טרעבלינקע, אָשוויענטשים, שטוטהאָף און אַנד., וועגן וועלכע די מענטשהייט האָט ביז איצט נישט געהאַט קיין אַנונג. די היטלערישע אַרמיי, וועלכע האָט זיך אין סעפטעמבער 1939 אַריינגעריסן קיין פוילן, האָט מיט קאַלטער אויסרעכענונג דורכגעפירט מאַסן=מאָרדן איבער דער שוצלאָזער באַפעלקערונג. באַלד נאָכן אַריינדרינגען אין דער הויפטשטאָט האָבן די דייטשישע פאַשיסטן, וועלנדיק דערנידעריקן דאָס פוילישע פאָלק, אויפגעריסן און פאַרניכטעט דעם קעניגלעכן שלאָס, דעם סימבאָל פון אומאָפהענגיקייט. מערדערייען און רויבערייען, פאַרניכטונג פון דער פוילישער הונדערטיעריקער קולטור, פיזישע און מאָראַלישע פייניקונגען פונעם גאַנצן פוילישן פאָלק האָבן אין זייער ענדגילטיקן בילאַנס דערפירט צו דער ציפער פון 6 מיליאָן קרבנות און צו חורבות פון די צאָלרייכע דענקמעלער פון דער פוילישער קולטור. אין דער צאָל פון די זעקס מיליאָן מענטשן, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורכן אָקופאַנט, גייען אַריין 3 מיליאָן פוילישע יידן. פון זיי א מיליאָן קינדער, אָנהייבנדיק פון זייגקינדער, קינדער אין פאָרשול=עלטער און אַזעלכע, וועלכע האָבן דעם 1=טן סעפטעמבער געזאָלט צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן איבערטרעטן די שוועל פון דער שול, ביז די עלטערע קינדער, פון וועלכע אַ טייל איז אומגעקומען, קעמפנדיק מיט די היטלעריסטן אין די פאַרטיזאַנער=רייען און בעת די אויפשטאַנדן.

ווי באַוווסט, האָט די היטלער=בעסטיע, מיטן גרעסטן צאָרן, זיך געוואָרפן אויף די יידן. דערנידערנדיק זיי אין די אויגן פון פוילישן פאָלק



ראָמאַן קראַמשטיק — פון וואַרשעווער געטאָ.

מיט דער הילף פון כלערליי פראָפּאַגאַנדע-מיטלען, פאַרשאַפנדיק זיי די שווידערלעכסטע מאָראַלישע און פיזישע ליידן, האָט דער היטלעריסטישער אָקופּאַנט אויף אַ טייוולאָנישן אופן אויסגעמאָרדעט אין פוילן אַלע יידן, פאַרניכטנדיק ניט בלויז די מענטשן, נאָר אויך זייער דורותלאַנגע קולטור אויף דער פוילישער ערד. די היטלעריסטישע בעסטיע האָט חרוב געמאַכט און פאַרניכטעט ניט נאָר שולן און רעליגיעזע קולט-חפצים, נאָר אויך געשענדעט בית-עולמס, באַמיענדיק זיך ארויסצוציען דעם מאַקסימום נוצן אפילו פון מצבות. אַ סך קינסטלערישע מצבות און אַלטערטימלעכע דענקמעלער האָבן געדינט צו ברוקירן גאַסן און הויפן.

אין משך פון די דאָזיקע זעקס פינצטערע אָקופּאַציע-יאָרן איז פאַרניכטעט געוואָרן די גאַנצע יידישע שעפערישע אינטעליגענץ אין פוילן. די היטלעריסטישע מערדער האָבן זיך באַמיט אויסצומאָרדן אַלע געלערנטע, שרייבער, מוזיקער, פלאַסטיקער פון יידישער אָפּשטאַמונג.

בעת די מאַסנהאַפטע אויסזידלונגען אין די טויט-לאַגערן, האָט די איבערגעבליבענע באַפעלקערונג באַמיט זיך צו באַקומען וועלכע ס'איז אַרבעטס-צוטיילונג, וואָס האָט געזאָלט, ווי די מערהייט האָט געמיינט, געבן געוויסע שאַנסן פון איבערלעבן. דער זעלבער אילוזיע זענען אַרונטערגעפאַלן אויך די יידישע קינסטלער. זייער לאַגע אין געטאָ איז געווען זייער אַ שווערע. אַ קליינע צאָל בלויז פון זיי האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרדינען אַלס פלאַסטיקער. ס'האָט אפילו געטראָפן, ווי צ. ב. אין ביאַליסטאָקער געטאָ, אַז די פלאַסטיקער זענען געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרנעמען זיך מיט קינסטלערישער אַרבעט. אַנדערש ווידער האָבן אויסגעזען די באַדינגונגען פון די פלאַסטיקער אין לאָדזשער געטאָ, אָבער גאָר ספּעציפיש זענען געווען די באַציונגען צווישן די קינסטלער אין ווילנער געטאָ.

אין דער ערשטער פאַזע פון דער אָקופּאַציע האָבן צו דער פאַרוואַלטונג פון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג פון „יום“ (יידישע אונטערשטיצונג-שטעלע) געהערט אויך די קינסטלער: פעליקס פרידמאַן, וולאַדיסלאַוו ווייננטרויב, אַדאַם הערשאַפט, אַברהם אָסטזשעגאַ און רעגינע מונדליאַק. דאָס האָט אָבער געדויערט זייער קורץ און די איינציקע הילף, וואָס די קינסטלער האָבן באַקומען, זענען געווען די מאָלצייטן, וועלכע זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין הויז פונעם „דזשאָינט“ אויף אָרלע. אין די רינגעלבלום-נאָטיצן (דער אונטערערדישער ארכיוו פון וואַרשעווער געטאָ), אין דעם בוך, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן פאַרלאַג „יידיש בוך“, וואַרשע 1952, אויף זייט 24 געפינען מיר אַ כאַראַקטעריסטישן אָפּזאַץ וועגן מאָלער מאַקס



ראָמאַן קראַמשטיק          פון וואַרשעווער געטאָ.

עליאָוויטש: „געכאַפּט אים צו דער אַרבעט ביי די פּאַנצער. גוט איינגעהייצט אין אויוון, געפרעגט אים פּוגוואַגען קאָנסטו, „איך בין אַ קונסטמאַלער", געבעטן מאָלן. ער מאָלט שוין די זעקסטע פּערזאָן און אַלץ העכערע, באַקומט שכירות 150 פּאַר אַ בילד. אַ באַשעפטיקונג, אויף יעדן בילד אויפגעשריבן דער נאָמען פונעם מאָלער. פיינע בילדער".

אינעם ווייטערדיקן עטאַפּ, ד. ה. אין דער ערשטער צייט פון וואַרשעווער געטאָ, האָבן אַ פּאָר קינסטלער באַקומען באַשעפטיקונג ביים באַפּוצן דעם גרויסן זיצונגס־זאַל פון וואַרשעווער יודענראַט. אַזוי אַרום האָבן די קינסטלער מ. עליאָוויטש, פעליקס פרידמאַן און שמחה טראַכטער אויסגעפירט אַ וואַנט־מאָלעריי, וואָס שטעלט פאָר אין אַן איבערנאַטירלעכער גרייס די געשטאַלט פון איובן. יוסף שליוואַניאַק, עליאָוויטש און הענריק ראַבינאָוויטש האָבן אויסגעפירט פאַר דעם זעלבן זאַל קאָלירטע וויטראַזשן. דער סקולפּטאָר אברהם אָסטזשעגאַ האָט געזאָלט דעם זאַל באַפּוצן מיט פאַרשידענע סקולפּטאָר־אַרבעטן. די דערמאָנטע אַרבעטן האָבן די קינסטלער אויסגעפירט אויף דער באַשטעלונג פונעם יודענראַט, וועלכער האָט אויף אַזאַ און ענלעכן אופן אָפּגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די יידן פון דער געפאַר, וואָס האָט זיי געדראָט. פאַר דער צייט, וואָס עס האָט עקזיסטירט די אַזוי גערופענע טראַנספערשטעלע, ד. ה. דער אָרט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן אויסטויש פון די געטאָ־אויסאַרבעטונגען און פון איבערוואַרפן זיי אויסערן געטאָ, האָט מען איינגעאָרדנט אויף דער קרולעווסקאַ אויסערן געטאָ אַן אויסשטעלונג פון די דאָזיקע אויסאַרבעטונגען. עס האָבן זיך דאָרט אויך געפונען אַ גאַנצע ריי זאַכן פון טאָגטעגלעכן געברויך, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך די קינסטלער.

אויף אויסצופירן די דעקאָראַטיווע טייל פון דער אויסשטעלונג זענען באַשטימט געוואָרן די מאָלער פ. פוטערמאַן און מ. עליאָוויטש. לויט ווי עס האָט איבערגעגעבן פוטערמאַן (ער האָט נאָך דער באַפרייאונג אָנגעשריבן דערינערונגען פון די איבערלעבונגען בעת דער אָקופּאַציע), האָט עליאָוויטש אויפן פאַרלאַנג פונעם לייטער פון דער אויסשטעלונג, דעם עס־עס־מאַן קנאָל, אויסגעמאָלט אַ גרויס בילד, וואָס האָט פאָרגעשטעלט אַ יידישן קאָוואַל ביי דער אַרבעט. דאָס דאָזיקע בילד זאָל האָבן געהאָנגען סך הכל נישט קיין גאַנצן מעת־לעת, ווייל אויפן באַפעל פון דער געסטאַפּאָ, וועמען ס'איז נישט געפעלן געוואָרן די טעמאַטיק, איז דאָס בילד אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון דער וואַנט און ווען די קינסטלער זענען צומאָרגנס געקומען, האָבן זיי געזען דאָס בילד זיך וואַלגערן אויף דער ערד. אַלס

איינער פון די ביישפּילן, ווי אַזוי מ׳האָט זיך באַמיט צו דעזאָריענטירן די ייִדישע באַפעלקערונג בנוגע זייער צוקונפטיקן גורל, קאָן דינען דער פאַקט פון אויפהתמענען די זאַמלונגען פונעם וואַרשעווער מוזעום אויפן נאָמען פון בערסאָן ביי דער ייִדישער קהילה, וועגן וואָס עס האָט געשריבן די קראָקעווער „ייִדישע צייטונג“ פון 2־טן אויגוסט 1940.

אינעם לעצטן עטאַפּ פון וואַרשעווער געטאָ, ווען די אויסזידלונגען זענען דורכגעפירט געוואָרן אין אַ ברייטן פאַרנעם, האָבן אייניקע קינסטלער, מיינענדיק, אַז נאָר פּראָדוקטיווע אַרבעט איז מסוגל אָפּצוראַטעווען זיי און זייערע משפחות, באַשלאָסן צו שאַפן אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס זאָל אויסאַרבעטן שלייפשטיינדלעך און אַ פּראָשעק צו רייניקן מעטאַלן. אַלס מאַטעריאַל פאַר דער דאָזיקער פּראָדוקציע האָבן געזאָלט דינען די שטיינבלאָקן, וואָס זענען געלעגן אויפן הויף, ווו ס׳האָט זיך געפונען די אַטעליע פונעם סקולפּטאָר אָסטזשעגאַ. אין דאָזיקן קאָאָפּעראַטיוו זענען אַריינגעטראָטן איבער 20 קינסטלער. ניִשט קוקנדיק דערויף, וואָס יעדער פון זיי האָט באַקומען אַן „אויסווייז“, וואָס האָט אים באַשיצט פאַר אויסזידלונג, איז פונדעסטוועגן, בעת דער גרעסטער פאַרשטאַרקונג פון די אויסזידלונגען, דער לאָקאַל פונעם קאָאָפּעראַטיוו אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער ייִדישער פּאָליציי און אַלע קינסטלער, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען, זענען אַזוי ווי זיי זענען געשטאַנען אין די אַרבעטס־פאַרטעכער אַרויסגעטריבן געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ גלייך אין די וואַגאָנען און אַרויסגעפירט געוואָרן אין טויט־לאַגער אין טרעבלינקי.

צווישן די אַרבעטס־גרופּן, וועלכע פלעגן אַרויסגעפירט ווערן צו דער אַרבעט אויסער דעם געטאָ, איז איינע אַזאַ גרופּע באַשטאַנען פון בלויז אינטעליגענטן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, פּאָעטן, שרייבער, אינזשיניערן און אַרכיטעקטן. זיי האָבן אויסגעפירט די פאַרשידנסטע מויערער־אַרבעטן, שלעפנדיק זאַמד, קאַלך, צעמענט, ציגל און האָלץ־באַלן. זיי האָבן געמויערט די געביידע אויף נאַרבוטאַ 8. דער לייטער און פּראָיעקטאַנט פון דער געביידע איז געווען דער יונגער פעיקער אַרכיטעקט הענריק בלום, וועמענס אַרכיטעקטאָנישע פּראָיעקטן זענען געדרוקט געווען נאָך פאַר דער מלחמה אין פאַך־זשורנאַלן און זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אויף פאַרשידענע אויסשטעלונגען אין לאַנד און אין אויסלאַנד. בלום האָט אויך גענומען אַן אָנטייל האַרט פאַר דער מלחמה אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג פון קונסט און טעכניק אין פּאַריז, ווו עס איז אויסגעשטעלט געוואָרן זיין פּראָיעקט פון



ראָזענפעלד   אַ סצענע פון װאַרשעװער געטאָ.

אַ „פֿאַמיליע־הויז“. מיט צופרידנקייט האָבן די דייטשן זיך צוגעקוקט, װי אַזוי אינטעליגענטן בויען פאַר זיי קאָמפאָרט־װױנונגען. נאָך פאַרן פאַר־ענדיקן די געביידע איז בלום דערשאָסן געװאָרן, װייל די דייטשן האָט ניש אַנטשפּראָכן דער אַרבעטס־טעמפּ ביים אויפשטעלן די געביידע.

די שטאָט לאָדזש האָבן די דייטשן נאָכן פאַרנעמען אָנגעשלאָסן אין רייך, שאפנדיק דעם קרייז װאַרטעגאו. דאָרט האָט זיך געפונען דער

גרעסטער, נאָך ווארשע, יידישער ישוב. די דאָזיקע פאַבריק־שטאָט איז פאַר דער מלחמה געווען איינע פון די וויכטיקסטע קונסט־צענטערן אין פוילן. איבער די צוויי הונדערט טויזנט יידן, וואָס זענען צונויפגעפרעסט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ, האָט געהערשט דער פאַרטרויונגס־מאַן פון די היטלעריסטן חיים מרדכי רומקאָווסקי מיט זיין קליקע. רומקאָווסקי, דער פרעזעס פון לאָדזשער יודענראַט, האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ גראָטעסקאַרטיקן מלך. ער האָט זיך ארומגערינגלט, אין די דאָזיקע שווידערלעכע באַדינגונגען פון דער געטאָ־נויט, מיט דעם גרעסטן גלאַנץ און אַ צאַלרייכן הויף. ער האָט זיך באַמיט איינצורעדן די אויסגעמאַטערטע און טעראָריזירטע מאסן, אַז ער מיינט בלויז זייער טובה און אַז ער איז פאַר זיי ווי אַ פאָטער. רומקאָווסקי האָט זיך אויך געהאַלטן פאַר אַ אַפּוטרופּס פון די קינסטלער. ער האָט זיך ארומגערינגלט מיט פאַרשידענע פּלאַסטיקער און פאַר אַ טאַלאַן אויף אַ זופּ אָדער פאַר אַ ברויטל האָט ער זיך געהייסן מאָלן אין פאַרשידענע פּאָזעס. די בילדער האָבן אים פאָרגעשטעלט ווי אַ ווילטעטער און רעטער פון די לאָדזשער יידן.

איינס פון די דאָזיקע בילדער האָט געמאָלט ישראל לייזעראָוויטש. דער דאָזיקער מאָלער האָט נאָך פאַר דער מלחמה אונטערגעחנפעט די גבירים, וועלנדיק אויף אַזאַ אופן זיך אַרויסשלאָגן. דער דאָזיקער הויקערדיקער און קורצזיכטיקער קריפּל, אַ זון פון אַן אָרעמען לאָדזשער שניידער, איז איינגעטלער געווען א טאַלאַנטירטער דילעטאַנט. אין לאָדזשער געטאָ איז ער געוואָרן דער הויף־מאָלער פון רומקאָווסקין, מאָלנדיק דעם פירער פון יודענראַט אין די פאַרשידנסטע פּאַטעטישע פּאָזעס. צווישן אַנדערע האָט ער געשאַפן א גרויס בילד, וואָס גלאָריפיצירט רומקאָווסקין אַלס אַפּוטרופּס פון אָרעמע יידישע קינדער. אויף דעם דאָזיקן בילד (געפינט זיך איצט אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין ווארשע) ווערט רומקאָווסקי פאַרגעשטעלט ווי ער שטייט ארומגערינגלט מיט קינדער, וואָס ציען אים ביי די פּאָלעס פון דעם פוטער־מאַנטל און בעטן ביי אים שוץ. אויך וויגצעגטי בראַונער, איינער פון די ערנסטע מאָלער פאַר דער מלחמה, איז געצוווּנגען געווען צו מאָלן רומקאָווסקין. דאָך האָט ער נישט געשאַפן קיין איין טעמאַטיש בילד אין געטאָ, וואָס זאָל חנפענען דעם פּאָרזיצער פון יודענראַט.

איינער פון די גראָטעסקאַרטיקע און אפשר טראַגישע אויפטוען פון רומאָקווסקיס קליקע איז געווען דאָס שאַפן אַן אַלבום פון דעם גרעסטן שניידער־וואַרשטאַט אין לאָדזשער געטאָ. דער דאָזיקער יובּילײ־אַלבום האָט



יעזשי פוקס פאַר דער קיך אין לאָדזשער געטאָ. (אײלבילד)

באַדאַרפט פאַרשטעלן דעם פאַרגעם פון דער אַרבעט, וואָס יידן האָבן אויסגעפירט אין דעם דאָזיקן וואַרשטאַט. איגדעראמתן אָבער איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לויבגעזאַנג פאַרן יודענראַט, וועלכער האָט זיך אָפּפעררוויליק פאַרגומען מיט די יידן פון לאָדזשער געטאָ און מיט זייער אַרבעט. דער דאָזיקער אַלבום (געפינט זיך עד=היום אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע) שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסן פאָליאַל, וואָס איז איינגעבונדן אין אַ מעטאַלענעם, רייך באַפּוצטן מיט דער האַנט געקאָוועטן באַנד, אויף וועלכן עס געפינט זיך דער עמבלעם פון שניידער=צעך.

די בלעטער פון דעם ריזיקן בוך זענען פון פאַרמעט. דער טעקסט איז געשריבן מיט דער האַנט דורך דעם געוועזענעם לאָדזשער סופר אברהם קבצן. אויפן שערבלאַט געפינט זיך דער פּאָרטרעט פון רומקאָווסקין. דער טעקסט גופא איז געדיכט דורכגעפלאָכטן מיט קינסטלעריש אויסגעפירטע פאָרטרעטן פון די יודענראַטלער. עס פעלט אַפילו נישט דאָס בילד פונעם פאַרוואַלטער פון דער געטאָ=תפיסה אין אַ היטל פון א יידישן פּאָליציאַנט. פאַרשטייט זיך, אַז ס'זענען אויך פאַראַן די בילדער פון די יידן, וועלכע אַרבעטן אין די וואַרשטאַטן. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז אַ טייל פון די דאָזיקע גראַפישע אַרבעטן האָבן אויסגעפירט אויסלענדישע קינסטלער, וועלכע זענען געבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ. צווישן אַנדערע געפינען זיך דאָרט די צייכענונגען פון זדאַנקאַ האַלוב פון פּראָג, פון העדע מאַרגוליעס, האַרסט גיטמאַן, הערבערט פּיק פון די פאַר. שטאַטן. פון די פּוילישע קינסטלער האָבן אין דעם „ווערק” אָנטייל גענומען פינקעלשטיין, קאָוונער און אַנדערע. די פּרצופים פון די פּאָרטרעטירטע יודענראַטלער זענען פלאַך, אויסגעגלעט און אויסגעפּאַשעט, זיי זעען אויס ווי זיי וואָלטן זיך אומגעקערט פון א קוראָרט, נישט ווי איינוווינער פון געטאָ.

אויך אַנדערע קאָאָפּעראַטיווע וואַרשטאַטן האָבן, כדי צו געפעלן רומקאָווסקין, געלאָזט מאַכן אַזעלכע אָנדענק=אַלבומען. אין איינעם פון די דאָזיקע אַלבומען האָט זיך געפונען רומקאָווסקיס פּאָרטרעט, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורך וו. בראונער.

איינע פון די וויכטיקסטע אָפּטיילונגען פון דער געטאָ=פאַרוואַלטונג איז געווען די סטאַטיסטישע אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך געפונען אינעם הויז אויף ראָג זגערסקע און קאָשטשעלנע. אויך דאָ האָבן געאַרבעט קינסטלער פון פּוילן און פון אויסלאַנד. זיי האָבן אויסגעפירט פאַר דעם דאָזיקן אַמט פאַרשידענע סטאַטיסטישע טאַבעלן און פאַרשידענע אַנדערע גראַפישע אַרבעטן. דער דערמאָנטער הערבערט פּיק איז פאַר דער מלחמה



ווינצענטי בראַונער

אַ סקלאַד פֿון יידיש בעטגעוואַנט און אַנדערע זאַכן
אין לאָדזשער געטאָ
(אַקוואַרעל)

געווען אַ באַקאַנטער אין אַמעריקע רעקלאַמע=גראַפֿיקער. האַרט פֿאַרן אויסברוך פֿון דער מלחמה איז ער אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין בערלין, כדי אויסצופֿירן אַ גאַנצע ריי אַרבעטן אויפֿן געביט פֿון רעקלאַמע. די בערלינער חברים האָבן אים זייער וואַרעם אויפֿגענומען. אָבער דאָס האָט גאָרנישט געשטערט, אַז נאָכן אויסברוך פֿון דער מלחמה, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ ייד, זאָל ער דעפּאָרטירט ווערן אין לאָדזשער געטאָ. דאָ האָט ער, צווישן אַנדערע, צוזאַמען מיט משה גירעוויטשן און שרה גליקסמאַן געשאַפֿן די ערשטע פּאָסטמאַרקע פֿאַרן געטאָ אין ליצמאַנשטאַדט. די דאָזיקע פּאָסט=מאַרקע שטעלט פֿאָר רומקאָווסקין אויפֿן פֿאָן פֿון דער געטאָ=פּאַנאָראַמע. פֿון הונגער און אויסשעפּונג איז פּיק אין קורצן אַרייַנגעפֿאַלן אין אַ גאַלאָפּ=שווינדזוכט און איז געשטאָרבן אין געטאָ.

אין דעם זעלבן סטאַטיסטישן אַמט האָבן אויך געאַרבעט די בערלינער גראַפֿיקער הערבערט זאָנענפֿעלד, די לייפּציקער קינסטלערין עדית טראַל, עווא שניידער פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע, פֿייגעל, אַרנאַ וויניאַוועצקי. ס'האָט אויך דאָ געאַרבעט מאַריאַ לעשאַווא, וועלכע מ'האָט דעפּאָרטירט פֿון פּראָג דערפֿאַר, ווייל זי האָט געהאַט אַ יידישע באָבע, אָבער אירע עלטערן (קריסטן) זענען געבליבן. חוץ די דערמאָנטע, האָבן דאָ געאַרבעט די גראַפֿיקער שערמאַן און דריי קינסטלער פֿאָטאָגראַפֿן גראָסמאַן, ראַבישעק און ראָס. די סטאַטיסטישע אָפּטיילונג האָט אויך באַשעפֿטיקט באַרימטע געלערנטע ווי: ד"ר קאַסטאַר, פּראָפֿ. ד"ר קאַספּאַריס, ד"ר פּרעליך, ווי אויך דעם לאָדזשער מאַטעמאַטיקער ד"ר ברימאַן. קאַסטאַר האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו בלייבן אין פּראָג אַלס דערפֿינדער אויפֿן געביט פֿון פֿליוועזן. ער איז פֿונדעסטוועגן אַוועק, נישט וועלנדיק פֿאַרלאָזן זיין פֿרוי, וועלכע איז דעפּאָרטירט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ.

אַנדערע באַדינגונגען זענען געווען אין קראָקעווער געטאָ. אויפֿן באַפֿעל פֿון די היטלעריסטישע מאַכט=אָרגאַנען האָבן אַלע יידן, אָנהייבנדיק פֿון 21 מערץ 1941, אונטער דער דראָונג פֿון טויט=שטראָף, געמוזט זיך געפֿינען אונטער די מויערן פֿון געטאָ. בלויז דער יודענראַט און דאָס שפּיטאָל האָט זיך איבערגעטראָגן אין אַ ביסל אַ שפּעטערן טערמין, ווייל מ'האָט נישט געקאָנט פֿאַר זיי געפֿינען קיין פּאַסיקע געביידע. דאָס זיצאָרט פֿון יודענראַט אין געטאָ האָט זיך געפֿונען אויף דער לימאַנאָווסקע גאַס נר. 2. די יידישע קולטור=טוער איז געלונגען פֿאַרן פֿאַרמאַכן די טויערן פֿון געטאָ אַריבערצופֿירן די פֿאַרשידענע קינסטלעריש=אויסגעפֿירטע קולט=חפֿצים פֿון דער רמ"א=שול, פֿון דער אַלטער און הויכער שול. אויף אַ פּאָר וועגענער האָט




משה גורעוויטש                    שרה גליקסמאַן און פיק (פאר. שטאַטן)

פּראָיעקט פון דער ערשטער פּאָסט־מאַרקע אינעם לאָדזשער געטאָ.

מען אָנגעלאָדן די ווערטפולע פּרוכתן, קאַטארן, טאַצן, און אנד. דאָס אַלץ איז צייטווייליק אַוועקגעלייגט געוואָרן אין דער געביידע אויף לימאַנאָווסקי גאס נר. 2. די דאָזיקע חפצים האָבן זיך אָבער לאַנג נישט אויפגעהאלטן. אין אַ קורצער צייט אַרום זענען זיי טיילווייז צעראַבירט געוואָרן דורך די דייטשן און טיילווייז פאַרניכטעט געוואָרן. אין מערץ פון יאָר 1943, ד. ה. נאָך דער ליקווידאַציע פון קראָקעווער געטאָ, האָט אַ ספּעציעלע גרופּע פון פּלאַשאָווער לאַגער, די אזוי גערופענע רוימונגס־קאָמאַנדע, באַקומען אַ באַפעל צו ליקווידירן דאָס יידישע פאַרמעגן, וואָס איז נאָך געבליבן אין געטאָ. בנוגע די בילדער, וואָס מ'האָט געפונען אין די וווינונגען, זענען זיי באַטראַכט געוואָרן דורך קונסט־קענער, און ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס האָט זיי געמאָלט אַ יידישער מאָלער, זענען זיי פאַרניכטעט געוואָרן. דאָס זעלבע איז געשען מיט אַלע בילדער פון יידישער טעמאַטיק, וועלכע זענען תיכף פאַרברענט געוואָרן אין הויף פונעם הויז אויף יוזעפינסקא 16. אויף אזא אופן זענען דעמלט פאַרברענט געוואָרן אַ פּאָר טויזנט בילדער. קראָקע, ווי באַוווסט, האָט פאַרמאָגט די עלטסטע אין פּוילן שולן, וואָס זענען געווען דער שטאָלץ צווישן די אַלטערטימלעכקייטן פון דער דאָזיקער שטאָט. די עלטסטע צווישן זיי, די האַלבגאָטישע שול (וועלכע געפינט זיך אויפן קוזמיר), איז בעת דער אָקופּאַציע פולשטענדיק אויסראַבירט געוואָרן און די אינעווייניקסטע טייל — פאַר־

ברענגט. אפילו די קאָלאָנעס פון גראניט, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט דעם סופיט, ווי אויך דער דאַך, זענען פאַרניכטעט געוואָרן.

נאָך דער מלחמה האָבן די רעשטלעך פון דער שיל געמאַכט אַ שרעק־לעכן איינדרוק און זענען געווען נאָך איין באַווייז פון היטלעריסטישן וואַנ־דאַליזם. נישט בעסער זענען זיי זיך באַגאַנגען מיט די איבעריקע שולן פון קראָקע, ווי די רמ׳א שיל, פּאָפּערס שול און אנד. דער אַלטער באַרימטער קראָקעווער בית־עולם נעבן דער רמ׳א־שול איז טיילווייז צעשטערט גע־וואָרן, אַ סך מצבות, איבערהויפּט אויף די קברים פון באַרימטע פּערזענ־לעכקייטן, זענען צעהאַקט געוואָרן. דאָס זעלבע איז געשען מיטן בית־עולם אויף דער מיאָדאָווע־גאַס, ווי צווישן אַנדערע איז אויך די מצבה אויפן קבר פון מאוריצי גאָטליב אומגעוואָרפן און צעקלאַפּט געוואָרן אויף דריי טיילן. נאָך אַ גאַנג דער הילף פונעם איצטיקן אויפזעער פונעם בית־עולם, דעם בירגער קיסטליינגער, איז די מצבה צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן.

אין ווילנע, גלייך נאָכן פאַרנעמען די שטאָט דורך דער היטלעריסטי־שער אַרמיי, איז דורך די דייטשן געגרינדעט געוואָרן אַ רויב־אינסטיטוציע — דער אזוי גערופענער ראָזענבערג־שטאַב. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט אַרויפגעלייגט איר לאַפּע אויף אַלע קולטור־אוצרות. עס זענען דאָ אָראָפּגעקו־מען היטלערס פאַרשטייער ד״ר גאָטהארד און ד״ר פּאָל פון פראַנקפורט. דעם לעצטן האָבן די היטלעריסטן פריער ארויסגעשיקט קיין ירושלים, כדי ער זאָל אויפן דאָרטיקן אוניווערסיטעט שטודירן די געשיכטע פון די אַל־טערטימלעכקייטן פון דער יידישער קולטור. אויך אַ פּאָר יידישע געלערנטע זענען געצוווּנגען געוואָרן מיטצואַרבעטן מיט דעם דאָזיקן רויב־שטאַב. זיי האָבן איינגעפּאַקט 74 קאַסטנס מיט ווערטפולע זאַכן, צווישן זיי ספרים און קולט־חפצים.

דאָס אַלץ איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. חוץ דעם זענען 80 טויזנט יידישע ביכער איבערגעשיקט געוואָרן אין דער פּאַפּיר־פאַבריק אין ניי־ווילייקע, וווּ דער ראָזענבערג־שטאַב האָט באַקומען דערפאַר באַצאָלט צו 19 מארק פאַר אַ טאָן. דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער וויוואָלסקע 18, האָט, חוץ די רייכע ביבער־זאַמלונג, אויך פאַרמאָגט אַ ווערטפולע גאַלעריע פון יידישער קונסט.

אַנדערע קונסט־זאַמלונגען האָבן זיך געפונען אינעם מוזעום א. נ. פון ש. אנסקי ביי דער יידישער קהילה. גאָטהארד האָט געהייסן אויפברעכן די פּאַנצער־קאַסעס, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, רעכענענדיק, אַז ער וועט דאָ טרעפן צירונג און געלד. אָנשטאָט דעם האָט ער דאָ געטראָפן

מאַנוסקריפּטן און אויטאָגראַפן פון די יידישע קלאַסיקער, ווי פּרץ, שלום־עליכם און אַנד.

עס זענען אויך פאַרניכטעט געוואָרן די אַלטע ווילנער שולן פון זעכצנטן יאָרהונדערט, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען ווערטפולע כתבֿ־ידן, ווי דאָס ווערק פון משה מיימון, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין יאָר 1592 אין ווענעדיק, אַ שולחן־ערוך פון יאָר 1682, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין אַמסטערדאַם און פינלאַנד. בלויז אַ קליינער טייל פון די דאָזיקע יקר־המציאותן איז די יידישע מיטאַרבעטער פונעם שטאָב געלונגען אָפּצוראַטעווען און, איינשטעלנדיק דאָס לעבן, זיי באַגראָבן אין דער ערד.

וועגן די יידישע קינסטלער פון ווילנע ברענג איך א הייפל ידיעות אין די באַזונדערע ביאָגראַפיעס, דאָ וויל איך בלויז ברענגען אַ פאַקט, וואָס ווייזט בולט וועגן דער דעמאָראַליזאַציע, וואָס האָט געהערשט פאַר דער מלחמה אין געוויסע קינסטלערישע קרייזן. אויף דער קונסט־אָפּטיילונג פונעם ווילנער אוניווערסיטעט א. ג. פון סטעפאַן באַטאָרי האָט פאַר דער מלחמה שטודירט אַ געוויסער קאַרל הייניץ פענסקע. דער זעלבער פענסקע איז בעת דער אָקופּאַציע געוואָרן אַ פאָלקס־דויטש און האָט מיטגעאַרבעט מיט די היטלעריסטן. ווען ער האָט איינמאָל געטראָפן אויף דער גאַס אין קראָקע זיין געוועזענע חברטע, די ווילנער מאָלערין פאַני לעוו, האָט ער זי געצוואונגען זי זאָל מיט אים מיטגיין און האָט זי ארויסגעגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ.

אין ביאַליסטאָק, ווו עס האָבן זיך נאָך סעפּטעמבער 1939 אויפגע־האַלטן זייער אַ סך יידן און צווישן זיי אַ היפּשע צאָל קינסטלער, איז געשען כמעט אַן אומגלויבלעכע געשיכטע. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָרט, ווו עס גייט וועגן א גוט געשעפט, האָבן די היטלעריסטן זייער פּיפּיק געקאָנט אויסמיידן די היטלעריסטישע „געזעצן“. אין ביאַליסטאָק האָט זיך געפונען א „טאָלעראַנטער“ דייטש, א געוויסער אָסקאַר סטעפענס, וואָס האָט גע־שטאַמט פון אָלשטין. ער האָט זיך אַ ביסל פאַרשטאַנען אויף קונסט און האָט באַשלאָסן, פאַרשטייט זיך, מיט דער הילף פון יידישע קינסטלער צו מאַכן אַ גוט געשעפט.

דער דאָזיקער סטעפענס האָט נאָכן אָנקומען קיין ביאַליסטאָק פאַר־לייגט אַ מאָלער־וואַרשטאַט, ווו ער האָט באַשעפטיקט איבער 20 יידישע מאָלער, וועלכע האָבן באַקומען אַן אויפגאַבע צו קאָפּירן די ווערק, נישט נאָר פון האָלענדישע, איטאַליענישע, שפּאַנישע, פלעמישע, פראַנצויזישע מייסטער, נאָר אויך פון דייטשע. די קינסטלער האָבן זיך באַמיט מיט

אַלע כּוחות צו באַפרידיקן די פאָדערונגען פונעם אונטערנעמער, וויסנדיק, אַז פון דעם איז אָפּהענגיק זייער לעבן. ווען סטעפענס צ. ב. האָט זיך פאַר־וואָלט אַ קאָפּיע פון מאָנע ליזע — האָט זיך געפונען אַ קינסטלער, וואָס האָט אים געמאַכט דאָס בילד. אַ צווייטער האָט געמאָלט אַ קאָפּיע פון רובענס „גימפּע און סאַטיר", אַן אַנדערער — גראַנאַכס „אַקטן". האָבנדיק אַזעלכע מייסטער, האָט סטעפענס פאַרלייגט אַ האַנדל מיט בילדער, איבער־שיקנדיק די קאָפּיעס צו דייטשע קונסט־הענדלער, וועלכע האָבן די בילדער פאַרקויפט אין דייטשלאַנד, אינעם אָקופּירטן פראַנקרייך, האָלאַנד און אַנדערע לענדער.

אין ביאַליסטאָק האָט סטעפענס „פּאַרטיידיקט" זיינע קינסטלער, פירנדיק נישט איינמאָל קאַמפן מיט שיכורע געסטאַפּאָוצעס, וועלכע האָבן געפאָדערט בילדער פאַר זייערע רעסטאָראַנען און פאַרוויילונגס־ערטער. ער איז געווען „אויפגעבראַכט" פון די דאָזיקע פאָדערונגען, דאָך איז די געסטאַפּאָוצעס געלונגען ארויסצוציען נישט איין בילד.

דער לייטער פון דעם מאָלער־װאַרשטאַט איז געװען אבֿרהם בערמאַן, װעלכער האָט אַמאָל שטודירט אין מינכען און האָט דאָרט באַקומען דעם טיטל פּראָפעסאָר. אין דעם דאָזיקן סטעפענס װאַרשטאַט האָבן אויך גע־אַרבעט די מאָלער האַבער, אוריסאָן, די פרוי צענטנערשװער, טיבער, עדעלמאַן, ראַזאַניעצקי און אַנד. נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה האָט בערמאַן פּרובירט באַגיין זעלבסטמאָרד, אויסטרינקנדיק אַ פלעשל יאָד. דער טויט איז אָבער נישט געקומען. נאָך אַ פּאָר טעג מאַטערן זיך איז ער אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דורך זיינס אַ שכן. אַרבעטנדיק ביי סטעפענסן איז בערמאַן געוואָרן גייסטיק אָפּגעלאָזן און האָט זיך פולשטענדיק אונטער־געגעבן דעם ווילן פונעם דייטש. צוליב דעם האָבן זיינע חברים נישט ווייניק אָנגעליטן זיך פון אים. אויך ביידע ברידער זיידענבייטעל, האָבן ביי די דייטשן געמוזט מאָלן דייטשע פּאָליציאַנטן פאַר אַ שטיקל ברויט.

נישט בעסער איז געווען אין לעמבערג, וואָס האָט נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה אין סעפּטעמבער 1939 אויפגענומען הונדערטער קינסטלער. פון 1939 ביז 1940 פאַר דער ראַטנמאַכט זענען דאָ אַנטשטאַנען אַ סך אַרבעטס־װאַרשטאַטן פון סקולפּטור, צעראַמיק, געברויכלעכע גראַפיק און פּאָרטרעטן־מאָלעריי, פאַרזיכערנדיק די קינסטלער נישט קיין שלעכטע עקזיסטענץ. די מער באַוווסטע פּלאַסטיקער האָבן באַקומען אייגענע אַטעליעס און האָבן געשאַפן זעלבשטענדיק.

אָבער שוין אין משך פֿון די ערשטע טעג נאָכן פֿאַרנעמען די שטאָט דורך די היטלעריסטן, זענען אויסגעפֿירט געוואָרן מאסן=מאָרדן איבער דער יידישער, פּוילישער און אוקראַיִנישער אינטעליגענץ. ווען די היטלעריסטן האָבן אָנגעהויבן איינצופֿירן זייערע נייע אָרדענונגען, זענען גענומען געוואָרן הונדערטער ערובניקעס, פֿאַר וועלכע זיי האָבן געפֿאָדערט 30 מיליאָן רובל אויסקויף=געלט. ווען ס'איז נאָך די גרעסטע אָנשטרענגונגען געלונגען צונויפֿצונעמען די ריזיקע סומע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אומגליקלעכע ערובניקעס לעבן שוין נישט. די היטלעריסטן האָבן זיך אויך גלייך גענומען צום פֿאַרניכטן יידישע קונסטווערק. מ'האָט געברענט שולן און אויפֿגעריסן די סינאַגאָגע אויף דער זאמארטינאָווסקע.

שפּעטער איז געקומען די ריי אויף דער יידישער באַפֿעלקערונג פֿון לעמבערג. די דייטשן האָבן אויסגעפֿירט מאסן=עקזעקוציעס אויפֿן יידישן בית=עולם ווי אויך אויף דעם אזוי גערופֿענעם באַרג פֿון היצעל. טויזנטער מענטשן זענען דאָרט דערמאָרדעט געוואָרן. בעת אזא שחיטה, וואָס איז פֿאָרגעקומען אויף די „פּיאסקעס“, האָט זיך אויך דאָרט געפֿונען דער קראַקעווער מאַלער יונה שטערן. ער איז געפֿאלן אין חלשות, נאָך איידער מ'האָט דערלאנגט די סאלווע. אדאנק דעם איז ער אָפּגעראטעוועט געוואָרן. ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט ערשט ביינאכט, ליגנדיק אונטער אַ באַרג טויטע. איינגאַנצן אַ נאַקעטער האָט ער זיך דערשלעפּט צום הויז פֿון זיינע באַקאַנטע. דאָ האָט ער זיך אַ געוויסע צייט אויפֿגעהאלטן. שפּעטער איז אים געלונגען אדאנק דער הילף פֿון די דאָזיקע פּוילישע פֿריינד אַריבערגיין קיין אונגארן, וווּ ער האָט זיך באהאלטן ביז דער באפֿרייונג דורך דער רויטער אַרמיי.

אַ צווייטער קינסטלער ד״ר עמיל שינאגעל, אויך פֿון קראָקע, האָט זיך אַ לאַנגע צייט באַהאַלטן צוזאַמען מיט דער פֿרוי און זון אין דער אומגעגנט פֿון לעמבערג, לעבנדיק אויף „אַרישע פּאַפּירן“. ווען ער איז דעקאָנספּירירט געוואָרן, האָט מען אים אַרויסגעשלעפּט פֿון זיין באַהעלטעניש און אויפֿן וועג קיין לעמבערג דערשאָסן צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה.

אויך יאקוב גלאסנער, וועלכער האָט זיך אין משך פֿון אַ לאַנגער צייט אויסבאהאלטן אין לעמבערג אויף „אַרישע פּאַפּירן“ אונטערן נאָמען אבאדאָווסקי, איז דערקענט געוואָרן אַלס ייד און געשטאָרבן נאָך שווערע מאַטערניש.

קאַצמאַן, דער באַרימטער תליון פֿון דיסטריקט גאַליציען, האָט זיך אויסגעקליבן אלס זיין הויף=מאלער דעם באַקאַנטן פֿאַר דער מלחמה

קינסטלער מאַרטשין קיץ. צוזאַמען מיט זיין ברודער, אַן אַרכיטעקט, האָבן זיי געקאָנט זיך געפינען אויסערן געטאָ. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. ס'איז געגנוג געווען, אַז קאַצמאַן זאָל אַ געוויסער צייט נישט זיין אין לעמבערג, אַז ס'זאָלן נאָך די ביידע ברידער קומען געסטאַפּאָווצעס און זיי דערשיסן.

דעם זעלבן גורל האָט אויך געטראָפן דעם באַקאַנטן פאַר דער מלחמה שרייבער און גראַפיקער ברונאָ שולץ. ער האָט געהאַט אַלס פּראָטעקטאָר דעם דייטש לאַנדאו, אַ סטאָלער פון ווין, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס אַרכיטעקט.

לאַנדאו האָט אין דראָהאָביטש געבויט אַ רייט=פּלאַץ. דעם פּראָיעקט האָט אויסגעפירט שולץ. חוץ דעם האָט לאַנדאו איבערגעגעבן שולצן אויסצופירן פאַרשידענע פרעסק=בילדער אַלס באַפּוצונגען פאַרן רייט=פּלאַץ. שולץ פלעגט נישט איינמאָל זיין ביי לאַנדאו אין דער היים, ווייל ער האָט אויסגעפירט פאַרן דייטש פאַרשידענע פלענער, וועלכע דער לעצטער פלעגט אָנגעבן אַלס זיינע. לאַנדאוס דערפאָלג, וואָס ער האָט געהאַט אדאנק שולצן, האָט אַרויסגערופן קנאה ביי אַ געוויסן געסטאַפּאָוויעץ מיטן נאָמען גאַבריעל. די מעשה האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז ווען גאַבריעל האָט דעם 28 נאָוועמבער 1942 געטראָפן שולצן, האָט ער אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און אים דערשאָסן אויפן אָרט.

מיר האָבן דאָ געבראַכט אַ הייפל פאַקטן וועגן די באַדינגונגען, אין וועלכע ס'האָבן געלעבט די קינסטלער בעת דער אָקופּאַציע אין פאַרשידענע שטעט פון פּוילן. די פאַקטן זענען וואָס אַן אמת גענוג פראַגמענטאַריש איבערגעגעבן, דאָך דערלויבן זיי זיך צו אָריענטירן, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דעם אָקופּירטן דורך היטלערן פּוילן אין די יאָרן 1939—1945.

# יוליא אַקער

זי איז געבוירן געוואָרן אין לעמבערג, אין יאָר 1898. ווען איר לעבן וואָלט אדורך אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, וואָלט יוליא אקער געוואָרן אַ באַרימטע קינסטלערין. זי האָט אָבער אָנגעטראָפן אויף כסדרדיקע שטערונגען, וואָס האָבן א תל געמאכט פון איר לעבן און טאלאנט. אירע יאָרן זענען פאַרלאָפן אָן פרייד און אָן האָפענונג. אויך איר טאַלאַנט איז דערדריקט געוואָרן, זי האָט זיך כסדר געשטיקט אין דער שווערער אטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אין איר היים. דער פאָטער אירער איז געווען אן אָריגינעלער טיפ, ער האָט שטאַרק ליב געהאט טעאטער, אַזוי דאָס יידישע ווי דאָס פוילישע. נישט ווייט פון פוילישן טעאַטער האָט איר פאָטער געהאַט אַ מאַגאַזין פון טעאטער־רעקוויזיטן. באַהאַלטנדיק זיך אין א ווייטן ווינקל פון צימער האָט יוליא נישט איינמאָל געזען די אקטיאָרן, וועלכע פלעגן קומען צום פאָטער, כדי דאָ אָנמעסטן פארשידענע קאָסטיומען. זיי פלעגן זשעסטיקולירן און פריילעך טומלען. מיט גרויסער פאראינטערעסירונג פלעגט די קליינע יוליא באַטראכטן די מימיק פון די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע געסט, וועלכע האָבן אויף דעם עמפינדלעכן קינד געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. יוליאַס פאָטער פלעגט אָפט באַקומען פון די אַקטיאָרן בילעטן אין טעאַטער אריין און ס׳פלעגט טרעפן, אז ער האָט אויך מיטגענומען יוליאן. דאָס איז פאַר איר געווען א גרויסער יום־טוב. די מוטער יוליאס, א הויכע און דיקע פרוי, איז זיך נישט איבעריק גוט באַגאַנגען מיט איר בת־יחידה. יוליאס פאָטער איז פרי געשטאָרבן און יוליא איז געבליבן מיט איר מוטער און צוויי ברידער, פון וועלכע איינער איז שפּעטער געוואָרן א דאָקטאָר און דער צווייטער אן אדוואָקאַט. בלויז יוליא האָט נישט געקאָנט דערגרייכן איר אויסגעטרוימטן ציל. זי האָט אַזוי שטאַרק געשטרעבט צו שטודירן מאָלעריי אויף דער קראָקעווער אקאדעמיע

— זי האָט זיך אָבער געמוזט באַגנוגענען מיטן באַזוכן די פּריוואַטע קורסן פון גאַיעווסקי. איצט האָבן זיך ביי איר אָפּגערופן מיט אַ געוואַלדיקער קראַפט די וויזיעס פון אירע קינדער-יאָרן, ווען פון אַ ווינקעלע פון רעקוויזיט-סקלאַד האָט זי זיך צוגעקוקט צו די זשעסטיקולירנדיקע אַקטיאָרן. זי האָט אָנגעהויבן שאַפן קאָמפּאָזיציעס, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט גראָטעסקאַרטיקע סצענעס, אין וועלכע עס טרעטן אויף עפּעס משונהדיקע, סאַרקאַסטישע געשטאַלטן. זי האָט אויך געמאָלט מאַרק-זיצעריגס, קינדער בעתן שפּילן זיך, אַקטיאָרן און אַנד. געוויסע בילדער אירע שטעלן אויך פאָר לאַנדשאַפטן און בלומען.

צום ערשטן מאָל האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיט אירע בילדער אויף דער אויסשטעלונג פון לעמבערגער קינסטלער, וואָס איז פאָרגעקומען אַן ערך דריי חדשים פאַרן אויסבּרוך פון דער מלחמה, אין דער יידישער קונסט-געזעלשאַפט אין וואַרשע. אין מיינס אַ רעצענזיע, וואָס איז געווען געדרוקט אין נומער 16 פון די ליטעראַרישע בלעטער — אין איינעם פון די לעצטע נומערן פון דער דאָזיקער צייטשריפט, וואָס איז בכלל דערשינען — האָב איך דערמאָנט די אַרבעטן פון יוליאַ אַקער. אין נאָוועמבער 1939 האָב איך זיך פּערזענלעך באַקענט מיט דער קינסטלערין אין לעמבערג. זי האָט זיך אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט דעצידירן מיך איינצולאַדן צו זיך אַהיים, ווו איר מוטער האָט איינגעאָרדנט אַ מין געוועלב פון אַלטוואַרג. יוליאַ האָט דאָ נישט פאַרמאָגט קיין אייגן ווינקל. אירע בילדער, וועלכע זי האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, זענען געבוירן געוואָרן אַמאָל דאָ און אַמאָל דאָרט, אָבער כמעט קיינמאָל נישט אין דער היים. וועלנדיק מאָלן, פלעגט זי זיך איינבעטן צו איינעם פון אירע חברים קינסטלער אָדער נישט קינסטלער. זי האָט תמיד געשלעפּט מיט זיך אַ שווערע טעקע און אַ קעסטל מיט פאַרבן, כדי צו קאָנען „אַריינשפּרינגען" צו עמעצן און עפּעס מאָלן.

טרעפנדיק זיך מיט איר, האָב איך זי נישט געקאָנט לאַנג אויפהאַלטן, ווייל זי פלעגט זיך תמיד איילן. איך זע זי, ווי זי באַטראַכט מיך מיט אירע גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס פלעגן אַרויסקוקן פון איר בלייך לענגלעכער פנימל, און דערלאַנגענדיק מיר די שפּיצן פינגער, איז זי אַנטלאָפן אין גאַייל. יוליאַ איז גיכער געווען ענלעך צו איר פאָטער. איר מוטער דאַקעגן איז געווען אַ בלאָנדע פרוי מיט אַ לייבן-קאָפּ. אין לעמבערג האָט מען יוליאַן שוין אָנגעהויבן שעצן אַלס גוטע פּאָרטרעטיסטן. זי פלעגט שוין דאַן פון פאַרשידענע זייטן באַקומען באַשטעלונגען. צווישן אַנדערע האָט זי אויסגעפירט אַ פּאָרטרעט פונעם פּרעזעס פון דער לעמבערגער קהלה דעם

ד״ר חיות. דער דאָזיקער פּאָרטרעט איז שפּעטער געהאָנגען אין רעפּרעזענטאַטיוון זאַל פון דער קהלה. זי האָט אויך געמאָלט דעם פּאָרטרעט פונעם לעמבערגער רב גוטמאַן.

עס קאָן מעגלעך זיין, אַז ס׳איז גראָד גוט געשען, וואָס יוליא אַקער האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו באַזוכן די קונסט-אַקאַדעמיע, צוליב דעם אפשר האָט איר טאַלאַנט אויפגעהאַלטן זיין אורשפּרינגלעכקייט, האָט פאַרמאָגט א סך פרישקייט, זויבערקייט, וואָס איז נישט באַפלעקט געוואָרן מיט קיין שום זייטיקע איינפלוסן.

נאָך סעפּטעמבער 1939 האָבן זיך פאַרזאַמלט אין לעמבערג אַ גרויסע צאָל קינסטלער, אַנטלאָפענע פון פּוילן. פאַר יעדן פון די דאָזיקע אומגליקלעכע האָט יוליא געהאַט א טרייסט-וואָרט, און ווו דאָס איז נייטיק געווען האָט זי אויך אַרויסגעהאָלפן מיט וואָס זי האָט געקאָנט. זי, וועלכע האָט נישט פאַרמאָגט קיין אייגן ווינקל ביי זיך אין דער היים, האָט געקאָנט פאַר אירע חברים שאַפן אידעאַלע וווינונגען. זי פלעגט גליקלעך זיין, אַז ס׳איז איר געלונגען איינצואָרדענען אירס א חבר, א קינסטלער, אין א וווינונג.

יוליא אַקערס בילדער האָבן זיך באַוויזן נישט בלויז אין לעמבערג, נאָר אויך אויף אויסשטעלונגען אין קראָקע, לאָדזש און וואַרשע. אין לעמבערג האָט יוליא אויסגעשטעלט אין 1-טן פרילינגס-סאַלאָן אין יוני 1939. לויטן קאַטאַלאָג פון דער דאָזיקער אויסשטעלונג, האָט זיך דאָרט געפונען דער פּאָרטרעט פ.א.ד. און דאָס בילד „דער קאַרנאַוואַל“. אין יאָר 1940 האָט זי אָנטיילגענומען אין דער לעמבערגער אויסשטעלונג פונעם פאַריין פון די אוקראַינישע קינסטלער-פּלאַסטיקער אויף מאַריאַצקע 9. אין דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָבן אויך אָנטיילגענומען אַלע קינסטלער, וועלכע האָבן זיך דעמלט געפונען אין לעמבערג, ד. ה. צוזאַמען מיט די פּליטים, עטלעכע הונדערט מענטשן. די ארבעטן פון יוליא אַקער האָבן אַרויסגערופן אַ פאַראינטערעסירונג מיט זייער אָריגינעלקייט און וואַרעמע פאַרבן. אין מאַי 1941 בין איך צוליב וויסנשאַפטלעכע צוועקן אָפּגעפאָרן קיין ווילנע. איך האָב דעמלט געאַרבעט אין לעמבערג אין אוקראַאינישן מוזיי אויף דער אָססאָלינסקי-גאַס. יוליא אַקער פלעגט דאָרט אָפט אַריינקומען, כדי צו שטודירן די נייע בילדער, וואָס פלעגן אָנקומען אין מוזיי אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רעאָרגאַניזאַציע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט. אָפּפאָרנדיק קיין ווילנע, האָב איך יוליאַן איבערגעלאָזט דעם שליסל פון מיין צימער, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם הויז, נישט ווייט פון יידישן בית-עולם ביי דער יאַנאָווסקי-גאַס. יוליא האָט זיך שטאַרק געפרייט, וואָס לכל הפחות איין

חודש וועט זי קאָנען רואיק מאָלן. איין מאָל האָט זי געשריבן צו מיר קיין ווילנע, זי האָט מיך אינפאָרמירט, וואָס זי האָט אין משך פון דער צייט געשאפן, און פונעם טאָן פון איר בריוו האָט מען געקאָנט אָפּפילן, ווי שטאַרק זי איז מיר דאַנקבאַר פאַרן געבן איר די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אָן אַן איבעררייס. די פרייד האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. אין יוני 1941 זענען די היטלעריסטן אָנגעפאלן אויפן ראטנפארבאנד. אזוי ווי מיין פאר־ברענגען אין ווילנע האָט זיך פארצויגן, האָב איך שוין נישט געקאָנט זיך אומקערן קיין לעמבערג. איך האָב שוין מער קיינמאָל נישט געזען יוליאַ אקער. אונדזערע געמיינזאמע פריינד האָבן מיר שפּעטער דערציילט, אז נישט קאָנענדיק איבערטראָגן די דערנידערונגען, וואָס די אייגוווינער אין איבערהויפּט יידן האָבן געמוזט איבערטראָגן, איז יוליא פון צער, ווייטיק און עקל צו דעם אלעמען, וואָס איז פאָרגעקומען ארום איר, באגאנגען אין יאָר 1942 זעלבסטמאָרד.

דער נאָמען פון יוליא אקער פיגורירט אין דער רשימה פון פארלוסטן פון דער פוילישער קולטור אין די יאָרן פון 1 סעפּטעמבער 1939 ביזן 1 מערץ 1946, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דורכן פּראָפעסאָר פון וראָצלאַווער אוניווערסיטעט באָלעסלאַוו אָלשעווסקי, אַרויסגעגעבן אין וואַרשע אין יאָר 1947.

# יעזשי אשער

יעזשי אשער איז געבוירן געוואָרן דעם 2־טן סעפּטעמבער 1884 אין וואַרשע. ער האָט געשטאַמט פון א געבילדעטע, רייכע וואַרשעווער משפּחה און איז געווען אַ נאָענטער קרוב פון ראָמאַן קראַמשטיק. נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע האָט ער באַזוכט די וואַרשעווער קונסט־שול. אינעם באַריכט פון דער שול ווערט אָנגעגעבן, אז ער האָט דאָרט שטודירט אין די יאָרן 1904—1907. אין די יאָרן 1905—1907 האָבן געשטרייקט די סטודענטן פון דער וואַרשעווער קונסט־שול. מורא האָבנדיק פאַר רעפּרעסיעס, האָבן טייל שילער, און צווישן זיי יעזשי אשער, פאַרלאָזט דאָס לאַנד. אשער איז אָפּגעפאָרן קיין בערלין, וווּ ער האָט שטודירט אין שאַרלאָטענבורג אַרכי־טעקטור. דאָ האָט ער געאַרבעט אין אַן אַרכיטעקטן־ביוראָ. ער האָט אין יענער צייט אָנטייל גענומען אין א קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דער פראַגע פון קאַנסערווירן דעם וואַוועל... נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1914 איז ער געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן קראָקע און איבער־הויפּט עסטרייך. ער קערט זיך אום קיין וואַרשע. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרבעט אשער אין משך פון א לאַנגער צייט אַלס אַרכיטעקט אין לעמבערג.

יעזשי אשערס שאַפונג איז געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען. ער האָט געאַרבעט פּראָפעסיאָנעל אַלס אַרכיטעקט און גלייכצייטיק א סך צייט אָפּגעגעבן אויף מאָלן. אין זיין מאָלעריי האָבן זיך דורכגעשלאָגן לאָגישע כמעט ווי אַרכיטעקטאָנישע שטריכן. צו זיין זייער סובטעלן שטריך האָט ער געלונגען צוגעפּאַסט דעם וויברירנדיקן קאָליר און באַשטימענדיק זיך גענויע ראַמען, האָט ער אין זיי איינגעשלאָסן דאָס פאַרטראַכטע בילד אינגאַנצן.

אין יאָר 1914 טרעפן מיר שוין אשערס בילדער אין די סאַלאָנען פון דער וואַרשעווער זאַכענטאַ. דאָס זענען געווען אַרבעטן, וועלכע מען קאָן

פֿאַררעכענען צו אָרנאַמענטיק פֿון דער וווינונגס־אַרכיטעקטור. עס האָט זיך דאָרט געפֿונען אַ וויטראַזש און 3 סקיצן פֿון וווינונגען. אורטיילנדיק אויפֿן סמך פֿון די דאָזיקע אַרבעטן, קאָן מען זאָגן, אַז דער קינסטלער האָט זיך אינטערעסירט אין דער ערשטער ריי מיטן פּראָבלעם פֿון רוים פֿונעם פּראַקטיש־עקאָנאָמישן און עסטעטישן אַספּעקט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַווייזן זיך אַלץ אָפֿטער אַשערס בילדער אויף פֿאַרשידענע אויסשטעלונגען.

ער האָט אויך אויסגעשטעלט אין פֿראַנקרייך, וווּ ער האָט זיך סטאַביל באַזעצט, ווי אויך אין וואַרשעווער „איפּס“. זיינע אַרבעטן זענען אָפֿט אויסגעטיילט געוואָרן אין די רעצענזיעס, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין דער „וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקיע“ און אין אַנדערע צייטשריפֿטן. אַזוי האָט דער מאָלער אַדאַם מורין, שרייבנדיק אינעם „פּשעגלאָנד אַרטיסטיטשני“ וועגן דער אויסשטעלונג פֿון פּוילישע מאָלער אין פּאַריז באַצייכנט זיינע איינדרוקן וועגן אַשערס אַרבעטן: „אַשער האָט אויסגעשטעלט צוויי קליינע פּייזאַזשן, וואָס זענען קאַרג אין אויסדרוק־מיטלען, אָבער זייער שטאַרק אין זייער עקספּרעסיע“.

אין פֿראַנקרייך קערט זיך דער קינסטלער כמעט אינגאַנצן אָפּ פֿון דער אַרכיטעקטור און ווידמעט זיך מערסטנטייל דער מאָלעריי. אָבער די קאָמפּאָזיציאָנעלע באַאַרבעטונג פֿון זיינע בילדער האָט עדות געזאָגט דערויף, אַז זיי האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַרכיטעקטאָנישע יסודות. אין אַשערס מאָלערישע אַרבעטן האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין אַ געוויסער סטיליזאַציע פֿון דער פֿאָרם. אַשער האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע פֿון אינטעלעקטועלע קינסטלער. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ גרויסן געשמאַק און ראַפֿינירטקייט אינעם באַהאַנדלען די טעמע, זיינע בילדער זענען פֿריי געווען פֿון וועלכע ס'איז איבעריקע אַקצעסאָריען. יעדער צי מיטן פּענדזל איז געווען אויסגערעכנט. די אידעע פֿון יעדער אַרבעט זיינער איז געווען דיסקרעט באַהאַלטן און בלויז נאָך אַ לענגערער אָבסערוואַציע איז מעגלעך געווען צו אַנטדעקן די אייגנטימלעכע שטריכן, וואָס זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן דאָזיקן קינסטלער.

יעזשי אַשער איז אומגעקומען אין יאָר 1943 אין דרום־פֿראַנקרייך.

# אברהם אָסטזשעגא



אברהם אַסטזשעגאַ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1889 אין אָקיניעוו, ראַדזימינער קרייז. ווי באַקאַנט, איז ביי רעליגיעזע יידן פאַרבאָטן געווען צו פאַרנעמען זיך מיט מאָלן בילדער אַדער מיט סקולפּטור־ארבעטן. דעריבער האָט אַ יידישער קינסטלער, וואָס האָט געשטאַמט פון רעליגיעזע קרייזן, געמוזט בייקומען פיל שוועריקייטן. אַזוי איז טאַקע געווען מיט אַברהם אַסטזשעגאַן.

דער דאָזיקער פעיקער סקולפּטאָר האָט זיך פאַרנומען, הויפּטזעכלעך, מיט אויסהאַקן מצבות. גישט לייכט איז געווען דער וועג, וועלכן דער דאָזיקער יידישער בחור האָט געמוזט דורכמאכן, כדי צו ווערן א באקאנטער סקולפּטאָר. אַ סך האָט דער יונגער אברהם צו פאַרדאַנקען העניריק קונאַן, וועלכער האָט גוט געדענקט די שוועריקייטן, וואָס ער אַליין האָט געמוזט בייקומען. וועלנדיק אים אַרויסהעלפן, האָט ער אים דערלויבט צו געניסן פון זיין אַטעליע. אַזוי אַרום איז אָסטזשעגא, האָבנדיק די מעגלעכקייט צו אַרבעטן און צו געניסן פון די אָנווייזונגען פון דעם באַרימטן שוין דעמלט קונאַן, געוואָרן מיט דער צייט אַ גוטער מאָדעלירער. די ליבע צו מצבה־מאָדעלירונג האָט ער, ווייזט אויס, געירשנט נאָך זיין פאָטער, וועלכער זאָל האָבן געווען א מצבה־קריצער.

אברהם אָסטזשעגאָ האָט אין זיין שאַפונג פּאַראייניקט אי די אייג=
פּאַלערישקייט פון אַ קינסטלער, אי די געשיקטקייט פון אַ באַלמעלאָכע
אַ שטיינהאַקער. ער האָט געשאַפן אַ סך שיינע, אינטערעסאַנטע מצבות,
אָפט זייער מאָדערניסטיש אויסגעפירטע. הגם ער איז מיט דער צייט גע=
וואָרן אַן אָנגענומענער און דערפאַרענער מייסטער אין זיין פאַך, האָט ער
דאָך נישט איינמאָל זיך געמוזט קריגן מיט זיינע קליענטן, וועלכע האָבן
אים געוואָלט אָנוואַרפן זייער געשמאַק. די קליענטן זיינע, דאָס זענען
מייסטנס געווען רייכע יידן, וואָס האָבן געוואָלט, אַז די מצבה זאָל אויך
אויסדריקן די פאַרמעגלעכקייט פון דער משפּחה. נישט קוקנדיק דערויף,
האָט אָסטזשעגאָ געשאַפן אַ סך ווערטפולע מצבות=דענקמעלער מיט
אַ ספּעציפישער יידישער אָרנאַמענטיק. דער קינסטלער האָט אָפט זיך
באַנוצט מיט סימבאָלישע מוסטערן ווי מלאכים, פייגל, לייבן, הירשן
אדגל. איינע פון די ערנסטע ווערק אָסטזשעגאָס אויף דעם געביט איז דער
מצבה=מאַוזאָלעום פאַר די דריי יידישע שרייבער: פּרץ, אַנסקי און דינעזאָן
וואָס געפינט זיך אויפן יידישן בית=עולם אין וואַרשע. די מצבה איז געשאַפן
אין סטיל פון אַ קלאַסישער געביידע. עס באַפּוצן זי אַ סך סקולפּטור=אָרנאַ=
מענטן. ביי ביידע זייטן פונעם איינגאַנג געפינען זיך באַפליגלטע לייבן.

אָסטזשעגאָ האָט געשאַפן מצבות פאַר די רייכע, יידישע אַסימילירטע
קרייזן, ווי די משפּחה פוקס, דעם אייגנטימער פון בראָווארן הוראַצי
העלער, אַ מצבה פאַר העלענאַ אַרצישעווסקאַ, אַ מצבה פאַר יוליאַן
האָפּפּענשטאַנגען און פיל אַנד. ער האָט אויך געמאַכט מצבות פאַר די
רייכע לאָדזשער פאַבריקאַנטן, די יעגערס און אויך פאַר סטאַניסלאַוו הער=
מאַן. אָסטזשעגאָס נאָמען אַלס פעיקער ספּעציאַליסט אויפן געביט פון
סקולפּטור און שטיינהאַקעריי איז אויך באַקאַנט געוואָרן אין די פוילישע
קרייזן. ער האָט צ. ב. באַקומען אַ באַשטעלונג אויסצוקריצן אַן אָנדענקונגס=
טאָוול פאַרן דערמאָרדעטן ערשטן פּרעזידענט פון פוילן גאַבריעל נאַרוטאָ=
וויטש. דער דאָזיקער טאָוול מיטן אויסגעהאַקטן באַרעליעף פון נאַרוטאָ=
וויטשן איז שפּעטער איינגעמויערט געוואָרן אין די ווענט פון „הויז פון
טעכניקער" אויפן נאָמען פון פּרעזידענט.

חוץ דעם אויספירן מצבות, האָט אָסטזשעגאָ אויך נישט פאַרנאַכלע=
סיקט אַנדערע געביטן פון סקולפּטור. ער האָט געשאַפן אַ סך ביוסטן און
קאָמפּאָזיציעס. זיי האָבן זיך באַוויזן אויף אַ גאַנצע ריי אויסשטעלונגען אין
וואַרשע און אין לאָדזש, הויפּטזעכלעך אין צוזאַמענהאַנג מיט יידישע
קינסטלערישע אימפּרעזן. ער האָט אויך אויסגעשטעלט אין דער וואַרשע=

וועך זאַכענטאַ, ווו ער איז אין יאָר 1917 אויסגעצייכנט געוואָרן פאַר זיין סקולפּטור „די יונגע מוטער“. אינעם זעלבן יאָר האָט ער אויך אויסגעשטעלט אין דער זאכענטאַ אַ ביוסט פון ה׳ ר. אין בראָנז. אין יאָר 1919 האָט ער אויסגעשטעלט זיינע ארבעטן „דאָס יינגל“ און „דאָס מיידל“. אין יאָר 1921 שיקט אָסטזשעגאָ איבער אַ גאַנצע ריי פון זיינע אַרבעטן אויף די אויסשטעלונגען אין לאָדזש און ווארשע. אין לאָדזש שטעלט ער אויס: „צו דער תפילה“, „יפתח“, „איבער דער גמרא“. אויף דער אויסשטעלונג פון דער ווארשעווער קהלה, שטעלט ער אויס, חוץ די דערמאנטע אַרבעטן, אויך אנדערע, ווי: „די שטיפערקע“, „דער גביא“, „דער פּאָרטרעט פון ע. פ.“, „איבערן ספר“, „אַ קאָפּ פון אַ זקן“, „באטראכטקייט“ און אַנד.

אין יאָר 1923 ווערט אָסטזשעגאָס סקולפּטור „די מוטערשאַפט“ אויסגעצייכנט דורך דער זאַכענטאַ. אין יאָר 1924 אָרדנט אָסטזשעגאָ איין אַ גרויסע געזאַמלטע אויסשטעלונג פון זיינע סקולפּטורן אין לאָקאַל פון דער ווארשעווער יידישער געזעלשאפט צו פארשפּרייטן קונסט. דאָס יידישע וואָכנבלאט, „די אילוסטרירטע וואָך“, האָט אין 24־טן נומער אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן אָסטזשעגאָס שאַפונג, ברענגענדיק דאָס בילד פון קינסטלער און אייניקע רעפּראָדוקציעס פון זיינע ארבעטן.

צו די ערנסטע אַרבעטן אָסטזשעגאָס דאַרף מען פאַררעכענען דעם ביוסט פון דעם גרויסן יידישן מאַטעמאטיקער און געלערנטן אברהם שטערן, דעם ערשטן יידישן מיטגליד פון דער געזעלשאפט פריינד פון דער וויסנשאפט (די דאָזיקע סקולפּטור האָט אוועקגעשאָנקען דער ריכטער שפּינאק דעם בערסאָן־מוזיי). ווייטער: דעם ביוסט פון משה מיימון, „דער נביא ירמיהו“ און די באַרעליעפן מיטן בילד פון ד״ר לודוויק זאמענהאָף (דעם שעפער פון עספּעראנטאָ), דעם ד״ר סאמועל גאָלדפלאם, עליזע אָזשעזשקאָווא. די דערמאנטע סקולפּטור־ארבעטן האָבן זיך געפונען אינעם בערסאָן־מוזיי.

אברהם אָסטזשעגאָ איז זייער פּאָפּולער געווען אין די וואַרשעווער יידישע קרייזן. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער וואַרשעווער זאַכענטאַ, וואָס דאָס איז צו באוואונדערן, ווייל די ליטונג פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע איז געוואָרן אַלץ מער רעאַקציאָנער און ממילא אויך אַנטיסעמיטיש. נישט קוקנדיק דערויף, ווי מיר האָבן דאָס שוין דערמאָנט, זענען אָסטזשעגאָס אַרבעטן נישט נאָר צוגעלאָזט געוואָרן אויף די אויסשטעלונגען אין

דער זאכענטאַ, נאָר זענען אויך אויסגעצייכנט געוואָרן. זיינע סקולפּטורן האָבן זיך דערוואָרבן אָנערקענונג.

אַברהם אָסטזשעגאָ איז געווען פון קליינעם וווקס און קוקנדיק אויף זיין אויסגעצערטקייט איז שווער געווען צו גלייבן, אַז ער פאַרנעמט זיך מיט אַן ארבעט, וואָס פאָדערט אַ סך פיזישע כוחות. דעם מאַנגל אין זיי האָט ער רעקאָמפּענסירט מיט גרויסער ארבעטסזאמקייט, געדולדיקייט און הויפּטזעכלעך מיטן כוח פון זיין גייסט.

בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאציע האָט דער פּופּציקיעריקער אָסטזשעגאָ דורכגעמאַכט אַלע גרוילן פון וואַרשעווער געטאָ. ווען די לאַגע איז געוואָרן באזונדערס געפערלעך, ווען עס איז אָנגעקומען די כוואליע פון „אויסזידלונגען“ אין די טויט־לאגערן, האָט אַ גרופּע קינסטלער געגרינדעט א קינסטלער־קאָאָפּעראטיוו, וואָס האָט פּראָדוצירט שלייפשטיינער און א פּראָשעק צו רייניקן מעטאַל, וויל אלס „באשעפטיקטע“ האָבן זיי געגלייבט צו האָבן מער שאַנסן איבערצוהאלטן. אלס רוי־מאַטעריאַל צו דער דאָזיקער פּראָדוקציע האָבן זיי באנוצט די שטיינער־בלאָקן, וואָס אָסטזשעגאָ האָט געהאַט אָנגעזאַמלט אויפן הויף פון זיין וואַרשטאַט. דער אומגליקלעכער איינפאַל מיט דעם דאָזיקן „קאָאָפּעראטיוו“ האָט צוגעאיילט דאָס אַרויספירן די קינסטלער. גלייבנדיק אין דעם כוח פון די ארבעטסציינגענישן, וואָס דער דייטשער אונטערנעמער האָט זיי ארויסגעגעבן, האָבן זיי זיך נישט אויסבאהאלטן און אלע צוזאמען אָנגעטאָן אין די ארבעטספאַרטעכער זענען זיי ארויסגעטריבן געוואָרן צו די וואַגאָנען און ארויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקי. דאָס איז געווען אין אויגוסט 1942.

# חיים אוריסאָן



חיים בנימין אוריסאָן איז געבוירן געוואָרן דעם 28 נאָוועמבער 1905 יאָר אין סלאָנים. ווען ער איז אלט געווען 3 יאָר, האָט זיך זיין פאמיליע איבערגעטראָגן קיין לאָדזש. פיי די יינגסטע יאָרן אָן האָט חיים געהאָט א נייגונג צו צייכענען און צו מוזיק. זיין לערער פון צייכענען איז וואַרשייגלעד געווען מאַוריצי טרעמבאטש.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, האָט די פאַמיליע אוריסאָן זיך אריבערגעטראָגן קיין מאָסקווע, ווו חיים האָט באַזוכט אַ רוסישע גימנאזיע. דאָס ייִנגל האָט זיך אנטציקט מיט דער שיינקייט פון דער דאָזיקער הערלעכער שטאָט, מיט איר פארביקן לעבן, ארכיטעקטור. די געשעענישן פון דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וועלכע ער האָט געזען מיט די אייגענע אויגן, האָבן אים מיטגעריסן. צוזאמען מיט עטלעכע חברים פלעגט ער זיך אַרויסכאַפּן פון שטוב און אָנטיילנעמען כמעט אין אַלע דעמאָנסטראציעס פון די מאָסקווער אַרבעטער. גלייכצייטיק צייכנט ער מיט אנטציקונג די דעמאָנסטראציע־צוגן.

די מאָסקווער איבערלעבונגען זענען געבליבן ביי אים פריש ביזן סוף

לעבן. חיים האָט מיטן גאַנצן האַרץ ליב באַקומען די דאָזיקע פּרעכטיקע שטאָט, דעריבער האָט ער מיט ווייטיק אויפגענומען דעם באַשלוס פון די עלטערן צוריקצוקערן זיך קיין לאָדזש. אין לאָדזש באַזוכט אוריסאָן אַ יידישע גימנאַזיע. ער ווייזט אַרויס גרויסע שפּראַך-פעיקייטן, אָבער צום שטאַרקסטן ציט אים צו מאָלעריי. זיינע מאָדעלן זענען חברים און אַפילו לערער. ער נעמט זיך גערן אונטער צו מאַכן די דעקאָראַציעס צו אַלע שול-פייערלעכקייטן און ווייזט אַרויס אין דער דאָזיקער ריכטונג אַ סך איינפאַלערישקייט. ער אָרגאַניזירט אויך אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס איז אויפגעטראָטן אין דער יידישער שפּראַך.

אין יאָר 1926 פאַרט חיים אוריסאַן אַרויס שטודירן קיין פּאַריז, ווו ער בלייבט ביזן יאָר 1931. ער לעבט דאָרט אין שלעכטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, וועלכע דערפירן אים צום סוף צו אַן ערנסטער קראַנקהייט. פאַרן צוריקקער קיין פּוילן, האָט ער איינגעאָרדנט אין פּאַריז אַן אויסשטעלונג פון זיינע בילדער, וועלכע איז אויפגענומען געוואָרן זייער פּאָזיטיוו.

חיים אוריסאָן איז געווען אַ קינסטלער פון שטאַרקער עמפּינדלעכקייט. זיינע אַרבעטן זענען אין דער מערהייט ווי עדות פון שווערן מענטשלעכן גורל און פון סאָציאַלע קאַמפן. זיינע בילדער ווייזן די טרויעריקע לעבנס-באַדינגונגען, אין וועלכע עס וועגעטירן מאסן מענטשן. פאַרן צושויערס אויגן גייען פאַרביי טיפּן פון גוטע, נאַיווע מענטשן, וואָס קענען קוים לייענען און שרייבן. מיר זעען אויף זיינע בילדער קליינע הילצערנע הייזלעך מיט מיניאַטור-קרעמלעך. ער מאָלט מענטשן, וואָס זענען דערשלאָגן פון זייערע דאגות, קינדער, וואָס זעען אויס ווי זקנים. דער קינסטלער ווענדט זיך גערן צו יידישע מאָטיוון, ווייזנדיק הערלעכע טיפּן פון דער פּעריפעריע פון דער שטאָט און פון דער פּעריפעריע פון לעבן. אוריסאָן טראָגט אַריין אין זיין יעדן בילד עפּעס אַ ווייכע גוטסקייט, פּאָעזיע און ליבע. די נייגונג צו מעשהלעך און די ליבע צום מענטש ווירקן, אַז אַלץ, וואָס ער שאַפט, איז טיף רירנדיק.

טייל בילדער פון אוריסאָנס דערמאָנען אין זייערע מאָטיוון די ווערק פון וואַן גאָג, אין וועלכע דער גרויסער קינסטלער האָט געמאָלט די אָרעמקייט אין ענגע שטיבלעך, ווו אויסער א טיש מיט אַ הינקענדיק בעט, וואָס איז פאַרבעט מיט געשטרייפט בעטגעוואַנט, איז גאָרנישט נישטאָ. אויך ביי אוריסאָנען זעען מיר ענלעכע בילדער: א פּוסט, ענג שטיבל, אַ קליין פאַרזשאַווערט אייוועלע מיט אַ לאַנגער, אויסגעבויגענער רער. ער ברענגט אַרויס מייסטערהאַפט די גאַנצע טראַגישקייט פון דער נויט, אין וועלכער

ס'לעבן די אַפּוועזנדיקע אין געגעבענעם מאָמענט אייגנווינער פון דער דאָזיקער דירה.

אוריסאָן האָט געמאָלט זיינע בילדער זייער אינטערעסאַנט, באַנוצנדיק ספּעציעלע פאַרבן, וואָס האָבן געהעריק אונטערגעשטראָכן דעם אינהאַלט פון געגעבענעם מאָטיוו. מען דאַרף ווייסן, אַז די פאַרבן האָט ער אַליין צונויפגעשטעלט, פּונקט ווי עס האָבן דאָס אַמאָל געטאָן די מאָלער-קלאַסיקער.

עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה איז אוריסאָן שווער קראַנק געוואָרן, פאַרלירנדיק כמעט אינגאַנצן די ראיה. ער האָט אין יענער צייט דערקענט מענטשן בלויז לויטן קלאַנג פון דער שטימע. נאָכן געזונט ווערן איז געקומען אַן ענדערונג אין די פאַרבן-טענער פון אוריסאָנס בילדער, עס שטייגט זייער סובטעלקייט.

אין יאָר 1938 האָט אוריסאָן איינגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פון זיינע בילדער אין ווילנע און אין טשענסטאָכאָוו. אין וואַרשע זענען געוויזן געוואָרן עטלעכע זיינע בילדער אויף דער יוביליי-אויסשטעלונג פון די ייִדישע קינסטלער-פּלאַסטיקער אין פרילינג 1939. וועגן דער ווילנער אויסשטעלונג האָבן געשריבן דער באַקאַנטער עסייאיסט און קונסט-קריטיקער נפתלי ווייניג און דער פּעליעטאָניסט בן-ציון קיט (ביידע זענען אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע) און אין די „ליטעראַרישע בלעטער“ פון 27 מאַי 1938 — דער אויטאָר פון דאָזיקן אַרטיקל.

אין יאָר 1939 האָט אוריסאָן געמאָלט פּייזאַזשן פון מערב-אוקראַינע, פון דער געגנט אַרום טאַרנאָפּאָל. 14 טעג פאַרן מלחמה-אויסברוך, האָט זיך דער קינסטלער צוריקגעקערט קיין טשענסטאָכאָוו, וווּ ער האָט געוווינט אין לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה. נאָכן אָנפאַל פון היטלער-דייטשלאַנד אויף פּוילן איז אים צוזאַמען מיט דער פרוי געלונגען צו אַנטלויפן אויף מזרח. זיי האָבן זיך באַזעצט אין באָלעכאָוו. דאָ האָט ער אויסער מיט מאָלעריי זיך אויך באַשעפטיקט מיט פּעדאַגאָגישער אַרבעט. אין פרילינג 1941 י. איז אוריסאָן געקומען קיין ביאַליסטאָק באַזוכן זיין שווער קראַנקע מוטער. דאָרט האָט אים געטראָפן די מלחמה. עס איז אים ניט געלונגען צו עוואַקואירן זיך אין הינטערלאַנד.

אין ביאַליסטאָק איז אוריסאָן מיט אַלע ייִדן פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געטאָ. פּונקט ווי א סך אַנדערע מאָלער איז ער געצוווּנגען געווען צו אַרבעטן אין דער אַטעליע פון אַסקאַר סטעפענס, קאָפּירנדיק אויפן באַפעל פון דאָזיקן דייטש די בילדער פון די קלאַסיקער פון דער וועלט-קונסט. די

קאַפּיטעם פּלעגט סטעפּענס אַרויסשיקן קיין דייטשלאַנד, ווו ער האָט זיי פאַרקויפט פאַר גוטע פּרייזן.

געפינענדיק זיך אין ביאַליסטאָקער געטאָ, האָט אוריסאָן זיך פאַר־אינטערעסירט מיטן יונגן, פּילצוואָגנדיקן קינסטלער יצחק צעלניקער, קאָרע־גירט זיינע אַרבעטן.

חיים אוריסאָן איז אומגעקומען בעת דער צווייטער „אַקציע", וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן אין ביאַליסטאָקער געטאָ אין יאָר 1943.

# הענעך באַרטשינסקי



הענעך באַרטשינסקי איז געבוירן געוואָרן דעם 15־טן דעצעמבער 1896 אין לאָדזש. ער האָט געשטאַמט פון אַן אָרעמער קליינבירגערלעכער ייִדישער היים. אין אָנהייב האָט ער זיך געלערנט אין דער פּריוואַטער צייכן־שול פון קאַנצענבאָגען אין לאָדזש. דאָרט האָבן אויך געשטעלט די ערשטע טריט: אַרטור שיק, בראַונער און שמואל פינקעלשטיין. שפּעטער האָט זיך באַרטשינסקי אַ געוויסע צייט געלערנט אין וואַרשע. אין יאָר 1919 איז באַרטשינסקי אָנגעקומען קיין דרעזדן און געוואָרן אָנגענומען אין דער דאָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע.

אויפן דריטן יאָר פון זיינע שטודיעס האָט ער באַקומען דעם מייסטער־טיטל ביים באַרימטן מאָלער, דעם פּראָפעסאָר סטערל. שוין אינעם פריסטן עלטער האָט הענעך באַרטשינסקי געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט אַלס אַן אויסערגעוויינלעך דינאַמישער טאַלאַנט. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט באַרטשינסקי, זייענדיק נאָך דעמאָלט אין לאָדזש, געהערט צו דער ליטעראַריש־קינסטלערישער גרופּע „יונג ייִדיש“, וועמענס מיט־גלידער עס זענען אויך געווען: יאַנקל אַדלער, מאַרק שוואַרץ, יצחק בראַו־נער, מ. בראָדערזאָן און אַנד.

די גרופּע האָט אויך אַרויסגעגעבן אַן אייגענע צייטשריפֿט, וואָס איז געדרוקט געווען אויף דיק פּאַק־פּאַפּיר.

מיט באַרטשינסקין האָב איך זיך באַקענט אין יאָר 1920 אין דרעזדן. הענעך באַרטשינסקי איז צווישן די יונגע קינסטלער געווען אַ גרויסער ענטוזיאַסט און דאָס, וואָס ער פֿלעגט שאַפֿן, האָט פֿולשטענדיק אַנטשפּראָכן דעם פּאַטאָס פֿון זיין קינסטלערישן גלויבן. ס'איז ווערט אויך צוצוגעבן, אַז אין דער דרעזדענער אַקאַדעמיע, וועלכע האָט זיך געפֿונען אויף דער באַרימטער ברילישער־טעראַסע, איז בעת אונדזערע שפּאַצירן איבערן צווינגער אָדער איבער די גאַסן פֿונעם אַלטערטימלעכן דרעזדן — האָט ער מיט מיר כמעט שטענדיק געשמועסט אין אַ געשמאַקן, זאַפֿטיקן ייִדיש. זייענדיק אין דרעזדן, האָט באַרטשינסקי זיך געפֿילט ווי אין דער לאָדזשער סביבה. ווען באַרטשינסקי פֿלעגט רעדן, האָט זיך געדאַכט, אַז ער שאַפֿט מיט די ווערטער בילדער. דעריבער האָבן זיינע אויספֿירן געמאַכט אַ באַזונדערן איינדרוק אויף זיינע מיטשמועסער, אויסאיבנדיק כמעט ווי אַן אַפּטישע ווירקונג. באַרטשינסקי איז געווען אַזוי עמפּינדלעך, אַז ווען ער פֿלעגט מיט עמעצן רעדן, האָט זיין פּנים און אַפֿילו זיין גאַנצער קערפּער אָן אויפֿהער וויברירט. זיין געזיכט איז געוואָרן איינגעשרומפּן, די אויגן — צונויפֿגעדריקט. ווען ער פֿלעגט זיין אויפֿגערעגט, פֿלעגט ער אַרויסציִען פֿון טאַש אַ גרויסן, רויטן טוך אין אַ טערקישן מוסטער. די דאָזיקע באַוועגונג זיינע איז געווען ווי אַ צייכן, אַז ער האָט שוין נישט מער וואָס צוצוגעבן צו זיינע רייד.

באַרטשינסקי איז געווען אַן אומדערמידלעכער שעפֿער און איך קען כמעט נישט נאָך איינעם אַזאַ קינסטלער, וועלכער זאָל אימשטאַנד זיין פֿון איין און דעם זעלבן מאָדעל צו שאַפֿן אַזוי פֿיל בילדער און צענדליקער צייכן־סקיצן. ער פֿלעגט דעריבער פֿאַרמאַטערן ביז גאָר אי זיך, אי דעם מאָדעל. בעת דער אַרבעט פֿלעגט ער זיך אינגאַנצן נישט רעכענען מיט דער צייט פֿון עסן אָדער אָפּרו, אויף וואָס ער פֿלעגט זיך דערלויבן נאָר נאָכן פֿאַרענדיקן די אַרבעט. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז זיינע מאָדעלן פֿלעגט ער אויסקלייבן הויפּטזעכלעך פֿון די אָרעמע שיכטן. ער פֿלעגט זיך באַמיען וואָס טיפֿער צו באַקענען זיך מיט יעדן פֿון די דאָזיקע מענטשן, ער פֿלעגט אַפֿילו זאָרגן פֿאַר זיי, פֿלעגט זיך באַמיען, אַז די אַקאַדעמיע זאָל די דאָזיקע מענטשן העכערן דעם אָפּצאָל פֿאַר די שעה פֿון פּאָזירן. וועגן יעדן נייעם מאָדעל האָט ער געקאָנט דערציילן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן. יעדער מאָדעל איז געווען פֿאַר אים אַן אמתע איבערלעבונג.

בּאַרטשינסקי האָט אויך נישט פֿאַרנאַכלעסיקט די קאָמפּאָזיציע. ער פֿלעגט זיי שאַפֿן הויפּטזעכלעך אויף מאָטיוון פֿונעם לעבן פֿון די פּוילישע ייִדן. ער האָט, צ. ב., געשאַפֿן צוויי וואַריאַנטן פֿון אַ וואַסערטרעגער, אַ ייִד אַ לערנער, אַ ייִד מיט אַ ספֿר און ענלעכע מאָטיוון.

הענעך בּאַרטשינסקי איז פֿון דער נאַטור זייער געווען אַ ראָמאַנטיקער, און הגם ער איז געצוווּנגען געווען צו לעבן אַנדערש ווי ער האָט געחלומט, פֿלעגט ער דאָך קאָנען אַרויספֿילן די פּסיכיק פֿון די באַוווּסטע מענטשן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, און פֿלעגט גלענצנדיק אויסדריקן זייערע איבערלעבונגען דורך זייערע פֿיזיאָנאָמיעס. בּאַרטשינסקי האָט פֿיינט געהאַט די קליינבירגערלעכע סבֿיבֿה און פֿלעגט סאַרקאַסטיש אויסלאַכן די קינסטלער, בײַ וועלכע ער פֿלעגט באַמערקן אַ ווילן צו מאַכן אַ קאַריערע אין די אַזוי גערופֿענע העכערע ספֿערן.

הגם בּאַרטשינסקי האָט זיך זייער דעליקאַט באַצויגן צו זײַנע חבֿרים, פֿלעגט ער נישט איינמאָל, ווען עמעצער פֿון זיי איז צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל אַרויסזאָגן זײַן מיינונג וועגן זייערע אַרבעטן, געבן אַזאַ אויפֿריכטיקע אָפּשאַצונג, אַז ער האָט אָפֿט ווייטיקלעך געטראָפֿן דעם קריטיקירטן. דערפֿאַר האָבן אים טאַקע די חבֿרים זײַנע פֿון דרעזדען שטאַרק געשעצט. קיינער האָט, צום בײַשפּיל, ביז אַהער נישט געוואַגט אַרויסצוזאָגן זײַן מיינונג וועגן די אַרבעטן פֿונעם סקולפּטור קרישטאָף פֿאָל, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ פּראָפֿעסאָר פֿון דער קאַרלסרוער אַקאַדעמיע. פֿאָל איז באַקאַנט געווען מיט זײַן היציקער נאַטור, אָבער דער זעלבער פֿאָל פֿלעגט רויִק אויסהערן בּאַרטשינסקיס מיינונגען וועגן זײַנע אַרבעטן. אויך אין פֿאַלס אַנוועזנהייט פֿלעגט בּאַרטשינסקי נישט איינמאָל אַרויסנעמען זײַן ריזיק רויט נאָזטיכל. שוין אין דרעזדען זענען געווען אַ סך פֿאַרערער פֿון זײַן קונסט און ס'איז אינטערעסאַנט, אַז דאָס זענען געווען כּמעט אויסשליסלעך דײַטשן. נישט אַלעמען אָבער פֿלעגט בּאַרטשינסקי אָפּגעבן זײַנע בילדער. ער פֿלעגט זיך אָפֿט מאַכן נישט־הערנדיק, ווען ער האָט אָנגעטראָפֿן אויף אַ בעלן, וועמען ער האָט נישט געאַכטעט. ווען, דאַקעגן, ער האָט באַמערקט, אַז עמעץ האָט אים ריכטיק פֿאַרשטאַנען, איז ער אימשטאַנד געווען אַ בילד אַוועקצושענקען. ס'זענען געווען אַפֿילו פֿאַלן, אַז ער האָט צו אַזאַ פֿאַרערער פֿון זײַן טאַלאַנט אַליין אַוועקגעטראָגן דאָס בילד אין שטוב אַרײַן. בּאַרטשינסקי האָט תּמיד זיך אַרויסגעזאָגט מיט גרויס אַכטונג און געפֿיל וועגן נאָמבערגן, פֿרישמאַנען, קאַצענעלסאָנען, מיט וועלכע ער איז געווען האַרציק באַפֿרײַנדעט.

צום ערשטן מאָל האָב איך זיך געטראָפן מיט באַרטשינסקין אינעם הויף פון אַ קליין הויז, וואָס איז געשטאַנען ביי אַ סקווער אויף דעם אַזוי גערופענעם פּילניצער פּלאַץ אין דרעזדען. דאָס איז געווען האַרט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת די פּעטליורע־פּאָגראָמען אין אוקראַינע. אויף דעם דאָזיקן הויף האָבן זיך אויפגעהאַלטן עטלעכע צענדליק יתומים נאָך די קרבנות פון די פּאָגראָמען. באַרטשינסקי האָט שעהנלאַנג פאַרבראַכט מיט די אומגליקלעכע קינדער, האָט באַזונדערע פון זיי סקיצירט, געבראַכט זיי מתנות, איז גערירט געווען ביז טרערן.

אין יאָר 1920, בעתן באַרימטן קאַפּ־פּוטש, דעם פּאָרגייער פון היטלערן, האָט באַרטשינסקי געהאַלטן זיין אַטעליע אין דער נאָענט פונעם דרעזדענער צווינגער, פונוואַנען ער האָט געקאָנט אָבסערווירן דעם גאַנצן פאַרלויף פון די קאַמפן, וועלכע זענען אָנגעגאַנגען פאַר באַהערשן די פּאָסט און דעם טעלעגראַף. אין דעם זעלבן טאָג האָב איך אין זיין אַטעליע געטראָפן פאַרוואַנדעלטע אין די גאַסן־קאַמפן און צווישן זיי אויך אַלטע באַקאַנטע זיינע, וועלכע האָבן אים אַמאָל פּאָזירט צו פאַרשידענע בילדער.

ביים פאַרענדיקן די דרעזדנער קונסט־אַקאַדעמיע אין יאָר 1924, האָט באַרטשינסקי דערגרייכט זיין ערשטן ערנסטן דערפאָלג. אין יענעם יאָר האָט דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ אין פּאַריז אָרגאַניזירט אַ קאָנקורס אויף אַ פּלאַקאַט. אין דעם דאָזיקן קאָנקורס האָבן אָנטיילגענומען מאָלער און גראַפיקער פון פאַרשידענע אייראָפּעישע לענדער און אפילו פון יענער זייט אָקעאַן.

פון צווישן די צוגעשיקטע העכער 300 אַרבעטן האָט דעם ערשטן פּריז באַקומען דער פּלאַקאַט פון באַרטשינסקי. דעמלט האָט די גאַנצע דייטשישע פּרעסע זיך צעזונגען אין לויבגעזאַנגען לכבוד דעם דאָזיקן „דייטשישן“ קינסטלער, וועלכער האָט דער ערשטער נאָך דער וועלט־מלחמה באַקומען אַזאַ הויכע אויסצייכענונג. אין יענער צייט איז באַרטשינסקי אַרויסגעפאָרן אין פאַרבינדונג מיט זיינע שטודיעס קיין פראַנקרייך און שפּאַניע. איך האָב דעמלט באַקומען פון אים אַ בריוו פון טאָלעדאָ, אין וועלכן ער האָט מיט אַנטציקונג באַשריבן די שיינקייט פון דער דאָרטיקער קירך על־טראַנסיטאַ, וואָס איז אַמאָל געווען אַ שול. עס דאַכט זיך מיר, אַז אין דעם דאָזיקן בריוו טאַקע האָט ער געמאַכט אַ סקיץ פון אַ פראַגמענט פון דער אינערלעכער אָרנאַמענטיק מיט העברעישע אויפשריפטן. פון זיינע רייזעס האָט באַרטשינסקי געבראַכט אַ סך אַקוואַרעלן און צייכענונגען. מיט גרויס ענטוזיאַזם האָט דער קינסטלער דערציילט וועגן דער שיינקייט פון שפּאַניע

און וועגן די פאַרשידענע איינדרוקן, וועלכע ער האָט דאָרט געהאַט, וועגן דעם, אַז אין אַ סך הייזער און גאַסן אין טאָלעדאָ און קאָרדאָווע לעבט נאָך דער גייסט פון דעם אַמאָליקן בליענדיקן יידישן ישוב.

באַרשטשינסקי האָט זיך נישט צוריקגעצויגן פון באַאַרבעטן די סאַמע שווערסטע און סאַמע קאָמפּליצירטסטע מאָטיוון, עס האָבן נישט עקזיס־טירט פאַר אים קיין שטערונגען, וועלכע מען קאָן נישט בייקומען, קיין שום טעמע, וועלכע ער זאָל נישט אימשטאַנד זיין צו געבן אַ קינסטלערישע פאָרם. ער איז אויך געווען אַ גרויסער ערודיט און קענער פון דער איטאַ-ליענישער מאָלעריי, פון וועלכער ער האָט צוממערסטן פאַרערט טינטאָ־רעטאָן, באָטיטשעללען. פון די שפּאַנישע מייסטער האָט ער זיך אַנטציקט מיט על גרעקאָ און גאָיאַ.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז באַרשטשינסקי האָט אויסגעשטעלט זיינע אַר־בעטן נאָך אין לאָדזש, ווען ער איז אַלט געווען קוים 18 יאָר, נישט האָבנדיק הינטער זיך קיין שום מאָלער־שול. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט באַרשטשינסקי זיך באַקענט מיט דעם גרויסן יידישן סקולפּטאָר הענעך גלי־צענשטיין. אין יאָר 1917 שטעלט באַרשטשינסקי אויס אין די זאַלן פון דער וואַרשעווער „זאַכענטאַ“. זיינע בילדער זענען דעמלט אַדורך אַזאַ זשורי־צוזאַמענשטעל, ווי העגריק קוגאַ, סטאַניסלאַוו לענץ. די דאָזיקע אַרבעט, וואָס איז דעמלט אויסגעשטעלט געוואָרן, האָט געטראָגן דעם נאָמען „דער פאָרטרעט פון י. ס.“. אין יאָר 1921 האָט דער קינסטלער איבערגעשיקט פון דרעזדען פאַר דער אויסשטעלונג אין לאָדזש 4 זיינע אַרבעטן, צווישן זיי אויך אַן אויטאָפּאָרטרעט.

אין דעם זעלבן יאָר האָט באַרשטשינסקי אויסגעשטעלט אויך אין דער געביידע פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע. באַרשטשינסקי האָט דעמלט געמאָלט נישט נאָר בילדער אויף אַלעגאָרישער יידישער טעמאַטיק, נאָר אויך אויף קריסטלעכער. אַזוי אַרום האָט זיך אויף דער לאָדזשער אויס־שטעלונג באַוויזן זיין „הייליקער אַנטאָן“, אויף דער וואַרשעווער אויסשטע־לונג — זיין „מאַדאָננע“ און „דער קאָפּ פון הייליקן יאָן“. אויף דער זעל־בער אויסשטעלונג איז אויך געווען דער פּאָרטרעט פון פאָנעדן, פון קאַצע־נעלסאָנס זאַמלונגען, ווי אויך פּאָרטרעטן פון אַנדערע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געשטאַמט פון פּריוואַטע זאַמלונגען פון פאַרשידענע מענטשן.

די טעמאַטיק פון זיינע קאָמפּאָזיציאָנעלע בילדער איז הויפּטזעכלעך יידישער פאָלקלאָר. אַזעלכע זענען די בילדער: „די וואַסערטרעגער“, „אַ ייד

מיט אַ לולב", „דער תלמודיסט", „אין דער סוכה", „שמחת תורה" און אַנד.

פון די לאָדזשער מאָטיוון האָט באַרטשינסקי אויסגעשטעלט אַ קליין הייזל אויף דער דרעוונאָווסקער גאַס, ווו ער האָט געוווינט אין די קינדער־יאָרן. ער האָט אויך געמאָלט זיינע אַלטע עלטערן, יידן, וואָס איילן זיך פאַרטאָג צו שחרית און אַנדערע ענלעכע שטייגער־מאָטיוון.

די לעצטע 3 יאָר פאַר די היטלערס קומען צו דער מאַכט האָט באַרט־שינסקי געלעבט אין בערלין. ער איז באַליבט געווען אין די קינסטלערישע און ליטעראַרישע קרייזן, באַזונדערס האָט אים געשעצט די יידיש־דייטשישע דיכטערין עלזע לאַסקער־שילער. אין יענער צייט האָט אויך באַרטשינסקי מיטגעאַרבעט אַלס צייכענער ביים אַרויסגעבן קנאָוערס קליינעם קאָנווער־סאַציע־לעקסיקאָן.

אין יאָר 1934 קערט זיך באַרטשינסקי אום קיין פוילן. דאָ, אין וואַרשע, אָרדנט אים איין די יידישע געזעלשאַפט צו פלעגן קונסט אַ גרויסע אויס־שטעלונג. באַרטשינסקי האָט זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין לאָדזש און האָט גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אינעם קינסטלערישן לעבן פון דער שטאָט.

הענעך באַרטשינסקי האָט אָפט געמאָלט בילדער, וואָס זענען געווען ווי אַ פּאַטש אין פּנים די באַזיצנדיקע קלאַסן. אויפשווידערנדיק איז, צ. ב., דאָס בילד, וואָס שטעלט פאָר אַ בעטלער אָן פיס, וועמענס קערפּער איז אַריינגעזעצט אין אַ קליין וועגעלע. דאָס פּנים פון דעם דאָזיקן אומגליק־לעכן איז פול מיט ליידן, די אויגן זענען פאַרקוקט אין דער פוסטקייט. קוקנדיק אויף דעם בילד, פילט דער צושויער די גאַנצע האָפענונגסלאָ־זיקייט פון דעם דאָזיקן מענטשלעכן וועזן, וואָס איז אַרויסגעוואָרפן אויפן ראַנד. באַרטשינסקי האָט גלענצנדיק געקענט די ברוטאַלע אומברחמנות־דיקייט פון לעבן, וואָס איז באַהאַלטן אונטער דער מאַסקע פון רואיקייט, צופרידנקייט, גליק און שיינגייסטעריי. ער איז געווען אַ זעלטענער אָבסער־וואַטאָר און האָט געקאָנט, בישט געקוקט אויף די אַלע אָפּשטויסנדיקע חסרונות פון דער אַרומיקער וועלט, מאָלן פּרעכטיק, פּאָעטיש, אָפּעריז מיט וואַלאָרן פון אַ רייכער קאָלאָריסטיק און סובלימירן זי אין פּראַכט־פולע קונסט־ווערק. הענעך באַרטשינסקי איז געווען איינער פון די טעמ־פעראַמענטפולסטע מאָלער, וועלכער איז מיט לייב און לעבן געווען צוגעפּ־געבונדן מיט דער גרויער מאַסע פון פאַרפאָלגטע, באַעוולהטע מענטשן.

ווען די היטלעריסטישע באַנדעס האָבן זיך דערנענטערט צו לאָדזש,

האָט באַרטשינסקי געכאַפּט זײַנע פּענדזלען אין פאַרבן און איז אַוועק מיט דער כוונה אַדורכצוזײַסן זיך קײן טאָמאַשאָוו, וווּ ער האָט געהאַט פרײַנד. פון דעמלט אָן איז פאַרשוווּנדן יעדער שפּור נאָך אים. מעגלעך, אַז ער איז דערמאָרדעט געוואָרן אײדער ער האָט זיך דערקליבן צו זײַנע פרײַנד, בײַ וועלכע ער האָט געגלויבט צו געפינען שוץ.

אַ סך דײַטשישע קונסט־גאַלעריעס האָבן פאַר דער מלחמה באַזיצט די בילדער פון דעם דאָזיקן גלענצנדיקן מאָלער, אויך אַ סך אויסלענדישע קונסט־גאַלעריעס האָבן אײַנגעקויפט אַ גאַנצע רײ אַרבעטן זײַנע, אויך אין פוילן האָט באַרטשינסקי געהאַט אַ סך פאַרערער פון זײַן טאַלאַנט, צווישן אַנדערע האָבן פאַרמאָגט זײַנע בילדער די ייִדישע שרײַבער: יצחק קאַצענעלסאָן, דוד פרישמאַן און נאָמבערג. אין דעם IX באַנד פון נאָמבערגס ווערק געפינט זיך אַ פּאָרטרעט פון מחבר געצײכנט דורך באַרטשינסקין.

# טאַדעוש באָרנשטיין



טאַדעוש באָרנשטיין איז געבוירן געוואָרן אין מאָטאַשאָוו. אומגעקומען איז ער אינעם טויט־לאַגער טרעבלינקע אין יאָר 1942, אַלט זייענדיק קוים 23 יאָר.

וואָס קאָנען מיר זאָגן וועגן אַזאַ יונגן קינסטלער, וועמענס לעבן און טאַלאַנט איז אזוי פריצייטיק איינגעבראָכן געוואָרן? אונדז איז באַווסט, אז ער האָט געענדיקט די קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע און זיין מאָלעריי איז געווען אין צושטאנד פון פאנאנדערבליען, צוזאָגנדיק א סך. לאָמיר דערלייבן אַרויסצוזאָגן זיך וועגן אים אַ פערזאָן, וועלכער האָט גוט געקענט דעם יונגן קינסטלער און וועלכער שרייבט אין אַ בריוו צו מיר פאָלגנדיקס (פונעם בריוו פון באָגדאַנאַ מיידא־מינצאָווא * פון 5־טן דעצעמבער 1956): איך פאַרמאָג צוויי בילדער (שטיל־לעבנס) פון טאַדעאוש באָרנשטיין, אַ יונגן מאָלער, וועלכער האָט געוווינט אין וואַרשעווער געטאָ. נאָך זיין טויט איז מיר געלונגען אינעם הויז אויף שעננע 20 אָפצוראַטעווען איבער אַ צענדליק אַרבעטן זיינע פון דער אָקופּאַציע־צייט. דאָס זענען מייסטנס געווען שטיל־לעבנס. הייַנט מוזט איר מיר ליידער גלייבן אויף מיין סוביעקטיוו וואָרט, אַז זיי זענען געווען ווונדער-

---

* אַ שוישפּילערין פון פּוילישן טעאַטער אין לאָדזש.

באַר שיין, 2 אָדער 3 געטאָפּייזאַשן, איין בלייטשטיפט-סקיץ. די אַלע אַרבעטן, אויסער די צוויי, וועלכע זענען אין מיין באַזיץ, זענען פאַרברענט געוואָרן אין מיין הויז בעת דעם ווארשעווער אויפשטאַנד. דאָס דריטע אָפּגעראַטעוועטע בילד באַזיצט מיין משפחה אין טאָמאַשאָוו. שוין אַ סך יאָרן, ווי עס פייניקט מיך דאָס פּראָבלעם, וויאַזוי אָפּצוראַטעווען פון פאַרגעסן די דאָזיקע שיינע געשטאַלט פון אַ מענטשן און אַ שעפער, אַ זעלטן טאַלענטירטן מאָלער און פּאָעט, וועמענס טרוימען, זיין גאַנצע אויסערגעוויינלעכע עמפּינדלעכקייט, זיינע אַמביציעס און רייכע פאַנטאַזיע, מוזן זיך איצט לעגיטימירן מיט אייניקע רעשטלעך, לויט וועלכע בלויז אַ מענטש, אַ האַרציקער, וועלכער איז זייער פּאָזיטיוו געשטימט צו אים, קאָן האָבן אַן אַנונג וועגן זיין שאַפן, וועגן דעם, וואָס ער איז געווען און וואָס ער האָט געקאָנט זיין“.

ביי דער זעלבער שוישפּילערין געפינען זיך אויך באַרנשטיינס אייניקע לידער געשריבן אין געטאָ אין 1941 און א גרעסערע דראמאטישע פּאָעמע א. נ. „Ostatnia twarz Lorda Byrona“, געשריבן אין די חדשים אַפּריל—יולי 1942.

# זיגמונט בירער

סטאַניסלאַוואָוו, ווו ער האָט געוווינט, האָט פֿאַרמאָגט איר אייגנאַרטיקן כאַראַקטער, וועלכער איז באַשטאַנען נישט נאָר אין דער נאָענטקייט פֿון די פּראַכטפֿולע קאַרפּאַטן, נאָר אויך אין דעם, וואָס עס האָט זיך דאָרט געפֿונען אַ צאָלרייכע יידישע אינטעליגענץ, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, לערער, פֿילאָזאָפֿן אָן וועלכער ס'איז באַשעפֿטיקונג — אַ סביבה, וואָס איז געווען אַ קעגנגעוויכט צו די נישט ווייניקער צאָלרייכע אָרטאָדאָקסישע קרייזן. זיגמונט בירער האָט געהערט צו די פֿאָרגעשריטענע קרייזן פֿון סטאַניסלאַוואָוו. ער איז געווען אַ לערער אין דער יידישער גימנאַזיע, אַ מענטש מיט קולטור און פֿיינער באַנעמונג. אַלס קינסטלער איז ער דורך אַלעמען געשעצט געווען סיי פֿון יידן, סיי פֿון נישט־יידן. זיין פּעדאַגאָגישע אַרבעט האָט אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרשמעלערט זיין שעפֿערישע טעטיקייט. חוץ אייל־בילדער און אַקוואַרעלן האָט אויך בירער געשאַפֿן פֿיינע עקסליבריסן מיט יידישע און העברעישע אויפֿשריפֿטן. זיינע אַרבעטן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער פּינקטלעכער אויספֿירונג. בירער איז אויך געווען אַ גלענצנדיקער טעאַטער־דעקאָראַטאָר.

פֿאַר דער סטודיע א.ג. פֿון גאָלדפֿאַדען, וואָס האָט געשמט אין סטאַניסלאַוואָוו אַלס איינער פֿון די בעסטע יידישע טעאַטערס אין קליינפּוילן, האָט בירער געשאַפֿן צווישן אַנדערע אויך דעקאָראַציעס צום „רעוויזאָר" פֿון גאָגאָלן (אויסגעשטעלט דורך מאַרק אַרנשטיין), ווי אויך פֿאַר דער פּיעסע „אויספֿאָרשונג", וואָס איז געשטעלט געוואָרן דורך אַלעקס שטיין.

בירער האָט אויך איינגעאָרדנט אַ ריי אויסשטעלונגען אין דער סטאַניסלאַוואָווער וואָיעוואָדשאַפֿט. ער אַליין האָט פֿון צייט צו צייט אויסגעשטעלט אין לעמבערג, קראָקע און אויך אין וואַרשע. אין וואַרשע האָבן

זיינע בילדער צוגעצויגן די אויפמערקזאמקייט אַפילו פון אַזאַ איבער־ קלייבערישן קונסט־קריטיקער און קינסטלער ווי וואַצלאַוו הוסאַרסקי.

די רעפּראָדוקציעס פון די מער כאַראַקטעריסטישע בילדער, וועלכע בירער האָט געשאַפן, געפינען זיך אינעם בוך פון גאָלדשטיינען און דרעז־ נערן „די קולטור און קונסט פון די יידישע פאָלקס־מאַסן“. אויך אינעם סטאַניסלאַוואָווער זשורנאַל „שטעגן“ קאָן מען אָפט טרעפן דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן זעלטענעם קינסטלער.

זיגמונט בירער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך אוקראַיינישע פאַשיסטן אין אויגוסט 1941 איז סטאַניסלאַוואַו.

# יאַקוב ביקעלס



יאַקוב ביקעלס איז געווען אַ זון פון א לעמבערגער דאָקטאָר. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1911. ער האָט שטודירט מעדיצין אויפן לעמבערגער אוניווערסיטעט און שפּעטער האָט ער פּראַקטיצירט ווי אַ דאָקטאָר — אַ פּסיכיאַטאָר. ס'איז דעמלט געווען די צייט, ווען סע האָט זיך אין לאַנד פאַרשפּרייט די פּלאָג פון פאַשיזם מיט זיינע גאַסן־אָנפאַלן און אוניווערסיטעט־סקאַנדאַלן, מיט דער אונטערדריקונג פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. דער עמפּינדלעכער יונגער דאָקטאָר, וועלכע האָט פון די פריסטע יאָרן אַרויסגעוויזן פעיקייטן צו צייכענען, האָט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן אָנגעהויבן אַ קאַמף מיט די דערשיינונגען פון פאַשיזם אין לאַנד. ער איז אַן עדות פון געוואַלט פון דער מאַכט איבער שוצלאָזע, ער איז אויפגעבראַכט צוליב דער בלוטיקער פאַציפיקאַציע פון די קרעסן, ער הערט זיך צו צום אָפּקלאַנג פון דער שיסעריי קעגן די דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער אויף די גאַסן פון לעמבערג. די אַלע אומגערעכטיקייטן שטעמפּלט ער אין זיינע סאַטירישע צייכענונגען, וועלכע זענען געדרוקט געווען אין די לעמבערגער צייטשריפטן „שטשוטשעק“, „ווראָבלע נאַ דאַכו“, ווי אויך אין די וואַרשעווער „שפּילקעס“ אָדער „כאָכאָלן“. אויך אין די

„וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקע“ און אין די „סיגנאַלן“ באַווייזן זיך נישט איינמאָל פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה גלענצנדיקע אילוסטראַציעס פֿון יאַקוב ביקעלס. דאָס זענען געווען אינטערעסאַנטע צייכענונגען, וואָס האָבן געשטעמפּלט דעם טעראָר און דאָס אומרעכט, וואָס האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין פּוילן. ביקעלס באַווייזט אין זיינע אילוסטראַציעס פֿון איין זייט מענטשן, וועלכע לעבן אין שווידערלעכער נויט און פֿון דער צווייטער זייט מיפּן, וואָס פֿילן זיך גוט אינעם זומפּ פֿון די פֿאַרפֿוילטע בורזשואַזע פֿאַרהעלטענישן. נישט אין איינעם פֿון זיינע סאַרקאַסטישע צייכענונגען ווייזט ער די פֿירער, וואָס האָבן פֿארניכטעט די קולטור, רויבער און פֿעלקערמערדער.

אין איינעם פֿון זיינע צייכענונגען, וואָס האָט זיך באַוויזן אין יאָר 1937 אין די „שפּילקעס“, ווייזט ער די ראַפֿינירטקייט פֿון דער פּוילישער דעלעגאַציע אין דער זשענעווער פֿעלקער־ליגע. דער טיטל פֿון דער צייכענונג איז געווען: „דאָס סיאַמער פּאָרל“. זי האָט פֿאָרגעשטעלט פּוילן און סיאַם אַלס די איינציקע פּאָר, וועלכע האָט געשטימט אין דער פֿעלקער־ליגע קעגן דעם פֿאָרשלאַג צו שטעמפּלען יאַפּאַן פֿאַרן אָנפֿאַל אויף כינע. ביקעלסעס צייכענונגען האָבן פֿאַרכאַפּט מיט זייער לייד־שאַפֿטלעכער קראַפֿט. זייער טרעפֿלעך איז אויך געווען די צייכענונג, וואָס האָט געטראָגן דעם טיטל: „דער פֿינפֿיאָריקער יובילוי פֿון בעקן“, אין וועלכער דער קינסטלער ווייזט אונדז דעם דעמלטיקן פּוילישן אויסערן־מיניסטער ווי א שוואַרצע כמאַרע, וואָס פֿאַרשטעלט די זון אין דער פֿאָרם פֿון אַ שלאַנג. אונטער אים געפֿינען זיך צוויי געשטאַלטן, וואָס טרינקען צו זיך און זינגען די טראַדיציאָנעלע „הונדערט יאָר לעבן זאָל ער“. די דאָזיקע פֿריילעכע פֿיגורן זענען געווען היטלער און מוסאָליני. אַ צווייטע צייכענונג ביקעלסעס, וואָס האָט געטראָגן דעם טיטל: „דאָס באַליבטע פֿערדל פֿון דער דעפּוטאַטין פּרוי פּריסטאָר“, לאַכט אָפּ פֿון דער דעפּוטאַטין פֿון פּוילישן פֿאַרמלחמהדיקן סיים, וועלכע איז באַקאַנט פֿון אירע אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען. אויסנוצנדיק איר דעפּוטאַטן־מאַנדאַט, האָט זי געפֿירט אַ קאַמף קעגן דער אַזוי גערופֿענער ריטועלער שחיטה. דער קינסטלער שטעלט פֿאָר אויף דער דערמאָנטער צייכענונג אַ זייער דיקע פֿרוי, וועלכע רייט אויף אַן אויסגעהונגערטער, דאַרער קליאַטשע... פֿול מיט בייסיקער איראָניע איז ביקעלסעס צייכענונג, וואָס האָט זיך באַוויזן אין די זעלבע „שפּילקעס“ אונטערן טיטל: „אַ שיינע בלום“. די סאַטירע שטעלט פֿאָר אַ זעלנערישן העלם מיט א האַקנקרייץ,

פון וועלכן עס וואקסט אַרויס בלום אין דער פאָרם פון א בלום. בלום זעט אויס ווי א נאַרישעוואטער פראָפעסאָר, וועלכער באַטראַכט מיט פאַרווונדערונג היטלערן. דער לעצטער קוקט אויך מיט פאַרווונדערונג אויף דער דאָזיקער משונהדיקער בלום.

פון אַן אַנדערן מין איז זיין סאַטירישע צייכענונג „קיין שום געזעלשאַפטלעכע ארבעט איז נישט קיין אומכבוד". ער ווייזט אונדז גוט אויסגעפּאשעטע, רייכע קליינבירגער, וועלכע פארקויפן אויף דער גאס „אַ בלימל" פאַר אָרעמע. גראָטעסקארטיק איז ביקעלסעס צייכענונג, וועלכע שטעלט פאָר דעם פּרינץ פון ווינדסאָר, דעם דעטראָניזירטן ענגלישן טראָנפאָלגער, וועלכער איז אומעטום באַטראַכט געוואָרן ווי א דעמאָקראַט און וועלכער איז אין משך פון אַ חודש צייט געווען דער גאַסט פונעם ווינער ראָטשילד. דאָס האָט אים לחלוטין נישט געשטערט אין אַ קורצער צייט אַרום ארויסצוווייזן זיינע ווארעמע געפילן פאַר היטלערן. ביקעלס ווייזט אונדז אויך די פּוילישע און אינטערנאציאָנאַלע ליגנערישע רעאַקציע: דאָבּאָשינסקי ווי אַ רויבער־ריטער אויף א פערד, וועלכער טרייבט פאַר זיך אַ יידן. דער דאָזיקער דאָקטאָר־פּסיכיאַטאָר האָט גלענצנדיק פארשטאַנען די קרענק פון זיין צייט, וואָס האָט געשטאַמט פונעם פאַשיזם.

אין דער צייט פון סעפּטעמבער 1939 ביז יוני 1941 האָט ביקעלס געלעבט אין לעמבערג און האָט, חוץ זיין פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, אויך גענומען אַ לעבהאַפטן אָנטייל אינעם קינסטלערישן לעבן פון לעמבערג.

שפּעטער איז אים געלונגען זיך צו דערשלאָגן קיין ווארשע. זיינע פריינד האָבן זיך אויסגעסטאַרעט פאַר אים „ארישע פּאַפּירן". ער האָט געוווינט ביי דער שוועסטער פונעם קינסטלער עריק ליפּינסקי, א חבר פון די „שפּילקעס", וועלכער איז דעמלט געזעסן אין פּאוויאַק. זי דערציילט, אַז קובא (אזוי האָט מען גערופן ביקעלסן) האָט זיך איבערגעפירט אויף דער גאס משונהדיק דרייסט. עס פלעגט טרעפן, אז ער האָט פארהאַלטן אַ דורכגייענדיקן דייטשישן זעלנער, פארפירן מיט אים א שמועס און אים פרעגן פאַר וועמען און צוליב וואָס ער קעמפט. ס'האָט אמאָל געטראָפן, אַז ער איז באפאלן געוואָרן דורך צוויי פּאָליציאַנטן אין ציווילער קליידונג. ביים אמפּערן זיך איז זיין מאנטל געבליבן אין די הענט פון די פּאָליציאַנטן. אין דער טאש פונעם מאנטל האָט זיך געפונען זיין „קענקאַרטע". די גאַנצע געשעעניש איז געווען א מיספארשטענדעניש, ווייל די פּאָליציאַנטן האָבן גאָר געזוכט עפּעס א גנב און על פי טעות האָבן זיי

אַרעסטירט ביקעלסן. דאָך האָט ער שוין נישט געקאָנט בלייבן אויף דער זעלבער דירה. זיינע פריינד האָבן אים איינגעאָרדנט אויף אַן אנדער אָרט. ביקעלס איז אָבער שוין געווען אזוי צעטרייסלט פון אלע איבערלעבונגען, אַז ער האָט אָנגעהויבן ארויסווייזן סימנים פון משוגעת. אין אזא צושטאַנד האָט ער געלעבט ביז צום ווארשעווער אויפשטאַנד, בעת וועלכן ער איז געשטאָרבן.

# שלום ביאַלאָגורסקי

ס'איז מיר שווער פֿעסטצושטעלן ווען און ווו שלום ביאַלאָגורסקי האָט שטודירט. ער איז געווען אַ לערער פֿון צייכענען אין דער ווילנער העברעאישער גימנאַזיע. איך האָב אים גיכער געקענט אַלס מאָלער איידער צייכענער. אין יאָר 1937 האָב איך געזען אין ווילנע אַן אויסשטעלונג פֿון זיינע געזאַמלטע בילדער. דאָס איז נישט געווען די ערשטע אויסשטעלונג זיינע, הגם ער איז נאָך געווען דעמלט אַ יונגער מענטש. ער פֿלעגט מאָלן קליינע בילדלעך, הויפּטזעכלעך פּייזאַזשן, וואָס זענען געווען וואַריעם אין זייער קאָלאָריט און סובטעל לויט זייער שטימונג. זיי האָבן אויסגעזען ענלעך צו די פּייזאַזשן פֿון יאַן סטאַניסלאַווסקי (וועלכער, ווי באַוווּסט, האָט אויך געמאָלט בילדער אין קליינעם פֿאָרמאַט). ביאַלאָגורסקיס נאַטור-בילדער זענען געווען ווי הימנען לכּבֿוד דער שיינקייט פֿון דער נאַטור. ביאַלאָגורסקי איז געווען אַ נאַטוראַליסט, וועלכער איז שטאַרק צוגעבונדן צו דער היימישער לאַנדשאַפֿט. זיין אַנטציקונג פֿאַר דעם, וואָס ער האָט אָבסערווירט, איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט נישט דערלאָזט קיין שום אַבסטראַקציע, קיין שום פֿאַנטאַזירן. טייל פֿון זיינע בילדלעך האָבן עדות געזאָגט וועגן אַ געוויסער אומבאַהאָלפֿנקייט פֿון זייער שעפֿער, אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי אויסגעדריקט אַ טיפֿע אַנטציקונג און ליידנשאַפֿטלעכע ליבע פֿאַר שיינקייט. די איבערלעבונג פֿונעם קינסטלער איז געווען אַזאַ אוממיטלבאַרע, אַז אַפֿילו די האַלב דילעטאַנטישע אַרבעטן זיינע האָבן אויסגעשטראַלט אַ ריינדיקע מעלאָדיע.

ביאַלאָגורסקי האָט אַ סך געמאָלט, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די אַרבעט אין שול האָט אים צוגענומען אַ סך צייט. דערמיט דערקלערט זיך אויך דער סקיצן-כאַראַקטער פֿון זיינע בילדער. דער קינסטלער האָט געהאַט גרויסע שאַפֿונגס-אַמביציעס און איז געווען דורשטיק נאָך וויסן.

זיינע פלענער זענען אַוועק ווייטער פון זיינע מעגלעכקייטן. אָבער אין זיינע בילדער איז תמיד געקומען צום אויסדרוק די פרייד, וואָס די שעפערישע אַרבעט האָט אים פאַרשאַפן.

אַזוי האָט געלעבט און געשאַפן שלום ביאַלאָגורסקי אין ווילנע ביז סעפטעמבער 1939, ער האָט נישט אויסגעמיטן קיין שום בילדער-אויס-שטעלונג אין ווילנע, וועלכע ער האָט דערנאָך באַזוכט מיט זיינע שילער, וועלנדיק אויסבילדן זייער געפיל פאַר שיינקייט אויף קאָנקרעטע בילדער און וועקן ביי זיי ליבע פאַר דער קונסט. ער האָט אויך אָפט געשריבן רע-צענזיעס וועגן די אויסשטעלונגען פון זיינע חברים.

ביאַלאָגורסקים פרוי, אויך אַ לערערין, האָט אין איר פריוואַטער וווינונג איינגעאָרדנט אַ פאָרשול. ביידע האָבן זייער ליב געהאַט קינדער צום סוף פון יאָר 1939 האָבן זיי איבערגעטראָגן קיין ביאַליסטאָק, ווי זיי האָבן ווייטער געאַרבעט אַלס לערער. דער קינסטלער איז געווען פול מיט האָפענונג לגבי דער צוקונפט.

נאָכן פאַרנעמען ביאַליסטאָק דורך די היטלעריסטן, האָט ביאַלאָגור-סק צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער איבערגעלעבט דעם גאַנצן גיהנום פון געטאָ. שפּעטער זענען זיי אַרויסגעפירט געוואָרן אין טויט-לאַגער טרעבלינקע, ווו זיי זענען אַלע אומגעקומען.

# אהרון בלאופוקס



אהרון בלאופוקס איז געבוירן געוואָרן אין ווארשע אין יאָר 1894. נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזט די ישיבה, איז ער אריינגעטראָטן אין אַ האַנדלס־שול. בלאופוקס האָט פאַרמאָגט גרויסע פעיקייטן און ליבע צו דער פלאסטישער קונסט. זיינע באַדינגונגען אין דער היים האָבן אים געצוואונגען צו פארנעמען זיך מיט מסחר און זיין קינסטלערישע טעטיקייט האָט ער גיכער טראקטירט ווי אַן אַנגענעמע אנטשפאַנונג אין די פרייע מינוטן.

בעת דער ערשטשער וועלט־מלחמה האָט זיך בלאופוקס באַקענט מיט הענריק גליצענשטיין און דאָס האָט אים צוגעגעבן חשק צו פארנעמען זיך מיט סקולפּטור. שפּעטער איז ער איבערגעגאנגען צו מאָזאיק — אַ קונסטצווייג, וואָס געפינט זיך אויף דער גרענעץ צווישן סקולפּטור און מאָלעריי. סוף כל סוף האָט ער זיך געווידמעט דער מאָלעריי און ביי דעם איז ער שוין געבליבן. בלאופוקס איז געווען אן אימפּרעסיאָניסט. אין זיין שאַפונג האָט ער זיך אויסגעדריקט ווארעם, מיט אַ געוויסן סענטימענט פאר פאַלקסטימלעכקייט. זיינע בילדער פארמאָגן אַ סך פאָלקלאָריסטישע עלעמענטן, וואָס דערמאנען שטאַרק די, וועלכע מיר טרעפן ביי יאקוב ווינלעזן. דאָס, וואָס ער איז געצוואונגען געווען צו פארנעמען זיך מיט זיינע געשעפטן, האָט געהאט אַ נעגאטיווע ווירקונג אויף זיין קונסט־

לערישער שאפונג. וואָס מער ער פאַרנעמט זיך מיט מסחר, אַלץ נידעריקער פאַלט דער קינסטלערישער ניוואָ פון זיינע בילדער.

בלאופוקס האָט אַ סך צייט אָפּגעגעבן דעם פאַרבאַנד פון יידישע קינסטלער פּלאסטיקער, ווו ער איז געווען קאסיר. ער האָט זיך אינטערעסירט מיטן לעבן און דאגות פון זיינע חברים און נישט איינמאָל ארויסגעהאָלפן דעם אָדער יענעם קינסטלער פון זיין אייגענער טאַש. חוץ דעם האָט ער פארנומען א גאנצע ריי הויכע ערן־אמטן אין פאַרשידענע אינדוסטריעלע און סוחרישע אינסטיטוציעס.

שוין אין יאָר 1917 האָט בלאופוקס אויסגעשטעלט זיינע ארבעטן אין דער וואַרשעווער זאַכענטאַ. שפּעטער האָט מען זיך פון צייט צו צייט געקאָנט אָנטרעפן מיט זיינע בילדער אויף די אויסשטעלונגען אין „איפּס“, אין דער יידישער קונסט־געזעלשאַפט ווי אויך אין דעם פאַרבאַנד פון יידישע פּלאסטיקער. ער האָט אויך אָנטיילגענומען אין יאָר 1939 אין דער יובליי־אויסשטעלונג פון די יידישע קינסטלער־פּלאסטיקער, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויף דלוגע.

בלאופוקס האָט תמיד ארויסגעוויזן אינטערעס פאר די ענינים פון די פּלאסטיקער.

בעת דער אָקופּאציע איז אהרון בלאופוקס פארשוווּנדן אָן שום שפּור.

# יצחק בראַונער



יצחק בראַונער איז געבוירן געוואָרן דעם 21־טן סעפּטעמבער 1887 אין לאָדזש. ער שטאַמט פון אַ קליינבירגערלעכער היים. שוין פון די פריסטע יאָרן האָט ער ארויסגעוויזן אַ נייגונג צו מוזיק און צו פּלאַסטיק. צייכענען האָט ער זיך געלערנט אין דער פּריוואַטער צייכן־שול פון קאַצענעלסאָן אין לאָדזש. גלייכצייטיק האָט ער זיך געלערנט שפּילן אויף אַ פידל. כדי צו פאַרטיפן זיין מוזיקאַלישע בילדונג איז ער אַפּגעפאָרן קיין בערלין, וווּ ער האָט באַזוכט דאָס קאָנסערוואַטאָריום, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורכן גרויסן קאָמפּאָזיטאָר יאָאַכים (1831—1907).

צוליב אַן אומגליקס־פאַל, ביי וועלכן עס איז אים פאַרוווּנדעט געוואָרן אַ האַנט, איז ער געצוווּנגען געווען איבערצורייסן זיינע מוזיקאַלישע שטודיעס. פון דעמלט אָן ווידמעט ער זיך אינגאַנצן דער פּלאַסטישער קונסט. זיין אידעאַל און וועגווייזער איז געווען ווינצענטי וואַן גאָג (1853—1890), און צוליב גרויסער אַכטונג צו דעם באַרימטן קינסטלער, וועלכן ער האָט זייער געשעצט, האָט ער זיך אַ נאָמען געגעבן ווינצענטי.

בראַונער האָט געהערט צו דער גרופּע לאָדזשער יידישע עקספּרעסיאָניסטן־ראָמאַנטיקער צוזאַמען מיט הענעך באַרטשינסקי, מאַרק שוואַרץ, יאנקל אדלערן און נאָך אייניקע מאָלער. די דאָזיקע קינסטלער האָבן גע־

גלייבט, אַז ס׳וועט זיי געלינגען צו שאַפֿן אַ נייע פֿאָרם פֿאַר די יידישע מאָטיוון. אין הינזיכט פֿון מאָלערישער פֿאָרם איז די גרופּע געווען אונטער דעם שטאַרקן איינפֿלוס פֿון שאַגאַלן. בראונער דאַקעגן, וועלכער האָט עטלעכע יאָר פֿאַרבראַכט אין דייטשלאַנד, איז אויך שטאַרק באַאיינפֿלוסט געוואָרן דורך די דייטשישע עקספּרעסיאָניסטן פֿון דער גרופּע „דער בלויער רייטער“ (איינער פֿון די זיילן פֿון דער גרופּע איז געווען פֿראַנץ מאַרק, 1880 — 1916). די דאָזיקע לאָדזשער גרופּע יידישע קינסטלער, מיט וועלכער ס׳ האָבן זיך פֿאַראייניקט אויך די יונגע דיכטער: משה בראָדערזאָן, מלך ראַוויטש אא., האָט דעם פֿראַנצויזישן און טיילווייז אויך דייטשישן עקספּרעסיאָניזם אַריבערגעטראָגן אין דער יידישער קונסט און ליטעראַטור. באַנוצנדיק זיך מיט דער עקספּרעסיאָניסטישער פֿאָרם, האָבן זיי זיך באַמיט מיט איר הילף אַרויסצוברענגען די אייגנאַרטיקייט פֿון דער יידישער טעמאַטיק, איבערהויפּט די חסידישע התלהבות. זיי האָבן זיך אַפֿילו נישט אָפּגעשטעלט פֿון באַנוצן זיך מיט דער מעטאַפֿאָרישער און אַלעגאָרישער סימבאָליק. צו דעם מין שאַפֿונגען געהערן: דאָס בילד פֿון יאַנקל אַדלער „די לעצטע מינוטן פֿון רבין“ (געפֿינט זיך איצט אין לאָדזשער קונסט־מוזיי), בראונערס מעטאַלאָפּלאַסטיק „דער וואַסערטרעגער“ (געפֿינט זיך אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע), באַרטשינסקיס „שמחת־תורה“ און אַנד. די דאָזיקע פּאָעטישע פּלאַסטיק איז געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פֿון דער ווירקלעכקייט און פֿון די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אויפֿטרייסלונגען, וועלכע האָבן דעמלט געהאַט אַן אָרט.

נאָך אַ געוויסער צייט איז די לאָדזשער גרופּע זיך פֿאַנאַנדערגעפֿאַלן. די צוממערסטן שעפֿערישע קינסטלער האָבן עמיגרירט. יאַנקל אַדלער האָט זיך באַזעצט אין דיסעלדאָרף, באַרטשינסקי—אין דרעזדן, מאַרק שוואַרץ — אין פּאַריז. אין פּוילן איז געבליבן בלויז בראונער. בלויז ער האָט אין זיינע שאַפֿונגען אַפּאָטעאָזירט די יידישע למדוואָניקעס, די דאָזיקע באַהאַלטענע קרישטאָל־ריינע מענטשן, וואָס האָבן באַדאַרפֿט אויסלייזן די וועלט.

נאָך דעם ווי ער האָט זיך איבערגעצויגן קיין וואַרשע, איז ער געוואָרן אַן אָפֿטער איינגייער אין יידישן ליטעראַטן־פֿאַריין אויף טלאָמאַצקע 13. דער לעבעדיקער קאָנטאַקט מיט די יידישע שרייבער איז גורם, אַז אַ געוויסע צייט פֿאַרנאַכלעסיקט ער אַפֿילו זיין קינסטלערישע טעטיקייט, פֿירט אַ לעבן פֿון אַ קינסטלער — אַ ציגייגער, וואָס פֿרעדיקט די לאָזונגען פֿון דער מאָדערניסטישער קונסט.

אין יאָר 1924 אָרדנט בראַונער איין אין וואַרשע די ערשטע גרעסערע אויסשטעלונג פון זײַנע אַרבעטן. די אויסשטעלונג האָט באַוויזן, אַז ער איז געווען איינער פון די פּראָוויסגייענדיקע קינסטלער פון יענער צײַט. זי האָט אויך בולט אַרויסגעבראַכט די קעגנזעצלעכע געפילן, וואָס האָבן צעריסן זײַן נשמה. פון איין זײַט האָט ער געמאָלן בלומען, פּייזאַזשן, אַקטן, שטיל-לעבנס, באַנוצנדיק זיך מיט אַ רײַכער קאָלאָריסטישער גאַמע, און פון דער צווייטער זײַט מאָלט ער בילדער אויף מיסטישע טעמעס, ווי „דער דיבוק", „די הייליקע באַרבאַרע", „די מאַדאָננע" און אַנד.

יצחק בראַונער האָט געהערט צו דעם טיפּ פון שײַנגײַסטער און, ווי דאָס זאָל נישט קלינגען פּאַראַדאָקסאַל, דער דאָזיקער כאַראַקטער זײַנער האָט געמינערט דעם ווערט פון זײַן קונסט. ער האָט וואָס אַ מאָל מיט ראַפינירטער עמפּינדלעכקייט אויסגעדריקט די דעליקאַטסטע ענדערונגען פון יעדער ריטמישער וויברירונג, פאַרמאָגט די פעיקייט אויפצוכאַפּן דעם פּרילינגדיקן דראַנג פון די זאַפטן אין די געוויקסן, וואָס האָבן אופגעוואַכט צום לעבן, אויפגעכאַפּט די שטימונגען פון דער גאַס, ווו ס'זענען אין דער פרי געלאָפן קינדער אין שול אַרײַן און באַאַמטע אַרבעטער האָבן געאײַלט צו דער אַרבעט. די בילדער אָבער, וואָס האָבן אויסגעדריקט די דאָזיקע שטימונגען, זענען גיכער געווען אויפן ראַנד פון בראַונערס שאַפונגען. אין זײַן עיקרדיקן שאַפן איז ער אַרויסגעגאַנגען פון אַן אַנאַליטישער פּלפּוליסטיק, וואָס האָט גורם געווען, אַז ער איז געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון לעבן. אַזאַ אויסדרוק פאַרמאָגן צ. ב. זײַנע בילדער: „אַמאָל האָט געלעבט אַ קעניג...", „כל נדרי", „אדם און חוה", „דער דיבוק" און אַנד. זיי טראָגן אויף זיך דעם חותם פון אינטעלעקטועלער פאַנטאַסטיק. דער זעלבער בראַונער האָט גלײַכצײַטיק געמאָלט פּאָרטרעטן פון ווײַסענבערגן, פּענגאַלאָוויטשן, בראָדערזאָנען, אידאַ קאַמינסקאַ, מאַנגער, קאַצענעלסאָנען, ווו ער האָט גלענצנדיק אויסגענוצט דעם שטריך אָדער די טאָנאַציע און פאַרב, כדי אונטערצושטרײַכן די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן.

יצחק בראַונער איז, ווי אַ סך יידישע אינטעליגענטן אין יאָר 1905, באַאײַנפלוסט געוואָרן פון די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַלע אייגנשאַפטן, כדי צו ווערן דער קינסטלער, וועלכער זאָל אויסדריקן די שטרעבונגען פון די ברייטע יידישע פאָלקס-מאַסן. ער האָט אָבער שפּעטער, ווען די רעאַקציע האָט טריאומפירט, רעזיגנירט פון דעם קאָנסעקווענטן, רעאַליסטישן אופן פון פאָרשטעלן די ווירקלעכקייט, באַנוצנדיק זיך גיכער מיט עקספּרעסיאָניסטישע דעפאָרמאַציעס פון זײַנע

מאָטיוון. זיין שעפערישע אינווענץ האָט מיט דער צייט פולשטענדיק באַ=
פרידיקט צופעליקע, וואָס אַן אמת, אינטערעסאנטע, אָבער אינגאַנצן נישט
קיין טיפישע דערשיינונגען.

יצחק בראַונער וואָלט געקאָנט, ווי מען זאָגט דאָס, ווערן „דער פּאַסי=
קער מענטש אויפן פּאַסיקן אָרט“, ווען ער וואָלט געהאַט די מעגלעכקייטן
צו שאַפן און אַ ציל, פאַר וועלכן ס'איז ווערט צו שאַפן. בראַונער האָט
געהאַט אַ האַרציקע, וואַרעמע באַציונג צו פאָלקס=מאָטיוון. דאָס דאָזיקע
געפיל איז אָפט אויסגעוואקסן אין אים און פארוואנדלט געוואָרן אין כמעט
אַ מיסטישן קולט. זיינע קאָמפּאָזיציעס פארמאָגן אין זיך עפּעס פון אָראַ=
טאָריעס. ביים געשטאַלטיקן די דאָזיקע ארבעטן האָט ער פאַרלוירן יעדע
צוים און הגם זיי זענען אויסגעפירט געוואָרן ווירטואָזיש, האָבן זיי אַ סך
פאַרלוירן צוליב דער דעפאָרמאַציע.

בראונער אילומינירט זיינע מאָטיוון, שאפנדיק אזוי ווי אַ קעגנגעוויכט
צו דער איינטאָניקייט, הארטקייט און קאלטקייט פונעם מאַטעריאַל, מיט
וועלכן ער באנוצט זיך. זיינע אַרבעטן זענען שטאַרק עמאָציאָנעל. מ'האָט
דעם איינדרוק, ווי דער קינסטלער וואָלט געוואָלט אַרויסברענגען עפּעס
אַ שטאַרקן אימפּולס. אַ סך פון זיינע שאַפונגען זענען ארכאיזירט. עס זעט
אויס, ווי אייגער וואָלט געוואָלט אויף אַ שופר אויסשפּילן קלאסישע מעלאָ=
דיעס. אזוי, צום ביישפּיל, אַפּאָטעאָזירט ער קבצנים, וועלכע געפינען זיך
אין אַ שמוציקער קלויז און מ'האָט דעם איינדרוק, ווי דאָס וואָלטן געווען
מלאכים, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון די לאַסטן פון טאָג=טעגלעכן לעבן.

אזוי זעען אויס בראונערס ארבעטן, וועלכע ער פירט אויס אין
אַטעליע. פון צייט צו צייט פאַרנעמט ער זיך אויך מיט אויספירן דעקאָ=
ראציעס, וועלכע עס באַשטעלן ביי אים די טעאטערס. איינער פון זיינע
גרעסטע אויפטוען איז געווען דאָס שאַפן אין לאָדזש צוזאמען מיט בראָ=
הערזאָנען דאָס מאריאָנעטן=טעאטער „חד=גדיא“. אַלע ליאלקעס פאַר דעם
טעאַטער האָט געמאכט בראונער, ארויסווייזנדיק אויף דעם געביט אַ סך
אָריגינעלקייט און אינטערעסאנטע איינפאלן. דאָס דאָזיקע טעאטער האָט
אָבער נישט געהאַט קיין אריכת=ימים. אין אַ קורצער צייט אַרום איז בראַו=
נער ארויסגעפאָרן קיין גדאנסק, וו ער האָט פארבראַכט ביי צוויי יאָר צייט.
נאָכן אומקערן זיך פון גדאנסק, האָט ער זיך באַזעצט אין ווארשע און דאָ
האָט ער געמאָלן דעקאָראציעס פארן יידישן טעאטער, צווישן אנדערע צו
שלום=עליכמס „גאָלדגרעבער“ אין דער לאָדזשער יידישער טעאַטער=
סטודיע ביים „הזמיר“ און צו „ווייבערישע קניפלעך“, וואָס איז געשטעלט

געוואָרן אין „אַראַראַט“. ווען אין י. 1934 האָט ווידער אָנגעהויבן שפּילן „חד גדיא“ אונטער דער לייטונג פון משה בראָדערזאָן, האָט בראונער ווידער געשאַפן מאַריאָנעטן פאַרן טעאַטער. מ'האָט דעמאָלט געשטעלט אַזעלכע קאָמעדיעס, ווי: „מיט דער פּוטער אראָפּ“, „נחום דער פּרעזידענט“, „היט־לער אליין“ און אַנד. בראונער האָט זיך אויסגעלעבט אין די דאָזיקע עקסצענטרישע, נאָוואטאָרישע איינפאַלן, מיט וועלכע ס'האָבן זיך דעמאָלט אַנטציקט טויזנטער מענטשן. די לאָדזשער צייטשריפט „פאָרמא“ האָט אין יאָר 1938 געגעבן אין זעקסטן נומער א רעפּראָדוקציע פון בראונערס זייער אַן אַבסטראַקטער אַרבעט, וועמענס אינהאַלט ס'איז שווער צו דעפינירן. אין דעם קונסט־סאַלאָן פון קאָטערבא אין וואַרשע אויף קרעדיטאָווע איז איינגעאָרדנט געוואָרן א ספּעציעלע אויסשטעלונג פון בראונערס ארבעטן. צווישן אַנדערע האָבן זיך דאָרט געפונען זיין „וואַסערטרעגער“, פּאָרטרעטן פון יידישע שרייבער און אַ סך אַנדערע קאָמפּאָזיציעס אויף ביבלישע טעמעס. בראונער האָט זיינע אַרבעטן אויסגעפירט נישט נאָר אין קופּער־בלעך, נאָר האָט אויך געשניצט אין האָלץ, העלפאַנט־ביין און אַנדערע מאַטעריאַלן. ער האָט אויך אויסגעפירט פּאָרטרעטן פון די באַקאַנטע אַרטיסטן פון יידישן טעאַטער אידא קאַמינסקאַ און זיגמונט טורקאָוו.

איך האָב אָפט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַגעגענען זיך אויף טלאָמאַצקע 13 מיט דעם דאָזיקן אינטערעסאנטן קינסטלער. מיר האָבן געשמועסט וועגן אויסשטעלונגען, קינסטלער. שמועסנדיק מיט אים, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, ווי מיר ביידע וואָלטן געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון א הויז און בראונער, אָנשטאָט מיך אריינצובעטן אינעווייניק, פאַרוואַרפט מיך מיט אַ שטראָם פון פּאַטעטישע רייד, און סמיידנדיק דעם עצם־ענין. צוהערנדיק זיך צו זיינע אויספירן, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער באַנעמט די קונסט ווי עפּעס אַ קדשי־קדשים, וווּ דער כהן גדול איז דער קינסטלער. בראונערן האָט מען צוממערסטן געטראָפן אויף טלאָמאַצקע אין דער געזעלשאַפט פון ישראל שטערן, מיט וועמען ער פלעגט אָפט שפּילן אין שאך.

אזוי האָט בראונער געלעבט ביז סעפּטעמבער 1939, אויסלעבנדיק זיך אין זיין האַלב־אבסטראַקטער קונסט. בעת דער אָקופּאַציע האָט בראונער זיך געפונען אין לאָדזשער געטאָ. דאָס וואָס ער האָט דעמאָלט געשאַפן איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון די פארהעלטעניש, וואָס די יידן פון געטאָ האָבן איבערגעלעבט. ער האָט זיך געלאָזט אויסנוצן צו מאָלן אַ פּאָרטרעט פון דעם מושל פון לאָדזשער געטאָ, רומקאָווסקי. פון דער צווייטער זייט

האָט דער קינסטלער אַרויסגעבראַכט זייער בולט די שוידערלעכע ווירקלעכקייט, אין וועלכער ער האָט געלעבט. אַזוי, צ. ב., האָט ער געמאָלט אַ בילד פון אַ קאָשטשיאָל, וואָס די דייטשן האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ מאַגאַזין, ווו זיי האָבן צונויפגעזאַמלט די אָנגעראַבעוועטע יידישע זאַכן, בעטגעוואַנט, קליידער, שיך; אויף אַ צווייט בילד, זעען מיר א ייד, אַן אויסגעדאַרטן ווי אַ שקעלעט, וועלכער היט אַ געביידע, ווו עס ליגן בערג פון טליתים. די דאָזיקע ארבעטן בראונערס, מיינסטנס אַקוואַרעלן, זענען אויפטרייסלענדיקע דאָקומענטן פונעם לעבן אין לאָדזשער געטאָ. אַ סך אַרבעטן זיינע האָט ביי אים אויסגענאַרט אַ לאָדזשער שניידער פאַר אַ טעלער זופּ אָדער אַ שטיקל ברויט. א טייל פון די דאָזיקע אַרבעטן געפינען זיך איצט אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. יצחק בראַונער איז געווען איינער פון די 70 שפּערישע יידן, וועלכע זענען, נאָך אַלע סעלעקציעס, לעבן געבליבן נאָך אין יולי 1944. שפּעטער האָט אים געטראָפן דער זעלבער גורל ווי די אַלע, וועלכע האָבן נישט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן. ער איז צוזאַמען מיט נאָך אַ סך יידן אַרויסגעפירט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, ווו ער איז אומגעקומען.

## רבקה בערגער

אַ קינסטלערין — פון פאַר אַ לערערין — האָט זי געשטרעבט אין די פרייע מינוטן אויך צו דערציילן וועגן דערוואַקסענע מענטשן, וועגן זייער לעבן און וועגן דעם, וואָס האָט זיי פאַרבונדן מיט דער ווירקלעכקייט. רבקה בערגער האָט זיך געלערנט אין לובלין אין מעהאַפּערס שול. זי האָט אויך אין משך פון אַ געוויסער צייט שטודירט אין דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע, איז אָבער געצוווּנגען געווען איבערצורייסן אירע שטודיעס, ווייל זי האָט אָנגענומען אַרבעט אין דער יידישער פאָלקס־שול א. נ. פון י. ל. פרץ אין לובלין. זי האָט ליב געהאַט איר אַרבעט און די קינדער, זי האָט זיך אַנטציקט מיט די פּרימיטיווע קינדערישע צייכענונגען און האָט געגלייבט, אַז אין נישט איינעם פון די קינדער איז באַהאַלטן אַ טאַלאַנט. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז אין דער צוקונפט וועט פון אַ טייל פון זיי אויסוואַקסן קינסטלער. זי פלעגט זיך דערמאָנען אירע אייגענע קינדער־יאָרן, אירע ערשטע שריט. זי האָט געהאָפט, אַז אין דער צוקונפט וועט אַנדערש זיין, זי האָט געגלייבט אינעם קאַמף פון די מאַסן, אין די דערגרייכונגען פונעם אַרבעטער־קלאַס און איז אַ בעסערער צוקונפט פאַר די קינדער.

זי האָט גערן פאַרגעשטעלט דאָס לעבן אין באַוועגונג, אין אַקציע און האָט זיך איבערגענומען מיט דער טעמע. אַמבעסטן האָט זי זיך אַרויסגעזאָגט אין דער טעכניק פונעם האָלצשניט, אין ווייס־שוואַרצע קאָלירן. פון די דאָזיקע, אין פלאַך, קאַלטע קאָלירן האָט רבקה בערגער אַרויסבאַקומען טויזנטער שטימונגען, אַ גאַנצע גאַמע פון עמאָציעס. אירע האָלצשניטן האָבן פאָרגעשטעלט דינאַמישע סצענעס. איינער פון זיי, וואָס האָט געטראָגן דעם טיטל „אויטאָדאַפע“, איז געווען אַן אָנדייטונג אויף דעם פאַרברענען אין דייטשלאַנד אין מאַי 1933 די הומאַניסטישע ווערק

פון דער דייטשישער ליטעראַטור, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן דורך ייִדן. אַנדערע האָלצשניטן אירע, דאָס זענען: „די דעמאָנסטראַציע“, „די אַרבעטסלאָזע“, „מיר ברעכן די אייזערנע וואַנט“ און ענלעכע. אַלע אירע שאַפונגען זענען אַנטשטאַנען אַלס אויסדרוק פון איר ווילן אַריינצוציען דעם צושויער אין׳עם קאַמף קעגן פאַשיזם.

רבקה בערגערס האָלצשניטן זענען געווען לעבעדיקע, לעזבאַרע. זיי האָבן זייער קלאָר כאַראַקטעריזירט די דעמלטיקע אָנגעשטרענגטע פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

אין זומער 1936 איז רבקה בערגער אַרויסגעפאָרן אויף אָפּרו קיין זאַקאָפּאַנע. דאָ האָט זי זיך צונויפגעטראָפן מיט די גוראַלעס און אָנגעהויבן שאַפן עפּעס אַזוינס ווי פּלאַסטישע רעפּאָרטאַזשן, אַרויסברענגענדיק דאָס לעבן פון די מענטשן אין די בערג אין זיין גאַנצער אמתדיקייט. דאָס הייסט ניט, אַז זי האָט אויף דעם געביט עפּעס מחדש געווען, נאָר די בילדער, וועלכע זי האָט געשאַפן, זענען אויסגעפירט מיט אַ סך פאַרשטענדעניש, זענען זייער רירנדיק.

ווי טויזנטער אַנדערע איז זי אומגעקומען בעת דער היטלער־אָקופּאַציע.

# אבֿרהם בערמאַן

אבֿרהם בערמאַן האָט אַ סך אַרומגערייזט, כדי צו פֿאַרברייטערן די מעגלעכקייטן פֿון זיין פֿאַלעטע. מ'קאָן דרייסט זאָגן, אַז ס'האָט אים עפּעס געיאָגט איבער דער וועלט — עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז כדי גוט צו מאָלן, דאַרף מען כּסדר אַנטדעקן עפּעס נייעס. אַזוי האָט דער קינסט־לער דורכגעוואַנדערט אַ שטיק וועלט און האָט אַפֿילו דערגרייכט דעם מדבר סאַהאַראַ. ס'איז פּאַראַדאָקסאַל דער פֿאַקט, וואָס הגם בערמאַן איז געווען אַ קעגנער פֿון אימפּרעסיאָניזם, זענען זיינע בילדער כמעט שטענדיק אַרויסגעקומען אימפּרעסיאָניסטיש. זיינע בילדער האָט ער געמאָלט זייער שנעל, כמעט ווי לויט אַ טאַשמע־סיסטעם.

פֿאַרשטייט זיך, אַז שאַפֿנדיק אויף אַזאַ אופֿן איז ער נישט אימ־שטאַנד געווען טיפֿער אַריינצודרינגען אין דער טעמאַטיק, וועלכע ער האָט באַאַרבעט. פֿון דאַנען שטאַמט איר אויבערפֿלעכלעכקייט. עס זענען אַנטשטאַנען בילדער פּרעכטיקע, אָבער נישט פֿאַרטיפֿטע. בערמאַן האָט וואָס אַן אמת געקאָנט איבערגעבן די גליענדיקע היץ פֿון די אַפֿריקאַנער זאַמדן, ווייזנדיק זי אין פֿאַרשידענע קאָלאָריסטישע גראַדאַציעס, אָבער אין דעם אַלעמען פֿעלט נשמה. ס'איז געווען אַ צייט, ווען אין מערבֿ־אייראָפּע האָבן אַ גרויסע צאָל באַדייטנדיקע קינסטלער געליטן אויף אַ געפֿיל פֿון מידקייט און איבערגעזעטיקטקייט מיט אייראָפּע. זיי האָבן געזוכט שעפֿערישע עמאָציעס צווישן ווייטע, פּרימיטיווע פֿעלקער. אַזעלכע קינסטלער ווי גאָגען אָדער פּעכשטיין און ביי אונדז קראַמשטיק האָבן געשעפּט פֿון דער פֿרישקייט, אורשפּרינגלעכקייט און שיינקייט פֿון די ווייטע קאָלאָניאַלע לענדער און פֿעלקער. די דאָזיקע וווּנדערבאַרע קינסט־לער האָבן מייסטנס אַרויסגעבראַכט זייער טיפֿע סימפּאַטיע פֿאַר די פֿעלקער, צווישן וועלכע זיי האָבן פֿאַרבראַכט, און האָבן פֿאַראורטיילט די קאָלאָניזאַטאָרן, וואָס האָבן אַרויסגעפּרעסט פֿון זיי די לעצטע זאַפֿטן. אָבער אין בערמאַנס בילדער קומט זעלטן צום אויסדרוק די באַציונג

פון מאָלער צום מענטשן און זיין גורל. ער מאָלט אַראַבער, וואָס גאַלאָ־פּירן אויף פּרעכטיקע ווייסע פערד, ער דערזעט אָבער גיך דעם אונטער־דריקטן אָרעמען פּויער — דעם פעלאַך.

אברהם בערמאַן איז אָן שום ספק געווען אַ גוטער קאָלאָריסט און האָט גלענצנדיק באַהערשט די צייכענונג. זיינע בילדער פאַרמאָגן, וואָס אָן אמת, אַ געוויסע קלאַנגפולקייט, זיי זענען אָבער שטענדיק פראַנמענ־טאַריש, אַנטפּלעקנדיק בלויז אַ טייל פון דער געגעבענער טעמע. אין דעם דאָזיקן קינסטלער האָט געשטעקט אַ געוויסע צווייאיקייט: פון איין זייט איז ער געווען אַן אייראָפּייער, פון דער צווייטער אַ קינסטלער — אַ וואַגאַבונד און צו דעם אלעמען אויך אַ ייד. ווען ער האָט פאַרבראַכט אויפן מערב, האָט ער געמאָלט סיי דעם „קאַרנאַוואַל“, סיי דעם „אַנטראַקט אין דער פאַריזער אָפּערע“, „אין דער לאָזשע“, „פּריילין פּיפּי“. אָבער אמבעסטן האָט ער זיך געפילט אין לאָדזש, צווישן יידן.

אליין האָט ער געשטאַמט פון ריגע, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן. אין יאָר 1900 קומט ער קיין מינכען, כּדי דאָ צו שטודירן. אָבער די בעסטע בילדער זיינע זענען געשאַפן געוואָרן אין פּוילן. אממיינסטן אמתדיק און מיט גרויסער עמפּינדלעכקייט האָט ער ארויסגעבראַכט די לאָדזשער יידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס, גמרא־יידן און ענלעכע. ער האָט אויך געמאָלט אָרעמע הענדלער, טרעגער. אַלץ, וואָס פלעגט אַדורכגיין פאַר זיינע אויגן, האָט ער געמאָלט מיט אַ גרויסער מאָלערישער פּאַסיע. אַזעלכע מאָטיוון ווי „אַ ייד, וואָס שלעפּט צוויי עמער וואַסער אויפן קוזמירער מאַרק“, אָדער „די שול“, מיט די שטענדערס, ארון און די איבעריקע חפצים — דאָס זענען די אינטערעסאַנטסטע בילדער זיינע. ער ווייזט אויך פאַרשי־דענע יידישע טיפּן אין זייערע טראַדיציאָנעלע בגדים. יידן ביי דער ארבעט, אָדער געבויגענע איבער ספרים.

ווען דער קינסטלער איז פאַרכאַפּט געוואָרן מיט עפּעס אַ דערשיינונג, האָט ער געקאָנט מיט פּאַטאָס און געפיל די דאָזיקע דערשיינונג ארויס־ברענגען אויפן לייוונט. אפילו די שול מיט די ליידיקע שטענדערס וועקט ביים צושויער די וויזיע פון די געשטאַלטן, וועלכע פלעגן צוויי מאָל אין טאָג זי פאַרפולן און אָנשפּאַרן זיך אין די אויסגעריבענע און צעקרומטע שטענדערס. בערמאַן האָט אויך געמאָלט די צעקרומטע יידישע הייזלעך אין די קליינע שטעטלעך. דאָ און דאָרט דרייען זיך ארום ביי די הייזקעס זייערע אָרעמע באַלעבאַטים. ער מאָלט אויך פּרעכטיקע פּייזאַזשן פון די

טאַטרן־בערג, דעם מאָלערישן קוזמיר, ווי אויך די געגנטן אַרום לאָדזש. זייענדיק אין פּאַריז, מאָלט ער דאָס וועלדל ביים ווערסאַל. ער מאָלט אויך אַ סך „שטיל־לעבנס“.

אַזוי האָט אַבֿרהם בערמאַן געלעבט און געשאַפֿן אין משך פֿון צענדליקער יאָרן. ער איז געווען באַקאַנט אין דייטשלאַנד. זיין נאָמען באַגעגנט מען אויך טיילמאָל אין דייטשישע צייטשריפֿטן. אין יאָר 1923 האָט בערמאַן איינגעאָרדנט אַ גרויסע אויסשטעלונג פֿון זיינע בילדער אין האַמבורג. אָבער די דעמלטיקע ווייַמאַרער רעגירונג פֿאַרבאָט אים איינצואָרדענען ווייטערדיקע אויסשטעלונגען, מאָטיווירנדיק איר אָפּזאָג דערמיט, וואָס דער קינסטלער איז אַ פּוילישער בירגער.

דער אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט בערמאַנען געטראָפֿן אין לאָדזש. עס געלונגט אים דאָך אַרויסצורייסן זיך קיין ביאַ־ליסטאָק. זייענדיק אין ראַטנפֿאַרבאַנד, באַקומט ער אַ סך באַשטעלונגען, פּירט אויס פּאָרטרעטן און פֿאַרשידענע אַנדערע מאָלערישע אַרבעטן. ווען די היטלערישע אַרמיי פֿאַלט אָן אין יאָר 1941 אויפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד, האָט בערמאַן נישט באַוויזן זיך צו עוואַקויִרן אין דער טיף פֿון לאַנד. ער איז אַזוי אויפֿגעטרייסלט געוואָרן פֿון דער באַגעגעניש מיט די היטלע־ריסטישע מערדער, אַז ער האָט איצט שוין צום צווייטן מאָל געפּרוווט באַגיין זעלבסטמאָרד. דער מאָלער וולאָדזשימיעזש וואַסיליעוויטש האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז בערמאַן, נישט האָבנדיק קיין צווייטן סם, האָט אויסגעטרונקען אַ פֿלעשל יאָד. ווען דער דערמאָנטער וואַסיליעוויטש איז אויפֿן דריטן טאָג נאָכן פֿאַרנעמען ביאַליסטאָק אַריין אין דער וווינונג פֿון בערמאַנען, האָט ער אים געטראָפֿן ליגן אין שרעקלעכע ווייטיקן. דער טויט איז פֿונדעסטוועגן נישט געקומען. וואַסיליעוויטש איז געלונגען אָפּצוראַטעווען בערמאַנען און ער איז פֿאַמעלעך געזונט געוואָרן. שפּע־טער איז ער געוואָרן דער לייטער פֿון דעם מאָלער־וואַרשטאַט פֿון אָסקאַר סטעפּענס, ווו די יידישע מאָלער האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קאָפּירן די קונסטווערק פֿון די וועלט־מייסטער. די שרעק האָט אים געטאָן. בערמאַן איז געווען אַ געהאָרכזאַם געצייג אין די הענט פֿון סטעפּענסן. נישט איין יידישער קינסטלער, וועלכער האָט געאַרבעט אין וואַרשטאַט, פֿלעגט האָבן אומאָנגענעמע סיכסוכים מיט בערמאַנען.

אַבֿרהם בערמאַן איז געשטאָרבן אין ביאַליסטאָקער געטאָ אין יאָר 1943.

# יאַן גאָטאַרד

די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פון יאַן גאָטאַרדס שאַפן איז זיין קלאַסישע פאָרם, אין קעגנזאַץ צו די מאָדערנסטישע שטרעמונגען, וואָס זענען געווען אָנגענומען אין יענער צייט. אָט דאָס אַרויסברענגען די טעמאַטיק מיט דער הילף פון דער נעאָקלאַסישער פאָרם האָט אויף יעדער אויסשטעלונג, ווו עס האָבן זיך באַוויזן גאָטאַרדס בילדער, געווירקט ממש דעמאָנסטראַטיוו.

יאַן גאָטאַרד איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1898. זיין פאָטער איז געווען אַן אָנגענומענער דאָקטאָר מיט אַ גרויסע פראַקטיק.

יאַן גאָטאַרד האָט שטודירט אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט געשיכטע פון קונסט. די דאָזיקע שטודיען האָט ער זיך אָפגעגעבן מיט גרויס ברען. ווען ער האָט דעריבער שפעטער אָנגעהויבן צו מאָלן, איז ער געווען איינער פון דער נישט גרויסער צאָל מאָלער, וועלכע האָבן פאַרמאָגט אַ גרינטלעכן באַגאַזש וויסן אויפן געביט פון געשיכטע פון דער קונסט. די קינסטלער — זיינע מיטצייטלער—האָבן אין זייער מערהייט נישט געקענט די יסודות פון דער קלאַסישער קונסט. נאָכמער — ס'איז דעמאָלט געווען אָנגענומען כמעט ווי אַן אומבאַשטרייטבאַרער אמת, אַז אַ טיפערע קענטעניש פון דער קונסט איז פאַר אַ היינטצייטיקן מאָלער גיכער אַ שטערונג. צוליב דעם איז יאַן גאָטאַרד איז געווען אין דער דאָזיקער גרופע אַן אויסנאַם. זיינע בילדער

גאָטאַרד האָט שטודירט אין דער אַקאַדעמיע ביים פראָפעסאָר פרושקאָווסקי, וועלכער איז פאַררעכנט געווען צו די זיילן פון די פוילישע מאָדערניסטן. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז סיי פרושקאָווסקי, סיי גאָטאַרד האָבן שפעטער געהערט צו איין און דער זעלבער קינסטלערישער גרופע א. נ. „דער הייליקער לוקאַש“. צו דער גרופע האָבן אויך געהערט: אַנטאָני מיכאַלאַק, יאַן זאַמאָיסקי, יאַנוש פאָדאָסקי, עליאַש קאַנאַרעק און אנד. יאַן גאָטאַרד איז געווען אין דער דאָזיקער גרופע אַן אויסנאַם. זיינע בילדער

האָט ער געבויט לויט די אַלטע געזעצן, דערביי האָט ער זיך צוריקגעצויגן אויפן געביט פון דער פאָרם נישט נאָר צום רענעסאַנס, נאָר אַפילו צו גיאָטן. די דאָזיקע קלאַסישע פאָרם האָט אָבער מיט גאָרנישט נישט באַשרענקט די היינטצייטיקייט פון דער טעמאַטיק, וועלכע ער האָט באַרירט. להיפוך צו דער מיינונג פון די קאָלאָריסטן, אַז נאָר מיט דער הילף פון קאָלאָריסטישע וואַלאָרן קאָן מען פאַרשטאַרקן די עמאָציאָנעלע ווירקונג פונעם בילד, האָט גאָטאַרד באַוויזן, אַז דעם דאָזיקן ציל קאָן מען אויך דערגרייכן מיט דער הילף פון ריין פּלאַסטישע מיטלען, ד.ה. צייכענונג, ריטמיק, גלאַזורע. באַטראַכטנדיק אויפמערקזאַם וועלכעס ס'איז פיגוראַל בילד פון גאָטאַרדן, האָט מען געמוזט פעסטשטעלן, אַז דער יסוד זיינער איז געווען דער ווילן אַרויסצוברענגען דעם קעגנשטאַנד וואָס מער רעאַליסטיש. גאָטאַרד האָט געמאָלט סיי אויף לייוונט, סיי אויף אַ ברעט, וואָס ער האָט זייער זאָרגפעלטיק און מיט אַ סך מי צוגעגרייט. אַזאַ ברעט פלעגט ער געוויינלעך איבערציען מיט גלאַזור איידער ער האָט זיך גענומען צום מאָלן. פאַר גאָטאַרדן איז די טעקטאָניק געווען דער עיקר=פּראָבלעם, וואָס אונטערליגט נישט קיין שום ספק. אַנדערע קינסטלער דאַקעגן האָבן געהאַלטן, אַז ער סטיליזירט. גאָטאַרד האָט געשטרעבט אַרויסצובאַקומען פון זיינע מאָדעלן עפּעס מער ווי בלויז ענלעכקייט. ער איז גיכער געווען אַן אַנאַליטיקער, וועלכער האָט זיך אָפּט דערהויבן צו די ספערן פון עקסטאַז. ביים בולטן אַרויסברענגען דעם מאָדעל האָט גאָטאַרד זיך געשטיצט אויף די גענויע יסודות פון דער אַנאַטאָמיע פון מענטשלעכן קערפּער, דאַקעגן די פּסיכישע דינאַמיק פון דער פאָרגעשטעלטער געשטאַלט איז איר אינערלעכע טרייבקראַפט. יעדער געשטאַלט ביי גאָטאַרדן פאַרמאָגט אירע ספּעציפישע אייגנשאַפטן, איר באַזונדערן גורל, עפּעס קומט פאָר אין איר און אירע באַוועגונגען און קערפּער=שטריכן זענען ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון זייער אינערלעכער קאָנסטרוקציע. אין דעם בילד, וואָס ווערט אויף אַזאַ אופן קאָנסטרואירט, לאָזט זיך באַמערקן אַ גאַנצקייט פון וויזיעס, וואָס זענען פאַראייניקט אין איין לאָגישער גאַנצקייט. גאָטאַרדס בילדער גיבן אָפט גלענצנדיק איבער אין זייער רעאַליסטישער אמתדיקייט די סימפּטאָמאַטישע דערשיינונגען פון קרענקלעכקייט און באַשרענקונג פון דער קליינבירגערלעכער שטייגער=ספערע. אַזוי צום ביישפּיל באַווייזט דער קינסטלער אין זיין בילד „דער שיכור“ אַ טעמפּ פּנים פון אַ מענטשן. דער מענטש זיצט ביי אַ טיש, אויף וועלכן עס געפינט זיך חוץ אַ פלאַש בראָנפן אויך אַ טאַליע קאָרטן אויסגעלייגט אין אַ פאַסיאַנס. די גראָטעסקאַרטיקע גרימאַסע פון

דעם שיכורס פּנים דריקט אויס טעמפּקייט. דערביי האָט אָבער דער צושויער דעם איינדרוק, אַז די שיכורע פיזיאָנאָמיע איז בלויז אַ מאַסקע, אונטער וועלכער עס באַהאַלטן זיך טיפע, מענטשלעכע ליידן. גאָטאַרדס מאָדעל מאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענטשן, וועלכער אַנטלויפט פאַר די געפאַרן, וואָס לויערן אויף אים אינעם ווירוואַר פון דעם גרויסשטאָטישן טומל און כאַאָס.

גאָטאַרד האָט אויך אין אייניקע וואַריאַנטן געוויזן אַ דראָפּישע זנאַבערקע. די דאָזיקע טיפּן פון אָפּשפּרעכערינס פון פאַרש־דענע קרענק זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אַמאָליקן פּוילישן דאָרף, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין דאָקטוירים און קיין אַפּטייק. איינס פון גאָטאַרדס בילדער אויף דער דאָזיקער טעמאַטיק פאַרמאָגט אַן אינטערעסאַנטע מאָנאַציע. דער קינסטלער באַווייזט אַ געשטאַלט פון אַ זייצנדיקער עלטערער פרוי, וועלכע האַלט אויף דער אויפגעהויבענער האַנט עפּעס אַ גרעזל און אויף דער קני אַ דיק, אויסגעריבן ספר. די פרוי איז אָנגעטאָן אין אַן אויסגעריבענעם געלעכערטן קאַפּטן. יעדער געזיכטס־שטריך אירער איז איבערגעגעבן כמעט מיט פאָטאָגראַפישער בולטקייט און פּינקטלעכקייט. אַפילו די צויטן פון איר קאַפּטן זענען אַזוי רעאַל, אַז זיי לאָזן זיך כמעט ווי אָנטאַפּן. גאָטאַרד וויל נישט מאָראַליזירן מיט דער הילף פון זיינע בילדער, נאָר זיי אַליין איבערצייגן. גאָטאַרד וויל נישט איבערראַשן דעם צושויער מיט עפּעס געניאַלע קאָמבינאַציעס און דאָך מאָלט ער טיילמאָל בילדער בפירוש פאַנטאַסטישע. אַזעלכע איז צום ביישפּיל די קאָמפּאָזיציע אויף דער טעמע פון עפּעס אַן איטאַליעניש מעשהלע. אויף דער דאָזיקער מאָנומענטאַלער לייוונט ברענגט ער אַרויס אַ סך גראָטעסקאַרטיקע פיגורן, געשפּענסטער. ער באַנוצט דערביי אַ סך בלישטשענדיקע גלאַזור, גאָלד־פאָרם. ער סטיליזירט, דעפאָרמירט און איבערראַשט מיט אויסערגעוויינלעכע איינפלוסן. מיר טרעפן דאָ האַלב־מענטשלעכע, האַלב־חיהשע באַשעפענישן, אַ סטאַוו מיט שוואַרץ וואַסער אַזוי ווי טינט, אַ פיגורל פון אַ מיידעלע די גרויס פון אַ פינגער, אַ בושל מיט אַן עופהלע אין שנאָבל און אַ סך ענלעכע באַשעפענישן.

צווישן זיינע קינסטלערישע שאַפונגען זענען אויך פאַראַן אַ היפּשע צאָל פּאָרטרעטן, וועלכע זענען אויסגעפירט אין דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטישער פאַר אים פאָרם. טיילמאָל גיט גאָטאַרד אָפּ אַ גאַנץ יאָר אויף אויסצופירן איין פּאָרטרעט. הגם אין אַלע פּאָרטרעטן היט ער אָפּ די קלאַסישע פאָרם, צייכנט זיך יעדער אויס מיט זיין אייגנאַרטיקייט.

זייער דינאַמיש איז זיין עקספּרעסיע איז צום ביישפּיל דער פּאָרטרעט פון גאָטאַרדס פריינד, דער מאָלער אַנטאָני מיכאַלאַק. דער דאָזיקער פּאָר־טרעט הענגט אין דער גאַלעריע פון פּוילישער מאָלעריי אין וואַרשעווער נאַציאָנאַל־מוזיי. גאָטאַרד האָט אויך אין דער פּולער מאָס אָפּגעשאַצט די קאָלאָריסטישע וואַלאָרן אינעם בילד, אָבער מיט זייער הילף האָט דער קינ־סטלער גיכער אַקצענטירט די גייסטיקע שטריכן פון דער געשטאַלט. אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן, שאַפנדיק מיכאַלאַקס פּאָרטרעט, ווו ער האָט מיט דער הילף פון אַ רייכער קאָלאָריסטישער גאַמע אַרויסבאַקומען דעם דאָזיקן מאָמענט.

יאַן גאָטאַרד געהער צו די קינסטלער, ביי וועמען דער טאַלאַנט איז אינגאַנצן אונטערגעאָרדנט דער לאָגיק. דעריבער זענען גאָטאַרדס אַרבעטן גישט קיין אויסדרוק פון ספּאָנטאַנישע איבערלעבונגען. עס איז מאָרגנע, וואָס דער זעלבער קינסטלער, וועמענס בילדער צייכענען זיך אויס מיט זיי־ער שאַרפער, אַרכיטעקטאָנישער לאַקאָנישקייט, איז אין דער צייכענונג אויסערגעוויינלעך ווייך און דעליקאַט. יעדער שטריך פון דער פאָרם איז באַפאַרבט מיט דעם פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פונעם מאָטיוו.

יאַן גאָטאַרד האָט אָפּט אָנטיילגענומען אין די אויסשטעלונגען פון דער גרופּע, צו וועלכער ער האָט געהערט, אַזוי אין די וואַרשעווער ווי אין די אַלפּוילישע. זיינע בילדער זענען אויך איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער קאָ־לעקציע פון די רעפּרעזענטאַטיווע אויסשטעלונגען פון דער פּוילישער קונסט, וועלכע זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין אויסלאַנד. גאָטאַרדס ביל־דער האָט מען אַזוי אַרום באַטראַכט אין מאָסקווע, שטאָקהאָלם, פּאַריז, העלסינקי, רוים און אַנד. אייראָפּעישע הויפּטשטעט. אויך אין בערלין האָט מען אין יאָר 1935 באַוווּנדערט גאָטאַרדס בילדער בעת דער אויסשטעלונג פון דער פּוילישער קונסט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ ריי שטעט פון דייטשלאַנד. גאָטאַרדס בילדער זענען דאָרט זייער פּאָזיטיוו אָפּגעשאַצט געוואָרן.

עס איז געקומען סעפּטעמבער 1939. יאַן גאָטאַרד איז געווען אויף דער „אַרישער“ זייט. ער האָט זיך אַפילו נישט אָפּגעגעבן קיין דין וחשבון, אַז עס דראָט אים וועלכע ס'איז געפאַר צוליב זיין יידישער אָפּשטאַמונג. זיין זיכערקייט איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען מען האָט אַמאָל, בעת זיין אָפּוועזנהייט גענומען אין זיין הויז ערוביניקעס (אַלס אַ רעפּרעסיע פאַר אַ דערשאָסענעם דייטש אין דער נאָענט פונעם הויז, ווו ער האָט געוווינט), האָט גאָטאַרד פרייוויליק זיך געמאָלדן אין דער געסטאַפּאָ אויף אַלייע שו־

כאַ, ווייל אָנגשטאָט אים האָט מען ביי די שכנים גענומען צוויי משפּחה־מיטגלידער. מ׳האָט אים דעמלט איינגעזעצט אויפן פּאוויאַק. ווען מ׳האָט זיך איבערצייגט, אַז ער איז אַן עפּילעפּטיקער, האָט מען אים אין אַ קורצער צייט אַרום באַפרייט. ער האָט זיך אָבער נישט לאַנג געפרייט מיט דער פרייהייט.

אין אַ געוויסן טאָג איז פאַרן הויז, וווּ ער האָט געוווינט, פאַרפאָרן אַן אויטאָ פון געסטאַפּאָ און מען האָט אַרויסגעשלעפּט גאָטאַרדן צוזאַמען מיט זיין אַלטער מוטער. דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, האָבן זיינע חברים פּלאַנירט צו זאַמלען געלט, כּדי אויסצוקויפן גאָטאַרדן פון דער געסטאַפּאָ. זיי האָבן אַלץ געטאָן, וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט, אָבער ס׳איז געווען שוין צו שפּעט. גאָטאַרד איז צוזאַמען מיט זיין מוטער דערמאָרדעט געוואָרן אַלס ייד.

מיטן טויט פון גאָטאַרדן האָט די פּוילישע קונסט פאַרלוירן איינעם פון די ווערטפולסטע מאָלער.

# חיים גאָלדבערג



חיים גאָלדבערג איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1890 אין דעם קליינעם שטעטל לוקאָוו. דאָ האָט ער געלערנט אין דער ישיבה און שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער און געפּרוווט מאָלן. גאָלדבערג האָט קודם־כל געפּרוווט דורכצופירן אַ ווידערגעבורט פון דעם אַלטן יידישן אופן פון צייכענען אותיות. אמת, דאָס דרוקוועזן ביי די פּוילישע יידן האָט געהאַט אַ הערלעכע טראַדיציע, ווייל די ערשטע דרוק־זאכן אין דער יידישער שפּראַך באַווייזן זיך שוין אין י. 1534, דאָך האָבן די אותיות נישט דורכגעמאַכט קיין שום עוואָלוציע. די אַלטע העברעישע אותיות זענען אַזוי ווי דורכגעדרונגען מיט דער גאַנצער מיסטיק און סימבאָליק פון דער ביבל און שוין דאָס אַליין איז געווען די סיבה, וואָס מען האָט נישט געוואַגט ביז־אַהער דורכצופירן די קלענסטע ענדערונגען אויפן געביט פון די יידישע אותיות. דאַקעגן די יידישע שפּראַך, וועלכע באַנוצט זיך מיט די זעלבע אותיות, האָט שוין פונעם אָנהייב פון XIX יאָרהונדערט געהאַט די טענדענץ אָפּצושפּיגלען דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן און דאָס סיי אין דער פּאָעזיע, סיי אין דער פּראָזע. חיים גאָלדבערג, זוכנדיק אין העברעישע און יידישע צייטשריפטן, שטעלט פעסט, אַז אַפילו גוטע אַרטיקלען און פּאָעטישע שאַפונגען זענען פאַרענדערט געוואָרן צוליב שלעכטער טיפּאָגראַפיע. חיים גאָלדבערג, וועלכער האָט אין דייטשלאַנד שטודירט מאָלעריי, האָט זיך אַממייסטן אינטערעסירט מיט גראַפיק און האָט זיך באַמיט די דערוואָרבענע אויף אַזאַ אופן קענטעניש אויסצונוצן צו רעפאָרמירן די יידישע שריפט. א סך מי לייגט

ער אַריין אין די צייכענונגען אויף דער דאָזיקער טעמע. די אַרבעטן פאַרעפנטלעכט ער אין העברעישע און יידישע צייטשריפטן. אין די דאָזיקע גראַפישע אַרבעטן איז פאַראַן אַ סך פאַנטאַזיע. אממייסטן פאַרכאַפט גאָלדבערגן די קאָנצעפּציע פון אַ נייער שריפט, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דעם לעבעדיקן וואָרט. איבער דער דאָזיקער אויפגאַבע אַרבעט ער כסדר, ער שאַפט אַ סך סקיצן צו יעדן באַזונדערן אות, ביז וואַנען עס געלונגט אים אַרויסצובאַקומען דעם אייגנטימלעכן פאַר אים אַקצענט. ער פאַרנעמט זיך אויך מיט קאָמפּאָנירן עפעקטפולע הילעס צו ביכער.

אין יאָר 1935 האָט דער פאַריזער פאַרלאַג „טריאַנגעל“ אַרויסגעגעבן אַן אַלבום פון 50 גאָלדבערגס צייכענונגען אויף יידישער טעמאַטיק, מיט אַן אַריינפיר פון פאָל פירענס. די פרעסע האָט באַוווּנדערט די הויכע וואַלאָרן פון דער דאָזיקער גראַפיק, וועלכע איז אויסגעדריקט געוואָרן אין דער ראַפינירטער טעכניק פון ווייס און שוואַרץ. טראָץ דער ספּעציפישער טעמאַטיק, זענען גאָלדבערגס צייכענונגען געווען מאָדערניסטיש, ווייל ניט קוקנדיק אויפן בולטן איינפלוס פון ליליענס גראַפיק, איז גאָלדבערג ניט באַהערשט געוואָרן, אַזוי ווי ליליען, דורך דעם אַזוי גערופענעם „יוגנט-סטיל“. גאָלדבערגס צייכענונגען זענען גיכער געווען ראָמאַנטיש-רעאַליסטיש.

חיים גאָלדבערג האָט פאַרלייגט אין וואַרשע, אויף קרולעווסקע 25 אַן אַנשטאַלט פון קינסטלערישער צינקאָגראַפיע א. ג. „גראַפיקאָן“, ווו מען פלעגט אויספירן קלישעס, וואָס האָבן גענוי אַנטשפּראָכן דעם אָריגינאַל. גאָלדבערג האָט געטרוימט וועגן אַרויסגעבן ביכער אין דער יידישער שפּראַך אין אַן אייראָפעישן סטיל, אין אַ קליינער אויפלאַגע, אָבער מיט אָריגינעלער גראַפיק פון באַרימטע יידישע קינסטלער. אַליין האָט ער אַרויסגעגעבן אַ מאָנאָגראַפיע וועגן מאָלער משה אַפעלבוים, וואָס איז אילוסטרירט געוואָרן מיט גוטע רעפּראָדוקציעס. חיים גאָלדבערג איז געווען זייער אַן אַקטיווער מיטגליד פון פאַרבאַנד פון יידישע פּלאַסטיקער. אין זיין אַנשטאַלט האָט ער ניט איינמאָל אויסגעפירט קלישעס פאַר רעפּראָדוקציעס פון בילדער פון טייל קינסטלער. גאָלדבערג האָט אויך אָפּגעדרוקט אין יאָר 1922 אין דער „ביכערוועלט“ אַן אַרטיקל וועגן דער רעפאָרם פון דער יידישער שריפט.

אין סעפּטעמבער 1939 האָט גאָלדבערג זיך אָפּגעראַטעוועט, אַנטלויפנדיק קיין ביאַליסטאָק. זינט דעם יאָר 1941 איז פאַרשווּנדן געוואָרן יעדער שפּור נאָך אים.

# אברהם גוטערמאַן



די באַדייטונג פון דעם קינסט־לער אברהם גוטערמאַן פאַר דער פּראָגרעסיווער פּלאַסטישער קונסט פון פּוילן באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז ווירקלעך געווען פון די אויסנאַם־ווייניקע, וועלכע האָבן דערשאַצט, אַז קונסט מוז זיין באַזירט אויף אַ נוצן, וואָס דינט דער מאַסע, דעם אַרבעטנ־דיקן מענטש.

נאָך אַלס יונגער בחור איז ער גלייכצייטיק רייף געוואָרן צו צוויי גרויסע פּראָבלעמען: קונסט און סאָ־ציאַליזם. ער פאַרמאָגט אין זיך אַ דערהויבן געפיל צו קאָנען איבערגעבן נאַטור, לעבנס־דערשיינונגען פּלאַס־טיש, קינסטלעריש סיי אין קאָליר און סיי אין צייכענונג. ער האָט באַקומען אָפענע אויגן אויך פאַר מענטשן, פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבנס־קאַמף. ער איז גייסטיק פרי רייף געוואָרן און גייסטיק, וואָלט איך געזאָגט, איז ער אין זיין דענקען געווען אַ פּלאַסטיקער. אין דער פּלאַסטיק אַליין האָט זיך עס אים איינגעגעבן נישט אין דער פולער קראַפט. כאָטש ער האָט געהאַט דעם ער־לעכן ווונטש צו דערגרייכן שלימות, צו רעאַליזירן זיינע מאָלערישע עמפּינ־דונגען. ער איז געוואָרן ווי פאַרכישופט, פאַנטאַסטיש, אַבסטראַקט, מיט איין וואָרט, פיל פון זיינע בילדער זענען אַרויסגעקומען ווייניק רעאַל.

אברהם גוטערמאַן איז דעריבער אַ טראַגישער קינסטלער. ער האָט זיך בײַ יעדער אַרבעט שטאַרק מצער געווען. קינסטלערישע קאָנצעפּציע איז בײַ אים געווען איינס און די רעאַליזירונג פון דער קאָנצעפּציע — גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס אָרגאַנישע קונסט־ווערק איז בײַ אים אויסגעפאַלן פאַרפּלאָנטערט. אַ פּשטל אין אַ פּשטל, ווי אַ ישיבה־בחור אין דער גמרא. אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס זײַן עלעמענטאַרע בילדונג איז געווען דער ישיבה־קוואַל. אַפילו דעמאָלט, ווען ער איז, אין ענגן זין, געוואָרן אַ מאָדער־נער מענטש, אַ סאָציאַליסט, איז בײַ אים געבליבן די נייגונג צו גריבלעניש אין דער קונסט. ער האָט געוואָלט דערגרונטעווען אין דער מאָלערײַ די סודי־סודות. ריכטיק איז, אַז דורך זײַן אויפגעקלערטקייט האָט ער טאַקע גע־וואָלט זײַן גאָר אַ סאָציאַלער קינסטלער. זײַן קוק אויף דער וועלט איז געווען אונטערן איינפלוס פון די שטורמישע וויבראַציעס פון זײַן דור, דאָס הייסט, ער האָט זי באַגומען מיט דער לעבנס־שפּראַך פון די קעמפערישע שיכטן אין דער יידישער געזעלשאַפט, וואָס האָבן געווירקט אין זײַן צײַט. יעדע דערשייַנונג האָט זיך אין זײַן שאַרפן פאַרשטאַנד אָפּגעשפּיגלט פּרעציז אין אַלע דעטאַלן.

צערטלער און פול מיט ליבשאַפט האָט ער טאַקע גלייך געוואָלט זײַנע אַנטדעקונגען פאַרבינדן אין אַ פאַרביק בילד, אָבער זײַן צופיל לאַבאָראַטאָ־ריש־עקספּערימענטירן האָט אים אין אַ סך אַרבעטן געמאַכט אומפאַר־שטענדלעך פאַר די אַרבעטער. די מערקווירדיקע קאָמפּאָזיציעס, וואָס ער האָט געוואָלט איבערגעבן דורך אַ קינסטלערישער פונקציע, איז בעיקר בײַ אים געוואָרן אַ ווירבל, אַ סימפאָניע פון אַן איראַציאָנעלער פאַרבן־שפּיל.

דער מאָלער גוטערמאַן האָט מיט זײַן קונסט נישט געשאַפן קיין איי־גענע ספערע, וואָס וואָלט געקאָנט וויסנשאַפטלעך אויסהאַלטן אַ פאַרגלייך טאַקע דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין קונסט־טראַדיציע. נאָר אַזוי ווי ער איז געווען באַשאָנקען מיט טאַלאַנט און שאַרפן שכל איז ער געווען, ווי מיר האָבן אין אָנהייב געזאָגט, אַ טראַגישער קינסטלער.

ער איז דאָך נישט געווען אימשטאַנד צו שאַפן אין אַ נייער פאָרם סור־רעאַליסטיש און אַבסטראַקט, כל־זמן ער איז נישט דורכגעגאַנגען אַלע שטופן פון דער קלאַסישער קונסט בכלל. צו דעם אַלעם איז ער נאָך גאָר לייכט צוגעגרייט געווען. אָבער צו זײַן לויב דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אין זײַן צײַט האָט ער געדינט דער קונסט, ער האָט געוואָלט גאָר הויך פליען, כדי צו דינען דעם פּראָגרעס. אויך אין די געדראַנקען איז ער געפלויגן היפּש הויך. מיט גוטערמאַנען איז געווען זעלטן אינטערעסאַנט צו שמועסן וועגן קונסט.

ער האָט אויפֿן צוהערער איבערגעטראָגן אַ פלואיד פון צאַרטסטער איידלקייט, אַ בילדעריש־פאַרביקע אַטמאָספער האָט זיך געשאַפן פאַר די אויגן. עס האָבן אויפגעטויכט פארביקע געשטאַלטן. גוטערמאַן האָט מיט עספרי געשריבן איבער קונסט. אָבער סיי דאָס שרייבן און סיי דאָס טעמפעראַמענטפולע רעדן זיינס איז נישט געווען די נאַטור פון זיין קונסט, ווייל אין שאַפן אַליין איז ער געווען אינגאַנצן אַנדערש. וואָס קאָן זיין די סיבה פון די אַזויפיל זיגזאַגן ביים דאָזיקן אינטערעסאַנטן קינסטלער?

געשפילט האָט זיך אַ יידיש קינד אין פויליש־יידישן שטעטלע נאָוודוואָר מיט קריצן, צייכענען און מאַליעווען. קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, קיינער האָט זיך ערנסט נישט פאַראינטערעסירט מיט זיינע אַרבעטן און ס'איז נישט געווען ווער זיי צו ווייזן. די פרומע עלטערן האָבן זיך בלויז געזאָרגט, אַז ער זאָל גיין אין חדר אַריין און קענען לערנען. ווען אַנדערע קינדער האָבן זיך געשפילט מיט קנעפלעך, האָט ער זיך פאַרגאַפט אויף בלומען און ביימער, געקוקט אויפן הימל, ווי די כמאַרעס האָבן געפורעמט געשטאַלטן. ער האָט געקאָנט דורכבויערן מיט זיינע פלאַמענדיקע אויגן זיינע חברימלעך און לאַנג באַאָבאַכטן זייער יעדן באַוועג. וואָס קאָן פון אים ווערן? — האָבן אָפט מיט זאָרג געקלערט זיינע עלטערן. פאַרשטעקט, באַהאַלטן פון רבין מיט די תלמידים האָט ער געמאַכט צייכענונגען. מער ווי אַנדערע קינדער איז ער אַרומגעגאַנגען אַ פאַרחלומטער, און אין שלאָף געזען נאָר בילדער. מיט זיין דינאַמישן טעמפעראַמענט האָט ער שוין אין דער ישיבה צו זיבעצן יאָר דערפילט זיין מיסיע צו זיין אַ קינסטלער. דאָס איז געקומען דורך זיינע פרי־אויפגעוועקטע חושים פאַר קונסט. ער רייסט איבער זיינע פילפולדיקע לימודים און אַנטלויפט קיין קראָקע. מיט זיין שוואַכן פויליש רעדן, כמעט אָן שום בילדונג, נאָר מיט זיי בלויזן טאַלאַנט איז גענוג געווען אויף איבערצוציינגן די קראָקעווער פראָפעסאָרן. און אַזוי ווערט ער אַ סטודענט אין דער באַרימטער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע.

ביי ניינצן יאָר טרעט ער שוין אַרויס אויף אַן אויסשטעלונג מיט זיינע אַרבעטן. אַלס יונגער קינסטלער האָט גוטערמאַן שוין פאַרשטאַנען דעם תוך פון ווירקנדיקן בילד. די קונסט מוז ווייזן דעם אַרבעטנדיקן מענטש און דערין ליגט דער הויפט־פאַרדינסט זיינער. גוטערמאַן האָט דורך זיינע בילדער באַוויזן צו פאַראינטערעסירן, אויספיינערן דעם געשמאַק פאַר דער קונסט ביי די אַרבעטנדיקע מאַסן. גוטערמאַן האָט צוויי מאָל אין יידישן ליטעראַטן־פאַריין, אויף טלאָמאַצקע 13, אויסגעשטעלט זיינע בילדער. אין

דער „זאַבעגטע“, ווי אויך אין דער יידישער קונסט=געזעלשאַפט זענען געוועזן אויסגעשטעלט זיינע אַרבעטן, וועלכע האָבן שטענדיק צוגעצויגן גרויסע מאַסן באַזוכער.

אין ווינטער 1939 האָט גוטערמאַן געהאַט זיינע בילדער אויף דער יובל=אויסשטעלונג פון יידישן קינסטלער=פאַרבאַנד אויף דלוגע 26. דאָרט האָט ער געוויזן קוביסטישע בילדער מיט אַבסטראַקטע רעפלעקסן. מיט דעם גאַנצן אימפעט האָט ער געשטרעבט צו באַווייזן, אַז זיין בילד פאַרמאָגט אַן אַנדערן כאַראַקטער, ווי די בילדער פון אַלע איבעריקע מאָלער. גוטערמאַן האָט גאַנץ גוט געוווסט, נאָך אפשר מער ווי אַ צווייטער, ווו עס ליגט, טראָץ דעם, דער חסרון פון זיין שאפונג, פאַרוואָס זיין ווערק קאָן נישט ווערן קלאָר אויפגענומען ביי די ברייטסטע מאַסן; בשעת ער וויל רעאַליזירן די קאָנצעפּציע פון אַן אידעע און זי אַרויסברענגען אויפן לייוונט, ווערט ער פאַרבלאָנדזשעט אויף דרכים פון פאָרמאַליזם. עס איז דאָך כאַראַקטעריסטיש, אַז די סאַנאַציע=פּראָקוראַטור האָט אויף זיינס אַן אויסשטעלונג קאָנפיסקירט אַ סך זיינע בילדער, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין רעאַליסטישע פאָרם. ס'האָט מעגלעך געקאָנט זיין דערפאַר, וואָס גוטערמאַן האָט אַ גרויסן טייל פון זיינע בילדער געשאַפן אויף קאַמף=מאָטיוון. זיינע בילדער זענען געווען זייער אַרויספאָדערנדיק.

געלעבט האָט ער אין גרוים דחקות אויף דער דזשעלנע גאַס, אין אַ פאַרוויכערטער שטוב מיט צעבראָכענע אַלטע מעבל. אינדערמיט — די שטאַלוגע מיט פאַלעטעס און פענדזלען. אין אַזאַ אַטמאָספער האָט ער געשאַפן זיינע בילדער. צו אים פלעגן קומען אַרבעטער=אינטעליגענטן. יעדן האָט ער עפּעס געהאַט צו דערציילן. אין זיין שפּראַך=קולטור איז ער געווען נישט נאָר שאַרמאַנט, נאָר אויך קלוג און באַלערנדיק. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר זיך אַליין האָט ער געהערט צו דעם סאָרט קינסטלער, וואָס זענען אין לעבן געווען זייער נישט פּראַקטיש.

אין 1939, ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער קריג, האָט גוטערמאַן זיך דערשלאָגן קיין ביאַליסטאָק. בעתן צווייטן איבערפאַל פון היטלער=דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד האָט ער זיך עוואַקואירט מיט אַלע אַנדערע חברים. אָבער, ווען דער צוג איז געוואָרן נאָכאַנאַנד באָמבאַרדירט דורך די דייטשישע אַעראָפּלאַנען, איז ער מיט דער פרוי און קינד אַראָפּ הינטער באַראַנאָוויטש. ער האָט געהאָפט, אַז צופוס, דורך וועלדער, וועט ער זיך קאָנען זיכער דורכשלאָגן.

דער קינסטלער מאַנדעלצווייג, וואָס האָט זיך געפֿונען מיט גוטערמאַ־נען אין איין וואַגאָן, האָט אים געפּרוווט מיט אַלע כּוחות צוריקהאַלטן פֿון דאָזיקן שריט. אָבער בשעת אַ באָמבאַרדירונג האָט ער נערוועז און אויפֿגע־רעגט פֿאַרלאָזט דעם צוג. ער איז פֿון דעם מאָמענט פֿון זיינע פֿריינד פֿאַרלוירן געגאַנגען אָן אַ שפּור. פֿון ביאַליסטאָקער געטאָ איז אויך גישט באַקאַנט אַז ער זאָל האָבן דאָרט געווען.

אין אברהם גוטערמאַן האָבן די פֿאַשיסטישע רוצחים אומגעבראַכט אַן איבערגעגעבענעם פּראָגרעסיוון קינסטלער און אַן אינטערעסאַנטע פּער־זענלעכקייט, וואָס האָט באַשטימט געהאַט נאָך אַ סך פֿון זיך צו געבן.

די יידישע קולטור־וועלט באַקלאָגט אין אים אַ טרייען און ערלעכן קינסטלער־קעמפּער.

# הדסה גורעוויטש

הדסה גורעוויטש איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע אין יאָר 1911. דער פֿאָטער אירער מנחם איז געווען דער דירעקטאָר פֿון דער ווילנער העברעי־שער גימנאַזיע. אַלס דירעקטאָר האָט ער געפֿירט אַ שווערן קאַמף פֿאַר דער עקזיסטענץ פֿון דער שול, וועלכע האָט אַזוי ווי אַ סך שולן פֿון דעם טיפּ אין סאַנאַציע־פּוילן, געהאַט שטענדיק מאַטעריעלע קלאַפּאָטן. די היים הדסהס איז געווען אַ טיפּיש פּאַטריאַרכאַלע, וווּ מען האָט אָפּגעהיט די טראַדיציע פֿון גוטע מאַניערן.

הדסה האָט באַזוכט די העברעישע גימנאַזיע און נאָכן ענדיקן די שול איז זי אָנגענומען געוואָרן אויפֿן אוניווערסיטעט א. ב. פֿון סטעפֿאַן באַטאָרי אין ווילנע אויפֿן פֿאַקולטעט פֿון קונסט.

הדסה איז געווען אַ מאָלערין. זי האָט זיך אויסגעלעבט אין דער וועלט פֿון קלאַנגען און פֿאַרבן־טענער. אין משך פֿון אַ געוויסער צייט איז זי אַרונ־טערגעפֿאַלן דעם איינפֿלוס פֿונעם לייטער פֿון דער אָפּטיילונג פֿאַר קונסט לודאָמיר שלענדזשינסקי, וועלכער האָט פֿארדרייט דעם קאָפּ די סטודענטן מיט אַ טעאָריע פֿון נעאָקלאַסיזם פֿון דער מאַרקע „אַלאַ שלענדזשינסקי". דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. הדסהן האָט געצויגן צו אַן אַנדערן קרייז פֿון פֿאַראינטערעסירונגען, זי איז מיטגעריסן געוואָרן מיט אַנדערע פֿאָרמען. זי האָט זיך הויפּטזעכלעך אויסגעלעבט אין דער פֿאַרביקייט פֿון די מאָטיוון.

זי פֿלעגט זיך אָפֿט באַקלאָגן, אַז די רעאַליזאַציע האָט נישט אַנט־שפּראָכן אירע פֿאַרלאַנגען און טרוימען. זי איז געווען זייער אַ גוטע און אַ חברישע און דעריבער געווען באַליבט ביי אירע חברטעס און חברים, מיט וועלכע זי האָט זיך גערן באַראַטן און זיי אָנפֿאַרטרויט אַלע אירע אי־בערלעבונגען און אָנשטרענגונגען אַרויסצובאַקומען וואָס מער עסטעטישע עפֿעקטן.

הדסה גורעוויטש האָב איך אָפּט געטראָפֿן אינעם הויז פֿון רחל סוצקעווער, אַ טאַלענטירטע ווילנער מאָלערין. רחל סוצקעווער האָט געשטאַמט פֿון אַ היים פֿון קליינע, גראָע מענטשן, וועלכע האָבן נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס עס איז אַזוינס קונסט. זי אַליין אָבער איז געווען אַ כישופֿמאַכערין, וואָס האָט אַריינגעכישופֿט אין אירע בילדער די גאַנצע טיפֿקייט פֿון אירע רייכע איבערלעבונגען. הדסה האָט זייער ליב געהאַט איר חברטע און האָט אָפּגעשאַצט די גרויסקייט פֿון איר טאַלאַנט. איין מאָל האָט הדסה פֿאַרבעטן צו זיך רחלען און מיך. זי האָט מיר געוואָלט ווייזן אירע בילדער, אויסהערן מיין מיינונג און אָנווייזונגען. זי איז דעמלט געווען האַרט פֿאַרן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט־שטודיום. ביי איר אינדערהיים האָב איך זיך אויך באַקענט מיט איר פֿאָטער, אַ מענטש אַ שטאַרקן, אַ פֿאַרהאַרטעוועטן מיט אַן אחד העמישן קאָפּ, פֿיל מיט וויסן. אינעם אויפֿנאַם־צימער האָב איך באַטראַכט די פֿאָטאָגראַפֿיעס, וואָס האָבן געהאָנגען אויף דער וואַנט, פֿאַרביקע דיפּלאָמען אונטער גלאָז און צווישן דעם אַלעם — אויך אַ פֿאָרטרעט, אויסגעפֿירט דורך הדסהן. דער דאָזיקער פֿאָרטרעט, וואָס איז געמאָלט געווען מיט אַ סך שוווּנג און עקספּרעסיע, האָט פֿאָרגעשטעלט משה דוניצן, אַרום וועלכן די ווילנער יוגנט האָט געשאַפֿן לעגענדעס. דער דאָזיקער דוניץ איז אַלס ייִנגל געקומען קיין ווילנע — אין „ירושלים דליטע". אַן אָפּגעריסענער און אויסגעהונגערטער האָט ער אַ געוויסע צייט דאָ פֿאַרבראַכט און געשאַפֿן אַ ריי וווּנדערבאַרע בילדער, כּדי שפּעטער אומבאַמערקט פֿאַרשווינדן צו ווערן.*

די פֿאַריתומטע ווילנער מאָלער האָבן אים אַ לאַנגע צייט דערמאָנט מיט באַדויערן און פֿלעגן אומעטיק קוקן אויף מיר, גלייך ווי זיי וואָלטן מיך געוואָלט פֿרעגן, צי איך האָב זיך ערגעץ אין דער ברייטער וועלט נישט אָנגעטראָפֿן אויף דעם דאָזיקן מעטעאָר פֿון דער קונסט. איך האָב באַטראַכט הדסהס בילדער, וואָס זענען געהאָנגען אויף די ווענט פֿון איר צימער און דערביי באַמערקט, ווי הדסה שעפּטשעט פֿאַרטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען זי זאָל קאָנען אַזוי מאָלן ווי דוניץ. זי האָט דערביי געוואָרפֿן אַ וואַרעמען בליק אויף רחלען, טראַכטנדיק געוויס: זאָל זיין כאָטש אַזוי ווי זי.

איך ווייס נישט, צי און ווי אַזוי עס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט הדסה גורעוויטשעס טאַלאַנט. נאָכן דעמלטיקן אַרויספֿאָרן פֿון ווילנע האָב איך שוין מער נישט געהאַט קיין געלעגנהייט אים נאָכצופֿאָלגן. צום לעצטן

* ער האָט שפּעטער שטודירט אין דער לענינגראַדער קונסט־אַקאַדעמיע.

מאָל האָב איך געזען אירע בילדער אויף דער יובילי־אויסשטעלונג פֿונעם פֿאַרבאַנד פֿון יידישע קינסטלער־פּלאַסטיקער אין פֿעברואַר—מערץ 1939. אין אַ קורצער צייט אַרום — אין אָקטאָבער 1939, ווען די דייטשישע האָרדעס האָבן פֿאַרפֿלייצט אונדזער לאַנד, האָב איך זיך אינעם כאַאָס פֿון יענע טעג ווידער געפֿונען אין ווילנע און ווידער זיך געטראָפֿן מיט הדסהן אינעם דאָרטיקן יידישן פּלאַסטיקער־פֿאַריין. מיר האָבן זיך כמעט ווי אָנגעשטויסן אינעם ענגן קאָרידאָר פֿונעם לאָקאַל. הדסה האָט געטראָגן אַ פּאַק מיט בעטגעוואַנט פֿאַר אַ וואַרשעווער חבר, וועמען ס'איז געלונגען צו אַנטלויפֿן פֿון די דייטשן, וואָס האָבן פֿאַרנומען וואַרשע. דער דאָזיקער חבר איז געווען הענריק שערער. הדסה האָט דעמלט געטאָן אַלץ, וואָס זי איז נאָר בכוח געווען, כדי צו פֿאַרלייכטערן דעם גורל פֿון די מאָלער, וועמען ס'איז געלונגען אַרויסצוקריגן זיך פֿון די געביטן, וואָס זענען פֿאַרנומען געווען דורך די דייטשן. ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַרויסהעלפֿן עמעצן, האָט זי פֿאַרגעסן וועגן איר היים, איר מאַן, איר קינד. זי האָט נישט געקאָנט גלייכגילטיק פֿאַרבייגיין פֿאַר עמעצנס אומגליק. אין יענער צייט, ד. ה. אין יאָר 1940, האָבן זיך אויף דער אויסשטעלונג אין ווילנע באַוויזן אירע דריי בילדער. זי איז שוין דעמלט געווען די פֿרוי פֿונעם אַדוואָקאַט גראָדסקי.

אין יוני 1941 האָבן די היטלעריסטן פֿאַרנומען ווילנע. הדסהס מאַן איז געפֿאַלן אויפֿן פֿראָנט. דעם פֿאָטער האָט מען געכאַפּט בעת אַ „לאַפּאַנקע“, זי דאַקעגן צוזאַמען מיט דער מוטער איז אַריינגעפֿאַלן אין געטאָ. ווי לאַנג ס'איז נאָר מעגלעך געווען האָבן אירע פּוילישע חברטעס איר אַרויסגעהאָלפֿן, אַריינברענגענדיק אין געטאָ אַ ביסל פּראָדוקטן. שפּעטער איז דער קאָנטאַקט מיט דער אַרישער זייט איבערגעריסן געוואָרן. עס איז געקומען דער שרעקלעכער טאָג פֿון אויסזידלונג. מ'האָט שוין דעמלט געוווסט וווהין און צו וואָס מען זידלט אויס די יידן. בעת דער סעלעקציע האָט מען די עלטערע און קראַנקע איבערגעוואָרפֿן אין איין זייט פֿונעם פּלאַץ, די יינגערע — אין אַ צווייטער זייט, פֿון וואַנען זיי האָבן באַדאַרפֿט אַוועק אויף אַרבעט. אויך הדסה מיט איר מוטער האָבן זיך געפֿונען אויפֿן פּלאַץ. מ'האָט זי געוואָלט אַריבערוואַרפֿן צו די יונגע, אָבער זי האָט נישט מסכים געווען. זי האָט נישט געוואָלט פֿאַרלאָזן די מוטער, זי האָט נישט געוואָלט אָננעמען די „טובֿה“ פֿון די היטלעריסטישע באַנדיטן, און צוזאַמען מיט אַלע איז זי אַוועק אינעם לאַנגער פֿאָנאַרי אויפֿן טויט. אַזוי איז אומגעקומען הדסה גורעוויטש.

# משה גורעוויטש

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1907 אין לאָדזש. שטודירט האָט ער אין וואַרשע ביים פּראָפעסאָר פעליציאַן קאָוואַרסקי. באַטראַכטנדיק די רעפּראָדוקציעס פון גורעוויטשעס בילדער אינעם פאַרמלחמהדיקן לאָדזשער זשורנאַל „פאָרמאַ“ און קאָנפראָנטירנדיק זיי מיט זיינע אָנשוינגען אויף קונסט, וועלכע ער האָט נישט איינמאָל פאַרעפנטלעכט אין דעם דאָזיקן זשורנאַל, קאָן מען פעסטשטעלן, אַז גורעוויטש האָט געהערט צו דער גרופּע קינסטלער־אינטעלעקטואַליסטן. די פּראָבלעמאַטיק, מיט וועלכער ער האָט זיך שטענדיק פארנומען, איז געווען עקאָנאָמיע אינעם זין פון אַ באַגרענעצטן פלעך דורך קאָנטורן, טענער און פּלאַסטישע פאָרמען, ד. ה. דורך דעם אַלעמען, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָסן מיטן באַגריף: דאָס בילד. דאָס פּראָבלעם פון דעם בילדער־פלעך האָט פאַרכאַפּט פאַר דער מלחמה נישט איין טאַלענטירטן מאָלער. גורעוויטש האָט טאַקע געהערט צו די דאָזיקע טרוימער, וועלכע האָבן די קונסט געשטעלט העכער פון אַלץ אין דער וועלט. די וויזיעס פון די דאָזיקע קינסטלער האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די אַקאָרדן פון דער אַזוי גערופענער ריינקייט פון פאַרבן אָדער פאַנטאַסטיק פון צייכנערישע געאָמעטרישע פיגורן. מ׳האָט פריער פאַר אַלץ אַקצענטירט דאָס, וואָס האָט געפאָדערט האַרמאָניע אויפן דעקאָראַטיוון געביט.

משה גורעוויטש האָט אָנגעהויבן אויסצושטעלן אַ פּאָר יאָר פאַר דער מלחמה. זיינע בילדער האָבן זיך באַוויזן אין לאָדזש און אין וואַרשע. זיין יונגער טאַלאַנט האָט דעמלט נאָר וואָס אָנגעהויבן אויפצולייכטן אויפן קינסטלערישן האָריזאָנט. פאַרשטייט זיך, אַז די שאַפונגס־פּאָטענץ פון דעם דאָזיקן מאָלער איז באַטראַכט געוואָרן אויסשליסלעך פונעם שטאַנדפּונקט פון סובטעלן גראַדירן די פאַרבן־טענער אין זיינע בילדער און די פיינעזיע פון דער אַראַבעסקן־פאָרם פון זיין צייכענונג. אָבער לאָמיר בעסער לאָזן

רעדן דעם קינסטלער גופא, ציטירנדיק זיינע געדאַנקען, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זשורנאַל „פּאָרמאַ“ אין מאַי 1935. „מיין קינסטלערישע הנחה אין דעם געגעבענעם בילד איז זייער אַ פּשוטע. עס איז מיר קודם כל געגאַנגען אין אַ קאָלאָריסטישן פאַרבינדן פון 3 קאָלירן: רויט, גרין און ברוין אין איין קאָמפּאָזיציאָנעלע גאַנצקייט. איך האָב צונויפגעשטעלט צוויי ראַשיקע רויטע קאָלירן איינער נעבן דער צווייטער און די קאָנטראַסטירנדיקע (די גרינע), כדי זיי זאָלן נישט אָנרירן די רויטע, האָב איך אָפּגעטיילט מיט ברוינע. אַזוי אַרום האָב איך באַוויזן איינצוהאַלטן די קאָליר אַלס אַזעלכע“...

ס׳קאָן מעגלעך זיין, אַז גורעוויטש האָט געשריבן וועגן קונסט נישט נאָר אינעם זשורנאַל „פּאָרמאַ“, נאָר אויך אין אַנדערע צייטשריפטן. איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט איינעם פון זיינע אינטערעסאַנטע אַרטיקלען וועגן דער פילם־קונסט. ס׳האָט זיך געפילט, אַז אויך אויף דעם געביט האָט גורעוויטש פאַרמאָגט פאַכמענישע ידיעות. אין אַ צווייט אַרטיקל, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויך אינעם זשורנאַל „פּאָרמאַ“, לייענען מיר: „צום סוף מוז איך אונטערשטרייכן, אַז איך בין נישט קיין אָנהענגער פון רעאַליסטישער מאָלעריי. אָבער איך האַלט, אַז דאָס באַנוצן זיך מיט דער נאַטור גיט גרעסערע מעגלעכקייטן אין דער קינסטלערישער שאַפונג אַזוי אין היגזיכט פון קאָליר און פון דער פאָרם“. נישט קוקנדיק אויפן פרעדיקן אַזעלכע אָנשוואונגען, האָט דער קינסטלער געלעבט זיין מאָלערישע שאַפונג אין נישט קיין געהעריקער ריכטונג. ערשט דעמלט, ווען ער האָט זיך געפונען אינעם לאָדזשער געטאָ, האָט ער באַמערקט, אָדער בעסער — איבערגעלעבט דאָס פאַנאַנדערפאַלן זיך פון די בורזשואַזע יסודות פון דער עסטעטיק, וועלכער ער האָט אַמאָל אַזוי אייפעריק געדינט.

וועגן גורעוויטשעס שאַפן אין לאָדזשער געטאָ דערמאָנען מיר אין אַ צווייט אָרט, דאָ ווילן מיר בלויז צוגעבן, אַז ער איז געווען איינער פון די 70 קינסטלער, שרייבער און מוזיקער, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק דורכצוגיין אַלע סעלעקציעס. מ׳האָט אים אַרויסגעפירט אין אָשוויענטשימער לאַגער ערשט אין יאָר 1944. דאָרט איז ער אומגעקומען.

# יאקוב גלאַסנער

יאקוב גלאַסנער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1879 אין רדזאַוואַ ביי ביעלסקאָ=ביאַלאַ. ער איז פאררעכנט געוואָרן צו די נישט צאָלרייכע קינסטלער מיט אַ הויכער קולטור. ער איז געווען אַ קינסטלער אַן אינטעלעקטואַליסט, ער פלעגט סינטעטיזירן דעם אינהאלט פון באַהאַנדלטן מאַטעריאַל. צו יעדער ארבעט זיינער איז ער צוגעגאנגען זייער געוויסנהאפטיק, מיט אַן אויפריכטיק געפיל און גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דער באַרימטער פוילישער קונסט=היסטאָריקער פעליקס קאָפּעראַ האָט אין זיין באַרימטן ווערק „די פוילישע מאָלעריי אינעם XIX יאָרהונדערט" איינגעשלאָסן אויך גלאַסנערן אין דער קליינער צאָל יינגע קינסטלער, וועלכע האָבן דעמלט געלעבט. דאָס באַווייזט, וואָס פאַראַ גרויסע האָפענונגען מען האָט פאַרבונדן מיטן טאַלאַנט פון דעם דאָזיקן מאָלער.

די שטאָט ביעלסק, וו יאַקוב גלאַסנער איז געבוירן געוואָרן, ליגט צופוסנס פון די מאָלערישע טאַטרן=בערג. די שיינקייט פון דער נאַטור, מיט וועלכער ער האָט זיך צוגעפּאַסט פון די פריסטע יאָרן זיינע, האָט געהאט אַ גרויסע ווירקונג אויף זיין גאַנצער שפּעטערדיקער שאַפונג. זיינע פייזאַזשן זאָגן עדות וועגן גרויסער ליבע צו דער שיינקייט פון דער היימישער נאַטור. אָבער אַפילו זיינע פערזענלעכע עמפּינדונגען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער היימישער ערד, גיט ער איבער זאַכלעך און אָן איבעריקער סענטימענטאַלישקייט.

שוין אין יאָר 1908 נעמט גלאַסנער אָנטייל צוזאַמען מיט דער קראָקעווער קינסטלער=גרופּע „שטוקא" אין דער אויסשטעלונג אין ווין. אין יאָר 1913 טרעפן מיר זיך מיט זיינע ארבעטן אין לעמבערג. אָבער צומאָפּטסטן

באַוויזן זיך זיינע בילדער אין ווין און אין דייטשלאַנד. אין יאָר 1930 שטעלט גלאַסנער אויס זיינע אַרבעטן אין קראָקעווער יידישן אַקאַדעמישן הויז, צוזאַמען מיט די אַרבעטן פון די מאָלער פונעם דאָרטיקן קינסטלער־פאַרבאַנד. אין דער דאָזיקער אויסשטעלונג נעמען אויך אָנטייל צווישן אַנדערע אַרטור מאַרקאָוויטש, אברהם נוימאַן, משה אַפּעלבוים און הענריק האַכמאַן.

אין די יאָרן 1939—1941 האָב איך זיך אָפט געטראָפן מיט גלאַסנערן אינעם לעמבערגער פאַריין פון אוקראַינישע קינסטלער־פּלאַסטיקער. טיילמאָל פלעגן מיר זיצן שעהנלאַנג אין אַ רואיק ווינקעלע פון דער צוקערניע אויף דער אַקאַדעמיצקאַ גאַס, שמועסנדיק וועגן קונסט.

גלאַסנער איז געווען פון מיטעלן וווקס, האָט פאַרמאָגט אַ שלאַנקע פיגור, אָנגעטאָן שטענדיק זויבער און אפילו עלעגאַנט. מיט זיינע גראָלעכע האָר אויף די שלייפן האָט ער ניכער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געלערנטן, איידער ווי אַ מאָלער. אַ רואיקער, העפלעכער, האָט ער להיפּוך צו אַנדערע קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט אויף זיין גורל. אין יוני 1941 האָט ער אָנגענומען דעם נאָמען אבעדאַווסקי. ער האָט זיך דעמלט געפונען אין אַ שווערער לאַגע, זיינע פוילישע פריינד האָבן זיך אַ געוויסע צייט פאַרנומען מיט אים. ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט גלאַסנער נישט געקאָנט שאַפן. אין יאָר 1943 איז ער דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ.

יאקוב גלאַסנער האָט געהאַט גרויס פאַרשטענדעניש פאַר די יידישע אַלטערטימלעכקייטן. ער האָט געקאָנט מיט אַ סך געפיל אַרויסברענגען די אינעווייניקסטע טייל פון דער אַלטער קראָקעווער שול, אָדער אין קאָלירטע צייכענונגען איבערגעבן די שיינקייט פון דער לעמבערגער שול „די גילדענע רויז“.

די וויכטיקסטע אַרבעטן גלאַסנערס זענען צעשפּרייט געווען איבער גאַנץ דייטשלאַנד און עסטרייך, מעגלעך, אַז נאָך ביז היינט באַצירן זיי די וווינונגען פון דייטשע ליבהאָבער פון גלאַסנערס קונסט. ס'איז וואַרשיינלעך, אַז זעלטן ווער פון זיי ווייסט, אַז דער דאָזיקער קינסטלער איז אומגעקומען אַלס ייד, דערמאָרדעט דורך די היטלעריסטישע באַנדיטן. דער דאָזיקער מאָרד האָט פאַרהוישט יעדן שפּור פון גלאַסנערס שאַפן בעת די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן.

דער קינסטלער האָט אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה געלעבט

אין אויסלאנד. דער גורל האָט געוואָלט, אז מיט דרייסיק יאָר צוריק האָט גלאַסנער צוגעשיקט פון דייטשלאנד אין דעם זעלבן לעמבערג, אין וועלכן ער איז אין יאָר 1943 דערמאָרדעט געוואָרן, זיינס א בילד, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „זאגראָדא גוראלסקא". דאָס דאָזיקע בילד איז באַשטימט געווען פאַרן פאַנד לטובת די משפחות און יתומים פון די פאַרשטאָרבענע לעמבערגער זשורנאַליסטן.

דאָס דאָזיקע בילד גלאַסנערס איז רעפּראָדוצירט געוואָרן אינעם קאַטאַלאָג פון דער אויסשטעלונג פון מאָדערנער קונסט אין לעמבערג אין 1913

יאַקוב גלאַסנער ווייזט ארויס אין זיין שאַפונג א סך קרובהשאפט מיט אברהם נוימאַן. ביי ביידע קינסטלער טרעפן מיר די זעלבע אינטערפּרעטאַציע פונעם נאַטור־בילד. ביידע פילן גלענצנד אָפּ די שיינקייט פונעם פייזאַזש. דער עלטערער נוימאַן, וועלכער שטאַמט פון מאַזאָוויע, האָט געשאַפן מער אימפּולסיוו, גלאַסנער דאַקעגן — מער אינטעלעקטואַליסטיש, שכלדיק.

גלאַסנער איז אויך געווען א גוטער גראַפיקער. ער האָט געשאַפן קאָלירטע האָלצשניטן, אקוואַפאָרטן, צייכענונגען, וועלכע זענען געשטאַנען אויף זייער א הויכן טעכנישן ניוואָ. מיט דער הילף פון די פּשוטסטע מיטלען האָט ער אויסגעכישופט גאַנצע פּאַנאָראַמעס מיט אויסערגעוויינטלעך דעליקאַטע און שיינע וויבראַציעס און טענער. זיינע האָלצשניטן זענען זייער דעליקאַט און מוזיקאַליש. אויך ביים באַנוצן די דאָזיקע טעכניק איז דעם קינסטלער געלונגען איבערצוגעבן די פּאָעזיע פון די קאַרפּאַטן־בערג, די פייערלעכע שטילקייט פון די מיט שניי באַדעקטע בארג־שפּיצן, דעם געראַויש פון די סאָסנע־וועלדער, ארויסצוברענגען די פאַרשידנסטע ליכט־טענער. אזוי ארום איז אים געלונגען צו שאַפן א זייער ברייטע גאַמע פון שטימונגען, מיט וועלכע ער האָט אָנגעזאַפּט כמעט יעדע פון זיינע ארבעטן.

גלאַסנער האָט געהערט צו די ווייניקע קינסטלער פון פּוילן, וועלכע האָבן געהאַט גרויס אָנזען אין ענגלאנד. דער לאָנדאָנער קונסט־זשורנאַל „סטודיאָ" האָט שוין אין יאָר 1912 געדרוקט וועגן אים אַ גרעסער אַרטיקל און רעפּראָדוצירט פיר פון זיינע שאַפונגען. מיט 12 יאָר שפּעטער (1924) האָט דער זעלבער זשורנאַל פאַרעפנטלעכט אַ סטודיע אויפן סמך פון גלאַסנערס אויסשטעלונג אין ווין.

# דוד (דיאַניזי) גרייפּענבערג

דוד גרייפּענבערג איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1911. ער האָט געענדיקט די וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע.

נאָך דער וועלט־שׂרפה זענען איבערגעבליבן קוים עטלעכע בילדער פון דעם דאָזיקן קינסטלער, אָבער דאָס וואָס איז געבליבן, איבערראַשט אונדז מיט זייער מאָלערישער קראַפט. נישט קוקנדיק אויף דער גרויסער ליידנשאַפט, וואָס שלאָגט פון זיי, זענען גרייפּענבערגס בילדער גענוי דורכגעטראַכט. דאָס וואָס ער האָט געמאָלן איז שטאַרק אָנגעזאַפּט מיט קאָלאָריט און מאַכט דעם איינדרוק ווי דער קינסטלער וואָלט געוואָלט וואָס מער שענער מאַכן דעם געגעבענעם מאָטיוו.

גרייפּענבערג האָט גלענצנדיק געקאָנט אַקצענטירן די וועזנטלעכע אייגנשאַפטן פון דער אַרויסגעבראַכטער דערשיינונג. אין זיינע בילדער איז פאַראַן עפּעס אַן איבערנאַטירלעכער אמת, וואָס דרינגט אַריין אין זכרון פונעם צושויער. זיין בילד אַנטפּלעקט אין דער פולער מאָס די פאָרגעשטעלטע פּאַבוליע דורך איר אַרכיטעקטאָנישן אָנוווקס. דער קינסטלער פיקסירט מיטן פּענדזל די פאָרם און די קאָליר, די לייוונט דאַקעגן ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פּלעק, אויף וועלכער דער שעפער וואַרפט אָן זיין וויזיע.

עס זענען איבערגעבליבן צוויי בילדער פון גרייפּענבערגן און דאָס דורך אַ צופאַל. זיי האָבן זיך געפונען אין דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָלעקציע פון דער פּוילישער מאָלעריי, וועלכע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין ענגלאַנד אַ פּאָר חדשים פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה. קיין פּוילן האָבן זיך די בילדער אומגעקערט ערשט אין יאָר 1947. איינס פון די בילדער שטעלט פאָר אַ האַפן אויף אַ טייך, דאָס צווייטע — אַ „שטיל־לעבן“ דער פראַגמענט פון האַפן, וועלכן גרייפּענבערג ווייזט, שטעלט פאָר אַ פּוסטן, פאַרלאָזטן ברעג פון אַ טייך און אויפן ברעג אַ הילצערנע שאָפּע,

וואָס איז צונויפגעקלאפּט פון ברעטער. דאָס בילד אנטפּלעקט א ווייטע פּערספּעקטיוו פונעם טייך און געביידעס, אויפן ווייטערדיקן ברעג. אינעם קאָלאָריט פון גרייפענבערגס בילדער איז אין דער גרעסטער מאָס פאראן דער פּיאָלעט־קאָליר, וואָס גייט איבער אין גרין, ברוין און רויט. עס פילט זיך דאָ א שטארקע ווירקונג פון וואן גאָגן, א צוריקקער צו פּשוטער זאכלעכקייט. גרייפענבערגס בילדער אָטעמען מיט א שטארקן געפיל און עקספּרעסיע, וואָס באזירט אויף דער ספּעציפיק פון די באדינגונגען. די פאָרגעשטעלטע דורך אים טעמאטיק אנטפּלעקט א שטיק צונויפגעפּרעסט, אומעטיק לעבן. אויף איינער פון די פארמלחמהדיקע אויסשטעלונגען פון מאָלעריי, סקולפּטור און גראפיק, וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין יאָר 1937 דורכן קאָמיטעט פון פריינד פון דער פּוילישער קונסט אין ווארשע, האָבן זיך אויך געפונען 2 בילדער גרייפענבערגס: „די פארטראכטע“ און „דאָס מיידל“.

עס איז שווער פאָרויסצוזאָגן ווי אזוי עס וואָלט זיך אנטוויקלט דער טאלאנט פון דעם דאָזיקן קינסטלער. מיר ווייסן בלויז אזויפיל, אז בעת דער אָקופּאציע איז גרייפענבערג א געוויסע צייט געווען א לערער פון צייכענען אין דער שול פון טעכנישער און האנט־צייכענונג ביי דער ווארשעווער יידישער קהלה. א שילער פון דער דאָזיקער שול, וועלכער איז לעבן געבליבן, האָט זיך אויסגעדריקט מיט אַ סך אכטונג און אָנערקענונג וועגן גרייפענבערגן, דעם קינסטלער און פּעדאגאָג.

די קונסט־געשיכטע שטייט דאָ פאר א מין פּוסט אָרט. גרייפענבערג איז אין יענע טראגישע יאָרן געווען נאָך א פארהעלטנישמעסיק יינגער מענטש, וועלכער האָט ווארשיינלעך אין זיך געטראָגן זוימען פון א גרויסן טאלאנט.

אויך ער איז, ווי א סך אנדערע, געפאלן אלס קרבן פון דעם פארברעכערישן פאַשיזם, וועלכער האָט אומגעבראכט סיי דעם קינסטלער, סיי זיין קינסטלערישע דעראָבערונג.

# מאַגדאַלענא גראָס

מאַגדאַלענא גראָס איז געווען א סקולפּטאָרין. זי איז אין איר שאַפן געווען דורך און דורך מאָדערניסטיש. איר סקולפּטור איז געווען אָריגינעל פארטראַכט און אינטערעסאַנט אין דער פאָרם.

מאַגדאַלענא גראָס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1899 אין ווארשע. די קינסטלערין האָט געשטאַמט פון א פּאָרגעשריטענער, פארמעגלעכער יידישער אינטעליגענטער משפּחה. זי האָט געקאָנט זיך באַרימען דערמיט, וואָס איר עלטער־זיידע פון פאָטערס צד איז געווען אַנטאָני אייזענבוים, איינער פון די פּאָרגעשריטנסטע השכּלה־טוער ביי יידן, דער גרינדער און דירעקטאָר פון דער ראַבינער־שול אין ווארשע. איר אָפּשטאַם האָט אויך געגרייכט ביז הענריק וואָלן, דעם פינאַנס־מיניסטער פון דער צייטווייליקער רעגירונג אין יאָר 1863.

די סקולפּטורן פון מאַגדאַלענא גראָס זאָגן עדות אויף אַ נישט־דורכשניטלעכן טאַלאַנט און גרויסער קולטור פון דער קינסטלערין, זי האָט אָבער נישט געהאַט קיין נייגונג צו טעמאַטישער קונסט. דאָס גאָלדענע וויגעלע פון אירע קינדער־יאָרן האָט זי אָנגעזאַפּט מיט א ספּעציעלער מוזיק און שיינקייט. די זאַכן, וואָס זי האָט געקלעפּט, האָבן געמוזט זיין חנעוודיקע, אָנגענעמע און שיינע. אַלץ, וואָס איז ארויס פון אונטער איר דלאָטע, איז געווען כמעט סטיליזירט. דעריבער איז איר פאָרם געווען לייכט צו דער־קענען. זי האָט זיך דערנענטערט צום סוררעאַליזם. עס לאָזט זיך מערקן ביי איר א טענדענץ אריבערצושטייגן די עלעמענטאַרע גרענעצן פון די גרונט־יסודות פון דער סקולפּטור־קונסט. זי פאָרמירט אירע שאַפונגען מיט א סך דינאַמיק, פארמעסטנדיק זיך אויף עפּעס גאָר נייעס. עס אַנט־שטייט אזוי ארום אַ סקולפּטור, וואָס איז שטארק איבער־אינטעלעקטואַלי־זירט. דער גרונט־יסוד פון איר טעמאַטיק זענען געוואָרן עקזאָטישע פייגל

און חיות, גאַנצע טעג זיצט זי אָפּ אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, אָבסערווירנדיק אויפמערקזאַם די פאַראַנגענע דאָרט עקזאָטישע חיות, וועלכע זי האָט שפּעטער פאַרגעשטעלט אין ליים. נאָר די באַשעפעגישן, וועלכע זענען דאָ אהער געבראַכט געוואָרן פון פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט, פאָרמירן זיך אויס אונטער אירע פינגער אין אן אייגנאַרטיקן סטיל, וואָס מאַכט זיי ענלעך איינס צום צווייטן, און ווען מען באַטראַכט זיי אַלס סקולפּטורן, האָט מען דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן געהערט צו איין און דער זעלבער משפּחה. אַזוי אַרום באַקומט זיך, אַז די יונגע לאַמע, די אנגאָרער קאַץ, דער מאַראַבוט און קרוין־זשוראַוו, די הירשן אָדער דאָס יונגע העזעלע און אַפילו דאָס יונגע קעמעלע, זיי אַלע דריקן אויס, אַדאַנק דער פאַראייַנפאַכטער סטיליזאַציע פון דער קינסטלערין, איין און דעם זעלבן אינהאַלט.

מאַנדאַלענאַ גראָס האָט אויך געקאָנט שאַפן גוטע פּאָרטרעטן. עס זענען באַקאַנט אירע פּאָרטרעטן פון יאַראָססי און פון אַ רוסישער שוישפּילערין פון סטאַניסלאַווסקיס טעאַטער. די לעצטע אַרבעט פאַרמאָגט בולטע קוביסטישע עלעמענטן.

מאַגדאַלענאַ גראָס האָט שוין אין יאָר 1919 דעביוטירט אין דער וואַרשעווער „זאַכענטאַ" אויסשטעלנדיק אַ ביוסט אין בראָנז (דער פּאָרטרעט פון הער א. ז.). די קינסטלערין איז נאָך דעמאָלט געווען אַ סטודענטקע פון דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע, וווּ זי האָט שטודירט בײַם פּראָפ. טאַדעוש ברעיער. שוין דעמאָלט האָט זי אויסגעשטעלט אירע סקולפּטורן אונטערן נאָמען גראָס—פּרימאָוואַ. דערנאָך שטודירט זי צוויי יאָר אין פלאָרענץ בײַם פּראָפ. ס. מ., וועלכער האָט וואַרשיינלעך געהאַט אַ ווירקונג אויף איר מאָדערניסטישע ריכטונג. נאָכן אומקערן זיך פון פלאָרענץ, שאַפט זי מייסטנס פּאָרטרעטן. אַ גרויסן דערפאָלג צווישן די פיינשמעקער און אַריסטאָקראַטיע פון דער קונסט האָבן אירע קאָמפּאָזיציעס פון חיות. דאָס דעמאָלטיקע אויסערן־מיניסטעריום האָט אָפּגעקויפט בײַ דער קינסטלערין אַ סך פון די דאָזיקע אַרבעטן און האָט זיי פאַנאַנדערגעשיקט צו זײַנע אַמבאַסאַדעס אין אויסלאַנד. אויך דאָס בילדונגס־מיניסטעריום האָט אָפּגעקויפט אַ סך אַרבעטן אירע און האָט מיט זיי באַרײַכערט אַ גאַנצע ריי מלוכהשע קונסט־זאַמלונגען.

דער אופן פון אויספאָרמירן אירע אַרבעטן שאַפט אין דער פּוילישער סקולפּטור אינגאַנצן אַ נײַע אָריענטאַציע. ס'באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז אירע סקולפּטורן פאַרמאָגן אַ טענדענץ צו באַפרײַען זיך פון די פּענטעס

פון קלאַסיציזם. דעם אייגנטלעכן לעבנס־דופק פון אירע שאַפונגען שליסט איין די קינסטלערין אין די ארבעטן גופא, באַמיענדיק זיך, אַז די אויסער־לעכע פאָרם זאָל זיין וואָס מער פארכאַפּנדיק. אַלץ, וואָס זי שאַפט איז, נישט קוקנדיק אויף די גלאַטיקע, ראַפינירטע, אויספּאָלירטע פאָרמען, אַזוי ווי אַטאָוויסטיש.

אין דעם געווירבל פון פאַרשידענע ריכטונגען, וועלכע האָבן דעמלט געהערשט אין דער קונסט, איז אויך גראָס אַרומגעפאַלן אייניקע פון זיי. דאָך האָט זי ערלעך געקעמפט מיט זיי, דערפירנדיק אירע שאַפונגען צו אַ העכער מדרגה.

אַז ס'איז איר געלונגען טיילווייז אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון עם כאַאָס פון פאָרמאַליסטישע ריכטונגען זאָגן עדות צוויי סקולפּטורן אירע, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף דער אַלגעמיינער אויסשטעלונג פון קונסט אין פּויזן אין יאָר 1929. זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער פּרעציזקייט, זענען פּשוט אין דער פאָרם, און ווען מען באַטראַכט זיי אויפמערקזאַם, באַמערקט מען די הויכע קולטור פון איר קונסט. אין די דאָזיקע מענער־פּאָרטרעטן, הויפּט־זעכלעך אין דעם, וועלכער איז רעפּראָדוצירט געוואָרן אינעם קאַטאַלאָג פון דער אויסשטעלונג, טרעטן בולט אַרויס די גייסטיקע וויבראַציעס פון עם מאָדעל, די אידעאַלע מאָדולאַציע פון זיין קאָפּ און די קלאַסישע פאָרם. אויך אייניקע סקולפּטורן אין בראָנז, וועלכע געפינען זיך היינט אין פּאַרק פון וואַרשעווער זאָאָ, זענען נישט בלויז דעקאָראַטיווע שאַפונגען, נאָר זאָגן עדות וועגן דעם אויפמערקזאַמען באַנעמען די עקזאָטישע פאָרמען פון די חיות. מ'וואָלט זיי געקאָנט אָנרופן דענקמעלער פון די דאָזיקע באַשעפע־נישן.

מאַגדאַלענאַ גראָס האָט זיך דערוואָרבן אַ סך אַכטונג אינעם קרייז פון אירע חברים־פּלאַסטיקער. אין יאָר 1934 האָט דער פאַריין פון פּוילישע סקולפּטאָרן זי אויסגעוויילט אַלס צווייטער סעקרעטאַר פון דער פאַרוואַל־טונג. חוץ דעם איז זי געווען אַ מיטגליד פון דער פּוילישער קונסט־געזעל־שאַפט. די קינסטלערין האָט אָפט אָנטייל גענומען אין די רעפּרעזענטאַטיווע אויסשטעלונגען פון דער פּוילישער קונסט אין אויסלאַנד. זי איז אויך אַרויסגעטראָטן אַלס פאָרשטייערין פון די פּוילישע קינסטלערינס אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער קונסט־אויסשטעלונג אין פּאַריז אין יאָר 1937. אין דעם זעלבן יאָר האָט זי אויך אָנטייל גענומען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג פון קונסט און טעכניק אין פּאַריז ווי אויך אין דעם לאַנד־סאַלאָן פון סקולפּטור אין וואַרשע.

מאַגדאַלענאַ גראָס האָט וואָס אַן אמת איבערגעלעבט די אָקופּאַציע אויף „אַרישע פּאַפּירן“. אָבער די שווערע איבערלעבונגען פון די מלחמה־יאָרן האָבן זי אזוי אויסגעשעפּט, אַז אין קנאַפּע צוויי יאָר נאָך דער באַפרייונג איז זי געשטאָרבן, דורכמאַכנדיק אַ שווערע קראַנקהייט.

# טאָביאַש האַבער

טאָביאַש האַבער האָט געשטאַמט פֿון לוטאָמירסק — אַ שטעטל, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ גוטע טראַדיציע, פֿאַרבונדן מיט דער יידישער קול־טור. דאָ, ווי באַוווּסט, האָט זיך געפֿונען איינע פֿון די באַרימטע הילצערנע שולן, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן היסטאָרישן ווערט אַלס זעלטענע אַלטער־טימלעכקייט.

אין משך פֿון דער צייט האָבן זיך די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין לו־טאָמירסק אַלץ מער פֿאַרערגערט און די איינוווינער האָט זיך געלעבט זייער שווער. יעדער האָט געלעבט, אַזוי צו זאָגן, פֿון טאָג צו טאָג. אַממייִנסטן טראַגיש איז געווען די לאַגע פֿון דער דאָרטיקער יידישער אינטעליגענץ. זי איז געוואַקסן אָן אַ צוקונפֿט, אָן האָפֿענונג.

טאָביאַשעס עלטערן זענען געווען אַזוי אָרעם, אַז ס'האָט אָפֿט געפֿעלט ביי זיי אין שטוב אַ שטיקל טרוקן ברויט. און אין דער שטוב פֿון די האַ־בערס האָט זיך געפֿינען אַ היפּשע צאָל קינדער, איינס עלטער פֿון צווייטן, העכסטנס מיט צוויי יאָר. נאָך אַ געוויסער צייט האָבן זיך די האַבערס אי־בערגעצויגן קיין לאָדזש. אין אָנהייב האָט טאָביאַש זיך אַרומגעדרייט אין די אַטעליעס פֿון די מאָלער טרעמבאַטש, פּ ליכאָווסקי. ער פֿלעגט טיילמאָל אַליין פֿאָזירן פֿאַר זיי. אַזוי אַרום האָבן זיך מיט דער צייט אויפֿגעוועקט און אָנגעהויבן זיך אַנטוויקלען ביי טאָביאַשן זיינע קינסטלערישע פֿעיִקייטן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געלינגט אים זיך אַרויסצורייסן פֿון דעם ענגן לאָדזשער לעבן. ער קומט אָן קיין פּאַריז. אין דער היים איז גע־בליבן זיין יונגערער ברודער אַהרון, וועלכער האָט פֿאַרמאָגט נאָך גרעסערע קינסטלערישע פֿעיִקייטן ווי טאָביאַש. ווען טאָביאַש האָט אין פּאַריז געוויזן די אַרבעטן פֿון אַהרונען, האָבן זיי פֿאַרכאַפּט די קונסט קענער מיט זייער אומִמיטלבאַרקייט און אָריגינעלער אויפֿפֿאַסונג. נאָך אַ געוויסער צייט איז

אויך אַהרין געקומען קיין פּאַריז. דער דערפאָלג אָבער פון אַ קינסטלער איז אַזוי ווי אַ זייפנבלאָז. נאָך אַ קורצער צייט פאַרברענגען אין פּאַריז איז אַהרון געצוואונגען געווען אומצוקערן זיך קיין לאָדזש.

נאָך זייער אַ קורצער צייט פון שנעלן דערפאָלג, האָבן די זעלבע קונסט־הענדלער, וועלכע האָבן אים דאָ נישט לאַנג געגעבן אַזעלכע גרויסע האָפע־נונגען, געלאָזט אים אויף גאָטס באַראָט. נאָך פּאַריז איז אַהרונען שווער געווען זיך ווידער צוגעוווינען צו די ענגע באַדינגונגען פון לאָדזש. ער האָט גע־טרוימט וועגן צוריק זיך אומקערן קיין פּאַריז. אין אַ געוויסן טאָג האָט ער זיך געלאָזט צופוס קיין פּאַריז. די צוויי מאָלער: טאַדעוש טרעמבאַטש און קאַראָל הילער האָבן אים קוים אַ לעבעדיקן געפינען אין מלאווע. ער איז געווען צעמישט. מ׳האָט אים אָפּגעפירט אין אַ משוגעים־הויז, וווּ ער איז געשטאָרבן אַ פּאָר יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

טאָביאַש האַבער, ווי דאָס זאָל נישט אויסזען מאָדנע, האָט זיך באַ־נוצט אינעם מאָלן מיט זילבערנע און גאָלדענע טענער. ער איז אויך געווען אַ גלענצנדיקער צייכענער, און אָפּגעפילט שטאַרק דעם סטיל, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ קינסטלער פון רענעסאַנס. די טעמעס פונדעסטוועגן פאַר זיינע בילדער נעמט ער הויפּטזעכלעך פון דערווירקלעכקייט. נישט קוקנדיק אויף די שטיקנדיקע באַדינגונגען, אין וועלכע ער איז געצוואונגען צו לעבן, איז די קאָלאָריסטיק פון זיינע בילדער געווען דורכויס אַ קלאַנגפולע, אַ פאַרשיידנאַרטיקע און רייכע. אין זיין קאָלאָריסטיק איז האַבער אפשר אַמ־נאָענטסטן צו אָלגאַ באָזנאַנסקאַ מיט דעם אונטערשיד, אַז די וויבראַציע פון זיין טאָנאַציע איז נישט אַזוי דורכזיכטיק און לייכט ווי ביי דער דאָזי־קער גרויסער קינסטלערין, די סטרוקטור פון זיינע פאַרבן־טענער האָבן אין זיך עפּעס פונעם גאָטיק.

אַ פּאָר יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך אויך טאָביאַש האַבער אומגעקערט קיין פוילן. ער האָט זיך באַזעצט אין לאָדזש. ער האָט געלעבט אויסשליסלעך מיט זיין קונסט און עס וועקט זיך ביי אים נישט קיין שום פּראָטעסט קעגן דער שטיקנדיקער אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אין לאַנד. די באַדינגונגען, אין וועלכע ער האָט געלעבט און דער נישט זיכערער מאָרגן, האָבן שווער געדריקט אויף אים. אָבער ער האָט זיך באַמיט צו פאַרגעסן און אויסלעבן זיך אין זיין קונסט.

סיי האַבער, סיי הירשענבערג, סיי באַרטשיגסקי — דאָס זענען געווען אַ גרויער טיפּ פון יונגע קינסטלער, וועמענס שיקזאַל איז געווען ענג פאַר־בונדן מיטן גורל פון פּראָלעטאַריאַט. אָבער זייער פּעגצטער צו דער וועלט

איז געווען פאַרשטעלט מיט בלעטעראַמען, שטאַלוגעס, מיטן פּענדזל און פּאַלעטע. האַבערס בילדער זענען אַזוי ווי אַ שיינער חלום, אַזוי ווי אַ פּרעכטיקער וויטראַזש, וועלכן מ'האָט אַראָפּגענומען פון די פענצטער און איבערגעטראָגן אויפן לייוונט. האַבער האָט אָנגעזאַפּט זיינע בילדער מיט אַן איבערלעבער שיינקייט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט מיט דעם שפּיל פון פאַרבן צו נישט מאַכן און פאַרניכטן די מיאוסקייט פון דער אומגעבונג.

האַבער האָט אָפט געמאָלט יידישע טיפּן, יידישע אַרבעטער ביי דער אַרבעט, אַרבעטנדיקע פרויען, שוואַנגערע פרויען. ער האָט געמאָלט קינדער, נאַטור=בילדער, בלומען.

אין סעפּטעמבער 1939 איז האַבערן געלונגען זיך אַריבערצוכאַפּן קיין ביאַליסטאָק. אין משך פון די נישט=פולע צוויי יאָר ביזן אָנפאַל פון היטלער=דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד, האָט האַבער געלעבט אין ביאַליסטאָק. ער האָט זיך דאָ פאַרנומען מיט פּעדאַגאָגישער אַרבעט. זיין פּאַלעטע האָט דעמלט אויפגעלויכטן נאָך מיט העלערע פאַרבן ווי פריער. אין יאָר 1941 איז אים נישט געלונגען זיך צו עוואַקואירן אין דער טיף פון ראַטנפאַרבאַנד. ער איז דעריבער אַריינגעפאַלן אין געטאָ און האָט געאַרבעט אינעם טרויעריק באַרימטן וואַרשטאַט פון אָסקאַר סטעפענס, וווּ צוזאַמען מיט זיינע חברים איז ער געצוווּנגען געווען צו קאָפּירן די ווערק פון די וועלט=מייסטער.

טאָביאַש האַבער איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ אין יאָר 1943 צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד. ס'קאָן זיין, אַז די קאָפּיעס פון זיינע בילדער באַפּוצן נאָך עד היום די וווינונגען פון געוועזענע היטלעריסטן און איצטיקע אָנהענגער פון אַרענאַוערן.

# אָטאָ האַן

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1905 אין סטאַניסלאַוואָוו, שטאַמט פון יידישער אינטעליגענץ. נאָך פוילנס ווידערגעבורט, האָבן זיינע עלטערן זיך איבערגעצויגן פון סטאַניסלאַוואָוו קיין לעמבערג. אָטאָס פאָטער איז געווען א באַקאַנטער דאָקטאָר. בעת די עסטרייכישע צייטן איז ער געווען א מיליטערישער דאָקטאָר אין דער ראַנגע פון א פּולקאָווניק.

נאָכן באַקומען די מאַטורע-צייגעניש איז אָטאָ געשטעלט געוואָרן פאר א דילעמע: עס האָט אים אין א גלייכער מאָס שטאַרק אינטערעסירט פילאָזאָפיע, אַרכיטעקטור און מאָלעריי. סוף כל סוף האָט ער זיך דעצידירט אויף מאָלעריי, האַלטנדיק, אַז אין מאָלעריי וועט ער אַמבעסטן קאָנען אויסדריקן זיינע געדאַנקען.

די ערשטע לערע אויפן געביט פון פּלאַסטיק האָט ער באַקומען אין דער מלוכהשער העכערער שול פון פּלאַסטישער קונסט אין לעמבערג, ביים באַרימטן מאָלער, צייכענער און קאַריקאַטוריסט סיכולסקי. ווען דער פּראָפעסאָר זיינער האָט איבערגענומען א קאַטעדרע אין דער קראָקעווער קונסט-אַקאַדעמיע, האָט זיך אויך האַן איבערגעצויגן קיין קראָקע. אינעם אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן איז האַן אַרויסגעפאָרן קיין פּאַריז אויף ווייטערע שטודיען צוזאַמען מיטן לעמבערגער מאָלער הענריק שטרענג און מאַריא סיעלסקא. אַלע דריי זענען זיי געוואָרן שילער פון דעם גרויסן, פאָרגעשריטענעם פראַנצויזישן קינסטלער פערדינאַנד לעזשער. ביי אים האָבן זיי זיך אויסגעלערנט אָפּשאַצן און פאַרשטיין די פאָרמען פון דער מאָדערנער קונסט. זיי האָבן זיך באַקענט מיט דעם, וואָס איז ביז אַהער געווען פאר זיי אומפאַרשטענדלעך, וועגן וואָס זיי זענען בלויז טיילווייז געוואָר געוואָרן פון דער פּרעסע אָדער אויסלענדישע צייטשריפטן וואָס זענען געווען געווידמעט די פראַגן פון קונסט. איצט האָבן זיי געקאָנט פריי עקספּערימענטירן און אונטער דעם

וואַכזאַמען אויג פֿון לעזשערן האָבן זיי זיך דערוואָרבן דערפֿאַרונג אינעם זוכן נייע, נאָך אומבאַקאַנטע פֿאַר זיי פֿאָרמען.

אָטאָ האַן, ווי איבעריקנס אויך די איבעריקע חברים זיינע, איז גע־וועזן איבעראַשט מיט די דרייסטע קאָנסטרוקציעס פֿון נייע עלעמענטאַרע יסודות, מיט וועלכע עס האָט זיך באַנוצט לעזשערס שול. די בילדער פֿון דעם דאָזיקן מייסטער האָבן פֿאַרמאָגט קאָנסטרוקציע, וואָס זענען באַשטאַ־נען פֿון געאָמעטרישע ליניעס, פֿון וועלכע יעדע האָט באַדאַרפֿט אויסדריקן אַ באַזונדערע אייגנאַרטיקע זאַכלעכקייט. לעזשערס בילדער זענען אויך דורכגעזאַפּט מיט קאָלאָריסטישע וואַלאָרן און ריטמיק. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין דער מערבֿדיקער קונסט אַנטשטאַנען אַ מין פּוסטער חלל, ווייל דער אימפּרעסיאָניזם איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שאַבלאָן און אויף זיין אָרט איז קיין שום נייעס נישט אַנטשטאַנען. מ'האָט דעמלט באַדאַרפֿט האָבן אַ סך מוט, כּדי זיך צו באַפֿרייען פֿון די נעצן פֿון פֿאַרגלי־ווערטע פֿאָרמען. אָטאָ האַן האָט זיך איבערגעוואָרפֿן אויף אַ צווייטן עקסטרעם. אַלץ, וואָס ער האָט געזען, האָט ער פֿאָרמירט לויטן מוסטער פֿון די אורבאַניסטישע קאָנסטרוקציעס, פֿאַרגרעסערנדיק אָפֿט די מאָס פֿון דער קאָמפּאָזיציאָנעלער איינשטעלונג.

די גרויסע צאָל טעכנישע דערפֿינדונגען און פֿאַרפֿולקאָמונגען, וואָס זענען דעמלט געמאַכט געוואָרן, האָבן פֿון איין זייט גורם געווען אַ גרויסע אַרבעטלאָזיקייט, פֿון דער צווייטער זייט האָבן זיי אינספּירירט די קינסט־לער צו קאָנדענסירן די שעפֿערישע פֿאָרמען און בילדעריש פֿאָרשטעלן די פֿאַרענדערונגען, וואָס קומען פֿאָר אויפֿן געביט פֿון טעכנישע וויסנשאַפֿטן. דער פּראָבלעם פֿון טעכנישע דערגרייכונגען איז אויך געווען דאָמינירנדיק אין די אַטעליעס פֿון די מאָלער. אַ סך קינסטלער האָבן דעמלט געזוכט אַן אויסוועג פֿון דער לאַגע אין וועלכער די קונסט האָט זיך דעמלט געפֿונען. אָטאָ האַן האָט געהערט צו דעם מין קינסטלער, וועלכע האָבן נישט פֿאַר־געסן, אַז געוויסע רעאַלע ווערטן מוז מען אויסדריקן אין אַ געוויסער זאַכ־לעכער, לייטישער שפּראַך. האַן האָט זיך אייגנטלעך פֿאַרנומען מיט עקס־פּערימענטאַלע קונסט. רעדנדיק וועגן זיינע בילדער, איז ער אימשטאַנד געווען דאָס אַמייִנסטן אַבסטראַקטע אינגאַנצן לאָגיש צו באַגרינדן.

אָטאָ האַן איז געווען אַ געזעלשאַפֿטלעך טעטיקער מענטש. אַזוי צום ביישפּיל האָט ער ביים פֿאַרבאַנד פֿון יידישע ליטעראַטן געפֿירט אַ קורס פֿון פּלאַסטיקער־אַמאַטאָרן. חוץ דעם האָט ער געהערט צו דער גרופּע פֿון יונגע קינסטלער „אַרטעס“. האַנס בילדער, הגם זיי האָבן געטראָגן אַן עקספּע־

רימענטאלן כאראקטער, זענען געווען זייער אויסדריקלעך און פשוט, פול מיט פּאָעזיע, פרישקייט און נאטירלעכקייט. אַטמאַ האָן האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט פאָלקס-אָרנאמענטיק, ער האָט געזוכט די שענסטע באַפוצונג, וואָס איז פארבונדן מיט פאָלקלאָר.

אין יאָר 1939 האָט האָן אויסגעשטעלט זיינע בילדער אין ווארשע אין „איפּס“ ווי אויך מיט די לעמבערגער יידישע קינסטלער אויף די אויסשטעלונגען, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער יידישער געזעלשאפט צו פארשפרייטן קונסט.

נאָכן סעפּטעמבער 1939 האָט אַטמאַ האָן אקטיוו געהאָלפן דער צאָלרייכער גרופּע קינסטלער, וועלכער ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן פון די היטלעריסטן און ארייננקריגן זיך קיין לעמבערג. אין יאָר 1939—41 האָט אַטמאַ האָן אָנטיילגענומען אין די אויסשטעלונגען אין לעמבערג, מאָסקווע, כארקאָוו. זיינע בילדער ווערן וואָס אמאָל אלץ לעזבארער.

ס'קומט אָן יוני 1941. האָן, וואָס האָט קיינמאָל נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיין אויסערלעכן אויסזען, איז לייכט אַריינגעפאַלן אין די היטלעריסטישע לאַפּעס. ער האָט זיך נישט געוואָלט אויסבאהאלטן. אלס אקטיווער מענטש האָט ער געהאט א סך פליכטן, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט פארנאכלעסיקן. ער איז דעריבער איינמאָל אריינגעפאלן אין די הענט פון די היטלעריסטן, וועלכע האָבן אים צוזאַמען מיט ענלעכע צו אים אריינגעפּאַקט אין אַ וואַגאָן און אָפּגעשיקט קיין בעלזשעץ. אויפן וועג אינעם לאַגער איז ער ארויסגעשפּרונגען פונעם לויפנדיקן צוג. בעת דער שיסעריי איז ער שווער פארוווּנדעט געוואָרן. ער האָט זיך פונדעסטוועגן דערשלעפּט צו זיינע פריינד, וועלכע האָבן זיך מיט אים האַרציק פאַרנומען און אים געפלעגט. ביי זיי איז ער אין א געוויסער צייט ארום געשטאָרבן. אין דער רשימה פון פארלוסטן פון דער פוילישער קולטור, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דורכן פּראָפ. באָלעסלאוו אָלשעוויטש און פארעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1947, איז אויך פאראן דער נאָמען אַטמאַ האָן.

# מאַקס האַנעמאַן

מאַקס האנעמאַן איז געווען א מענטש פון א גרויסער פערזענלעכע־שטאנדהאפטיקייט, אן אָפּנהארציקער און א פינקטלעכער אין זיינע קאָמפּאָזיציעס, א קינסטלער מיט א גרויסער פערזענלעכער קולטור. ס׳איז אים שווער צו פאררעכענען צו וועלכער ס׳איז קינסטלערישער גרופּע. ער איז אינגאַנצן פאַרכאַפּט געווען פון זיינע טעמעס און האָט אין זיי אריינגעלייגט זיין גאנצע נשמה. די לעצטע יאָרן האָט האנעמאַן געוווינט אויסשליסלעך אין זאַקאָפּאַנע און פלעגט זעלטן אַראָפּגיין פון די בערג, און דאָס נאָר דעמלט, ווען עס איז געווען אומבאדינגט נייטיק. אין די בערג האָט ער זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. די ווילדע נאטור און די ארומיקע שיינקייט האָבן אים אינגאנצן פארכאפּט. דעריבער האָבן זיינע פּייזאַזשן פון די בערג געטראָגן אינגאנצן אן אנדערן כאראקטער ווי ענלעכע בילדער פון אנדערע סעזאָן־מאָלער, וועלכע פלעגן דאָ אהערקומען אויף א קורצער צייט, צייטווייליקע איינדרוקן, גלייבנדיק, אז אויף איין פּנים וועלן זיי איינ־נעמען די טאטרן־בערג. האנעמאן איז געווען דער, וואָס האָט נישט נאָר געקענט אמבעסטן ארויסברענגען די שיינקייט פונעם בארג־לאנדשאפט, נאָר אויך פון די בערג־איינוווינער. ער האָט געקענט דאָס לעבן און קלאָפּאָטן פון די גוראַלעס און זייער פאָלקס־ספּעציפיק. ער האָט ליב געהאט זייער פרייד און טענץ, זייער מוזיק און קליידונג, זייערע יום־טובים און וואָכעדיקע טעג.

אויף דער אויסשטעלונג אין דער ווארשעווער זאכענטא, אין יאָר 1916, האָט ער אויסגעשטעלט פּאלעסטינער מאָטיוון. ווארשיינלעך האָט ער, ווי א סך יונגע מאָלער, אונטערגענומען א רייזע אין א גאנצער ריי עקזאָטישע לענדער און דערונטער אויך קיין פּאַלעסטינע. אין יענער צייט איז דאָס לאנד באמת געווען עקזאָטיש, ווייל ס׳איז געשטאנען ביים אָנהייב

פון זיין ציוויליזאציע, נאָך הונדערטער יאָרן טיפן שלאָף. די דאָזיקע פּאַלעסטינער מאָטיוון האנעמאנס פארמאָגן נישט קיין שום ספּעציעלע עפעקטן, דאָס זענען גיכער טעמאטישע בילדער, וואָס דערמאָנען זייער שטארק די ארבעטן פונעם רוסישן מאָלער ווערעשטשאגין, וועלכער האָט פונקט אזוי דורכגעמאכט, צוליב קונסט=צוועקן, א רייזע איבער אינדיע, טורקמעניע און אויך פּאלעסטינע. האנעמאן פונקט אזוי ווי ווערעשטשאגין האָט נישט געהערט צו די מאָדערניסטישע מאָלער, וועלכע זוכן קאָלאָריסטישע וואלאָרן פאר זייער פּאלעטע.

האנעמאן האָט וואָס אן אמת געזוכט אלטערטימלעכע מאָטיוון. נאָך אזוי ווי דער דערמאָנטער גרויסער רוסישער רעאליסט, האָט ער אויך ארויסגעבראכט דאָס דעמלטיקע לעבן אין זיין טרויעריקער אמתדיקייט. האנעמאן האָט געשאפן א טריפּטיק פון ירושלים און יפו, האָט געמאָלט דעם כותל המערבי אין עטלעכע ווערסיעס, אבשלומס קבר און ענלעכע מאָטיוון. אויף דער ווארשעווער אויסשטעלונג אין יאָר 1919 האָט זיך געפונען זיין פּאָרטרעט, וועלכער האָט ווארשיינלעך פאָרגעשטעלט דעם קאַפּיטאן פון דער שיף, אויף וועלכער ער האָט דורכגעמאַכט זיין רייזע. שפּעטער טרעפן מיר אָן אַ נאָטיץ, אז ער האָט אויך אויסגעשטעלט זיינע בילדער אין לאָדזשער שטאָטישן מוזעום. די שפּעטערדיקע בילדער האנעמאנס פארמאָגן שוין בלויז פּוילישע מאָטיוון. ער האָט געמאָלט, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, מאָטיוון פון די בערג, דאָרפישע ווינקעלעך, אין וועלכע ער שטרייכט אונטער די רעגיאָנעלע אייגנשאפט פון די איינוווינער פון פּאָדהאַלע. האַנעמאן, ווי געזאָגט, איז געווען א הייסער פארערער פון די פּוילישע טאטרן, ער האָט זיי געמאָלן אָן שום ווילן צו עקספּערימענטירן, אָן קאָלאָריסטישע עפעקטן, ער האָט געוואָלט אויסשליסלעך איבערגעבן די מאַיעסטעטישקייט און שיינקייט פון די בערג און האָט זיך גיכער באטראכט ווי אן אינטערפּרעטאטאָר פון דער מעכטיקייט פון דער נאטור. דערביי האָבן זיינע בילדער פארמאָגט פּרעכטיקע, קאָלאָריסטישע וואלאָרן. ווי אנדערש ער האָט געמאָלט זיינע פּאלעסטינער בילדער. ער האָט זיי אָנגעזאפּט מיט אן אייגנארטיקן, הייסן קאָלאָריט פון א מזרח=פּייזאזש. אזוי צ. ב. שאפט דאָס גרויסע בילד זיינס „דער כותל המערבי“ אַ בונטע קאָמפּאָזיציע, ווו עס ווארפן זיך קודם כל אין די אויגן די העלע פלעקן געלע, בלויע, רויטע. אויך דאָס איינשטעלן די פיגורן אינעם בילד ווערט ארויסבאקומען גיכער מיט דער הילף פון קאָלאָריסטיק. מאקס האנעמאן פארמאָגט א שטארק אנטוויקלטן חוש פאר דער סצענאריע און קאָן זי גלענצנדיק אויסדריקן. ער

מאָלט אויך א תימנישן רב אין א קאָלירטן כאלאט, וועלכער זיצט איבער א גראָבן ספר ביי דער שיין פון אַ טישלאָמפּ. די גאַנצע אינערלעכע טייל פון בילד ווייזט ער אין העלע קאָלירן, אָבער מיט א סך עקספּרעסיע.

אין יאָר 1930 האָט האַנעמאַן אָנטיילגענומען אין דער פייערונג פון 60 יאָר עקזיסטענץ פון דער טאטרן־געזעלשאפט אין זאקאָפּאנע, ווייזנדיק אויף דער דעמאָלטיקער יובילײ־אויסשטעלונג אייניקע פון זיינע פּייזאזשן פון די טאַטרן. אין דער זעלבער צייט שטעלט ער אויס אין דער וואַרשעווער זאכענטא זיינע בילדער „דער קאָבזשאזש" און „דער פּראָסט". זיינע בילדער פון די טאַטרן האָט האַנעמאַן אויך אויסגעשטעלט אין קראָקע, פּויזן און לאָדזש.

בעת דער אָקופּאַציע האָט זיך האַנעמאַן געפונען אין לאָדזשער געטאָ. צו אונדז איז ווייניק וואָס דערגאַנגען וועגן זיין גורל אין יענער צייט. אינעם בוך פון עמנואל רינגעלבלום „נאָטיצן פון וואַרשעווער געטאָ", אויף זייט 124 געפינט זיך פאָלגנדיקער נאָטיץ: „געהערט פון אַ לאָדזשער פּליט, אַז דער רעדאַקטאָר פון דער „לאָדזשער צייטונג" אַ געוועזענער דעמאָקראַט, קארגעל האָט ביים יידישן מאָלער האַנעמאַן באַשטעלט אַ בילד פון אים אויף די חורבות פון וואַרשע, אָבער אלס דעראָבערער פון וואַרשע. נאַטירלעך האָט דאָס בילד געזאָלט אונטערגעשריבן ווערן הורד און ארישן מאָלער".

אזוי האָט מען אויף א נידערטרעכטיקן אופן אויסגענוצט דעם טאלאנט פון דעם פעיקן און ערלעכן מאָלער, כדי אים צו דערנידעריקן און באשמוצן זיין נאָמען. א סך פון האנעמאנס בילדער וועלן בלייבן א פעסטע דעראָבערונג פון דער פּוילישער קונסט.

מאקס האנעמאן איז אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ, אָדער איז פון דאָרט ארויסגעפירט און דערמאָרדעט געוואָרן.

# אַליציע האָהערמאַן

אַליציע האָהערמאַן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1902 אין וואַרשע. זי האָט געשטאַמט פון אַ פאַרמעגלעכער משפחה. דער פאָטער אירער איז געווען אַ רייכער פאַבריקאַנט. די גוטע באַדינגונגען, אין וועלכע זי האָט געלעבט, פילט מען אָפּ שוין אין די ערשטע אַרבעטן פון דער קינסטלערין. די קאָלאָראַטור פון אירע בילדער זאָגן עדות, אַז אַליציע האָהערמאַן פאַרמאָגט אַ סך וויסן איבערן געביט פון פלאַסטיק, אַ סך דרייסטקייט אין אירע זוכענישן אויפן געביט פון דער פאָרם, ווי אויך אַ דערהויבענעם עסטעטישן געפיל. באַטראַכטנדיק אירע בילדער, האָט מען דעם איינדרוק, אַז די קינסטלערין טוט זיך גלענצנדיק אַן עצה מיט די פאַרשידענע ריכטונגען, וועלכע זענען דעמלט געווען אַקטועל אין דער מאָדערנער קונסט. זי האָט פאַרמאָגט אַ סך אינטעליגענץ, אַ סך אַמביציע, כדי זעלבשטענדיק צו מאַכן די געהעריקע אויספירן.

זי האָט זיך באַמיט צו שאַפן אַ פונקציאָנעלע בילדערישקייט. די ערשטע בילדער אירע זענען אַנטשטאַנען אַזוי ווי אַ רעזולטאַט פון טעאָרעטישע חשבונות, וועמענס ענדגילטיקער זין עס איז געווען די איידלקייט אין דער מאָלעריי. דער כאַראַקטער פון איר שאַפונג איז געשטאַנען נאָענט צו די שאַפונגען פון די פוילישע פאָרמיסטן.

אַליציע האָהערמאַן האָט שטודירט אין דער וואַרשעווער קונסט-אַקאַדעמיע און צום סוף פון די צוואַנציקער יאָרן איז זי אַרויסגעטראָטן אין וואַרשע מיט אַן אייגענער אויסשטעלונג. זי האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג. דאָס, וואָס זי האָט געוויזן, דאָס זענען געווען שאַפונגען וויברירנדיקע, פול מיט סימפטאָמאַטישער אייגנטימלעכקייט.

אירע בילדער האָבן געוויזן פאָרמען און קאָנסטרוקציעס פון דערשיינונגען ,וועלכע מיר באַמערקן פאַרבייגייענדיק, אָבער אין אַ רגע אַרום ווערן זיי פולשטענדיק צערינען אַזוי ווי מוסטערן, וועלכע דער פראָסט מאָלט

אויף די שויבן ווינטער־צייט אָדער אַזוי ווי אַ מאָזאַיק פון בלומען און בלעטער, אָדער פאָרמען, וואָס זענען אויסגעקריצט דורך דער נאַטור אין שטיין אָדער האָלץ. אַזעלכע נאַטור־מיסטעריעס לאָזן זיך זעלטן ווען אַנאַליזירן, דאָך מאַכן זיי אַ באַרוישנדיקן איינדרוק. קינסטלער ווענדן אָפט זייער בליק צו אַזעלכע מוסטערן. אַליציע האָהערמאַן האָט פאַרמאָגט אַ נאַטור פון אַ קינסטלערין און אַ פילאָזאָפישן אופן פון דענקען. זי האָט זיך נישט באַנוגנט דערמיט, וואָס איר אויג האָט אויפגעכאַפט אַ מאָמענט, וועלכער ווייזט דעם קעגנשטאַנד אין אַן אינטערעסאַנטער ליכט. אין אַזאַ מאָמענט האָט זי זיך באַמיט פאַנאַנדערצולייגן דעם דאָזיקן קעגנשטאַנד אויף די קלענסטע טיילעכלעך זיינע, אַזוי ווי אַ זייגערמאַכער לייגט פאַנאַנדער דעם ווערק פון אַ זייגערל. ווען ס'איז איר שפּעטער געלונגען צונויפצולייגן קאָנסטרוקטיוו דאָס בילד אין זיין האַרמאָניזירטער טאָנאַציע — האָט די קינסטלערין זיך געפרייט ווי אַ קינד. אין די צוואַנציקער יאָרן איז האָהערמאַן אָפּגעפאָרן קיין פראַנקרייך און האָט זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין פּאַריז. אינעם ערשטן פּאַריזער פּעריאָד האָבן אירע בילדער געהאַט אין זיך אַ סך קעגנזעצלעכס, זי האָט געשאַפן קאָמפּאָזיציעס פול מיט ריטמישע וויבראַציעס. זיי האָבן וואָס אַן אמת געמאַכט אַן איינדרוק, אָבער אַ ריין וויזועלן, ס'איז שווער געווען אין זיי אַרויסצופילן דעם דופק פון אַ קלאַפּנדיק האַרץ. אירע שאַפונגען האָבן דורכגעמאַכט פאַרשידענע ענדערונגען.

אין די לעצטע יאָרן פון איר לעבן איז איר קונסט אַריין אין דער פאַזע פון באַדייטנדיקער לעזבאַרקייט, פול מיט רעאַלן אינהאַלט. דאָס איז געווען אַזוי ווי אַ קער צו די טראַדיציעס פון קלאַסיציזם. אַליציע האָהערמאַנס בילדער זענען געוואָרן מער דייטלעכע ווי די בילדער פון מאַריא לאָרענסען, וויל האַנט־ביי־האַנט מיט דער פּינעזיע און לירישקייט האָבן זיי אויך פאַרמאָגט אַ דייטלעכע ליניע. אין איר קונסט האָט אָנגעהויבן דאָמינירן דער מענטש מיט אַלע זיינע מענטשלעכע ווערטן. די קינסטלערין לייגט אַריין: א סך מי אינעם ארויסברענגען די קליידער, וואָס הילן ארום די מענטשן, זי האָט אויך פאַרמאָגט די פעיקייט אַרויסצוברענגען די אַטמאָספער, וואָס רינגלט אַרום דעם מענטשן. דעריבער, ווען מיר באַטראַכטן די געשטאַלטן, וועלכע זי האָט געשאַפן, האָט מען אָפט דעם איינדרוק, אַז די מאָדעלן פון וועלכע זי האָט געשאַפן, שטייען פאַר אַ מין פאַרכישופטן שפּיגל. איר איז געלונגען ארויסצוברענגען סיי קינדער, סיי מאַמעס מיט קינדער, ווי אויך מענטשן ביים ים. זי פלעגט אויך מאָלן אַרבעטן אויף ביבלישע טעמעס. ס'איז באַקאַנט איר בילד „דאָס אַרויסנעמען משהן פון וואַסער“.

אַליציע האָהערמאַן איז געווען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן לאַנד און האָט נישט איינמאָל אויסגעשטעלט אירע בילדער אין פּוילן. אין פּאַריז האָט זי אָנטיילגענומען אין די אויסשטעלונגען פונעם האַרבסט־סאַלאָן.

די אויסשטעלונגען פון אירע בילדער האָבן זיך אויך באַוויזן אין לאָנדאָן און אין ניו־יאָרק.

אַליציע האָהערמאַן איז אומגעקומען אין פראַנקרייך אין יאָר 1943.

# הענריק האַכמאַן



הענריק האָכמאַן (אין די אקטן פון דער קראָקעווער קונסט־אקאדעמיע איז ער פארשריבן העשעל) איז געבוירן געוואָרן אין לובלין אין יאָר 1881. די אלטערטימלעכקייטן פון לובלין האָבן אין נישט קיין קליינער מאָס גע־ווירקט אויף דער דערוואַקסונג ביים יונגן הענריק פונעם חוש פאר קונסט. אין די יאָרן 1900—1904 האָט ער שטודירט אין דער קראָקעווער קונסט־אקאַדעמיע, לערנענדיק זיך צייכענען ביים פּראָפעסאָר פלאָריאַן צינק, סקולפּטור דאקעגן ביים פּראָפ. לאַש־טשקאָ. פאר זיינע אַרבעטן האָט האַכ־מאַן צוויי מאָל באַקומען בראָנזענע מעדאלן. די קונסט פון האָכמאַנען דעם סקולפּטאָר איז דורכגעזאַפּט געווען מיט דער קלאַסישער קולטור. דער קינסטלער האָט זיך באַמיט צו האַרמאָניזירן די פאַרגאַנגענהייט מיט דער היינטצייטיקייט, שטרעבנדיק אַריינצוגיסן דעם היינטצייטיקן אינהאַלט אין דער שיינער קלאַסישער פאָרם. ווי א 22־יאָריקער יונגערמאַן דעביוטירט האָכמאַן אויף דער קראָקעווער אויסשטעלונג פון דער געזעלשאפט צו פאַרשפּרייטן קונסט מיט דער סקולפּטור „דער בלינדער". אין אַ יאָר ארום, ד. ה. אין יאָר 1904, באַווייזט זיך אויף דער אויסשטעלונג פון דער זעלבער געזעלשאַפט זיינס אַ קאָפּ פון אַ מאַנספּאַרשוין אויסגעפירט אין

טעראַקאָטאַ. אין דעם זעלבן יאָר באַווייזן זיך זיינע סקולפּטור־אַרבעטן אין דער וואַרשעווער זאַכענטאַ. אויף דער ערשטער יערלעכער אויסשטעלונג אין דער זאכענטא שטעלט ער אויס 5 סקולפּטור־ארבעטן. („די שלאָפנדיקע קינדער“, „אַ פּאָרטרעט פון אַ פרוי“, „אַ שטודיום“, „די מידע“ און „פאַרטראַכט“). די טעמאַטיק פון די דאָזיקע אַרבעטן באַווייזט דעם לירישן כאַראַקטער זייערן. אין יאָר 1905 שטעלט ער אויס זיינע אַרבעטן אין דער זאַכענטאַ צוזאַמען מיט דער קראָקעווער געזעלשאַפט „שטוקאַ“. זיינע סקולפּטורן רופן אַרויס אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג. מען הייבט אים אָן צו דערמאָנען פון צייט צו צייט צוזאַמען מיט אַזעלכע סקולפּטאָרן ווי פוגעט, שטשעפּקאָווסקי, שימאַנאָווסקי, לאַשטשקאָ. האָכמאַן שאַפט קיינמאָל נישט אויף צו פאַרקויפן. ער גיסט אַריין אין די פאָרמען פון די סקולפּטורן טיפע מענטשלעכע געפילן און גיט גלענצנדיק איבער די אייגנאַרטיקייט פונעם מאָדעל. זיין שאַפונג דאָס איז אַ שטרעבונג איידעלער צו מאַכן די פאָרם, זוכן נייע וועגן. אַלס באַוויז פון די דאָזיקע איידעלע שטרעבונגען זיינע איז צ. ב. דער ביוסט פון אָלגאַ באָזנאַנסקאַ, אָדער יוליאַן פאַלאַט. האָכמאַן איז נישט געווען קיין סקולפּטאָר פון מאָנומענטאַלע אַרבעטן, עס האָט אים געפעלט דערצו די פעיקייט אַרויסצוברענגען סיי מאָטיוון פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, סיי גוטיקע פיזישע כוחות. פון יאָר צו יאָר ווערן די סקולפּטורן זיינע רייניער אין דער פאָרם, אַלץ מער דורכזיכטיקער און איידל. אַראַנק דער קענטעניש פון דער אַלטער אַרכיטעקטור און פון דער קלאַסישער פאָרם פון דער סקולפּטור, זענען זיינע אַרבעטן פריי פון דער איבערטרייבונג פון דער פאָרם, וואָס עס טרעפט זיך אזוי אָפט ביי אַנדערע קינסטלער.

אין יאָר 1908 שטעלט האָכמאַן אויס צוזאַמען מיט דער קראָקעווער „שטוקאַ“ אין איינעם פון די פאָרגעשריטנסטע קונסט־פאַרבאַנדן אין עסטרייך, אין ווינער „האַגעבונד“. עס האָט זיך דאָרט באַוויזן זיין סקולפּטור „דער ייד, וואָס איז מתפלל“. די טעמע האָט נישט אַזויפיל געוויזן דעם עקסטאַז פונעם יידן, וואָס איז מתפלל, ווי דאָס געבעט פון אַ מענטשן, וואָס לעבט אין גרויסער נויט און וואָס זוכט אַזיאַרום הילף קעגן דער ברוטאַלער פאַרגוואַלטיקונג פון לעבן. די אויסשטעלונג פון דער קראָקעווער „שטוקאַ“ אין ווין האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק אין די קולטור־קרייזן פון דער דאָזיקער הויפּטשטאָט. דאָס איז געווען אַ פּרעזענטירונג פון די ווערק פון די גרעסטע פּוילישע קינסטלער פון יענער צייט, ווי „דער פירפערדיקער געשפּאַן“ פון כעלמאָנסקי, „די הייליקע סאַלאָמעאַ“

פון וויספּיאַנסקי (אַ קאַרטאָן צו אַ וויטראַזש פון דער מאַריאַצקער קירכע אין קראָקע), „דער פּאָרטרעט פון דער מוטער" פון פּאַנקעוויטשן, די פּיי־זאַזשן פון רושטשיצן, די ווערק פון יוליאַן פּאַלאַט, קאַראָל טיכי, פּאוטש. פון די יידישע מאָלער האָבן זיך אויף דער דעמאָלטיקער אויסשטעלונג באַוויזן די פּאַסטעלן פון אַרטור מאַרקאָוויטש ווי אויך די פּייזאַזשן פון אברהם נוימאַן.

פון די סקולפּטאָרן האָבן אויסער האָכמאַן אויסגעשטעלט העניריק גליצענשטיין, קאָנסטאַנטי לאַשטשקאָ, יאַן שטשעפּקאָווסקי און העניריק קונאַ. דער לעצטער ווי אויך האָכמאַן זענען געווען די ייִנגסטע קינסטלער אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג.

אין יאָר 1910 האָט האָכמאַן געשאַפן אויף א באַשטעלונג פון דער קראָ־קעווער יידישער קהלה א באַרעליעף, וועלכער שטעלט פאָר אַ סצענע פון אויפ־נעמען די יידן אין פּוילן דורך קאַזשימיעזש דעם גרויסן. דער באַרעליעף מיט דעם געהעריקן אויפשריפט איז איינגעמויערט געוואָרן אויף דער פאָ־דערשטער וואַנט פונעם אַלטן ראַטהויז אין קוזמיר, אין וועלכן עס האָט זיך זייט דעם יאָר 1837 געפונען די יידישע אינדוסטריע־שול. זייענדיק באַגרע־נעצט דורך דעם איינפלוס פונעם רעאַקציאָנערן קהל, האָט ער זיך געמוזט באַגנוגענען מיט אַ סטיליזירונג פונעם מאָטיוו, דעריבער איז דער באַרע־ליעף אויסגעפאַלן צו אַלעגאָריש. בעת דער אָקופּאַציע האָבן די היטלע־ריסטן פאַרניכטעט דעם באַרעליעף און דעם אונטערשריפט אַזוי באַשע־דיקט, אַז ס'איז שווער איבערצולייענען דעם טעקסט. אין יאָר 1910 האָבן האָכמאַנס סקולפּטורן זיך באַוויזן אויף דער לעמבערגער אויסשטעלונג. אַ באַזונדער גוטן איינדרוק האָט געמאַכט דער ביוסט פון דער פרוי פ. (די פרוי פון פּאַלאַט).

אויף דער ערשטער אויסשטעלונג פון סקולפּטור, וואָס איז פאָרגעקו־מען אין קראָקע, האָבן זיך צווישן די אַרבעטן פון 16 גרעסטע פּוילישע סקולפּטאָרן געפונען אויך די אַרבעטן פון העניריק האָכמאַן.

די דאָזיקע אויסשטעלונג האָט מיטגעווירקט אויפצוהייבן אויף אַ הע־כערן ניוואָ די פּוילישע סקולפּטור. די וויכטיקסטע אָנטיילנעמער פון דער דאָזיקער אויסשטעלונג זענען געווען: קסאַווערי דוניקאָווסקי, וועלכער האָט דאָ באַוויזן אַ דרייסטע סקולפּטור פון אַ פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער, העני־ריק גליצענשטיין (סקולפּטורן פון אַן אַבסטראַקט־רעליגיעזן כאַראַקטער), קאָנסטאַנטי לאַשטשקאָ, וועלכער האָט דאָ באַוויזן אַרבעטן, וואָס האָבן גע־

טראָגן דעם חותם פון דער גוטער טראַדיציע פון דער פּוילישער פאָלקס=
סקולפּטור. צו די ייִנגסטע אויסשטעלער האָבן געהערט האָכמאַן און העני=
ריך קונאַ.

אין דריי יאָר אַרום באַווייזט זיך אויף דער אויסשטעלונג, וואָס איז
איינגעאָרדנט געוואָרן נאָכן טויט פון האָכמאַנס חבר סטאַניסלאַוו פּלייש=
מאַן, א ביוסט פון פארשטאָרבענעם, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורך
האָכמאַנען. די דערמאָנטע אויסשטעלונג איז פאָרגעקומען אינעם דעמלט
ניי געגרינדעטן אַלגעמיינעם פאריין פון פּוילישע קינסטלער אין קראָקע,
וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פּראָפּאַגירן די קונסט צווישן פאָלק.

האָכמאַן איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון דעם דאָזיקן פאַרבאַנד.
אין יאָר 1913 האָט ער אויך אָנטיילגענומען אין דער לעמבערגער אויס=
שטעלונג, וואָס איר איינקונפט איז באַשטימט געווען לטובת די אלמנות
און יתומים פון דער לעמבערגער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ. אויף דער
דאָזיקער אויסשטעלונג האָט זיך באַוויזן „דער ביוסט פון דער פירשטין
סולקאָווסקאַ“ און „דער חלום“ (ביידע אַרבעטן אין גיפּס). וועגן דער דאָ=
זיקער אויסשטעלונג האָט געשריבן לעאָפּאָלסקי: „צווישן די סקולפּטורן
שטייט אויפן ערשטן פּלאַן דער גישט דורכשניטלעכער שטודיום פון האָכ=
מאַנען“.

אין יאָר 1914, אַ פּאָר חדשים פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער
וועלט מלחמה, האָט האָכמאַן אָנטיילגענומען אינעם ווענעציאַנער ביענאַל.
אין דער זעלבער צייט נעמט ער אויך אָנטייל אין דער אויסשטעלונג פון
דער קראָקעווער קונסט=געזעלשאַפט, וואָס האָט דעמלט געפייערט איר 60
יאָריקן יובילײ. אין דער אויסשטעלונג האָבן אָנטיילגענומען די גרעסטע
פּוילישע קינסטלער, וואָס זענען געווען אין לאַנד און אין אויסלאַנד, ווי י.
בראַנד (מינכען), אָלגאַ באָזנאַנסקאַ און וולאַדיסלאַוו שלעווינסקי (פּאַ=
ריז), קאַזשימיעזש פּאָכוואַלסקי (ווין), סטאַניסלאַוו לענץ, קאָנראַד קזשי=
זשאַנאָווסקי (ווארשע), מאַלטשעווסקי, מעהאָפער, פּאַלאַט און אַנד. (קראָ=
קע). אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָבן זיך באַוויזן האָכמאַנס אַר=
בעטן אין די ראַמען פון דער אויסשטעלונג פון דעם באַקאַנטן „אַנשטאַלט
פון וויטראַזשן, קינסטלערישע גלאָז=אַרבעטן און גלאָז=מאָזאַיק“ פון י. ג.
זשעלינסקי. יעזשי ראָמער, שרייבנדיק וועגן דער דאָזיקער אויסשטעלונג,
זאָגט וועגן האָכמאַנס סקולפּטור פּאָלגנדיקס: „האָכמאַן האָט אין זיין
„פרויען=ביוסט“ פּלאַסטיש אַרויסבאַקומען די גאַנצע ווייבלעכקייט פון דער

פיגור, איבערהויפּט דריקט עס זיך אויס אינעם מילדן שמייכל און דעם שעפערישן אויסדרוק פונעם בליק".

די זאַוויערוכע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט האָכמאַנען פאַרוואָרפן קיין ווין. עס באַווייזט זיך דעמלט אַן אימפּאָנירנדיקע אויסשטעלונג פון דער פּוילישער קונסט (ווי באַוווסט האָבן די ווינער זאַמלונגען פאַרמאָגט נישט איין ווערטפולע פּאָזיציע פון דער פּוילישער קונסט). אין דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָבן אויך אָנטייל־גענומען די פּוילישע פּלאַסטיקער, וואָס האָבן דעמלט געלעבט און צווישן זיי אויך הענריק האָכמאַן. עס איז אויסגעשטעלט געוואָרן זיין פּאָרטרעט פון פאַלאַטן (אין בראָנז), אַ ביוסט פון אַ מאַנספּאַרשוין ווי אויך אַ מאַסקע (פּאַלאַטס ביוסט אין מאַרמאָר האָט האָכמאַן שפּעטער געשאַפן). נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און פּוילנס ווידערגעבורט איז האָכמאַן געווען איינער פון דער קליינער גרופּע פּלאַסטיקער, וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם פאָרמאַליסטישן שטראָם אין דער קונסט, וואָס האָט געשפּאַרט פון די מערב־אייראָפּעישע הויפּטשטעט. ער איז נישט געווען קיין אָנהענגער פון דער דעפאָרמאַציע פון די סקולפּטורן, וועלכע איז אָפט דערגאַנגען צו פאַרלירן פולשטענדיק די ענלעכקייט מיטן מאָדעל. זיינע סקולפּטורן פון יענעם פּעריאָד פאַרמאָגן אַ סך דערהויבנקייט און אַפילו עקסטאַז. אין יעדער אַרבעט האָט דער קינסטלער אַריינגעלייגט זייער אַ סך מי. דעריבער איז די צאָל פון זיינע אַרבעטן נישט אַזוי גרויס ווי ביי אַנדערע סקולפּטורן. די וויכטיקסטע שאַפונגען זיינע זענען די פּאָרטרעטן. צווישן זיי צייכענען זיך באַזונדערס אויס די ביוסטן פון יוליאַן פאַלאַט און אָלגאַ באָזנאַנסקאַ. איןביידע אַרבעטן מערקט זיך עפּעס אַן אינטימע באַציונג פון זייער שעפער צו זיינע מאָדעלן, ווי אויך אַ טיפער פּסיכישער אַנאַליז פון די פאָרגעשטעלטע געשטאַלטן. די געשטאַלטן, וואָס האָכמאַן פלעגט ארויסכישופן, זענען מיינסטנס געווען מענטשן פאַרטראַכטע, פאַרטיפטע אין זיך, טרוימערישע, אויסגעפילטע מיט עפּעס אַ גרענעצלאָזער בענקשאַפט.

אויך אויף דער אלגעמיינער לאַנד־אויסשטעלונג אין פּויזן האָבן די סקולפּטורן פון האָכמאַנען זיך דערוואָרבן גרויס אָנערקענונג, וואָס עס האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג סיי אין דער פאָרגעשריטענער פּרעסע סיי אין די קינסטלערישע קרייזן אין לאַנד. האָכמאַן איז דעמלט אויסגעצייכנט געוואָרן מיט א גרויסן זילבערנעם מעדאַל. דאָס צווייטע יאָר האָט האָכמאַן אויסגעשטעלט אין קראָקע צוזאמען מיט דער אָרטיקער „שטוקא" דעם פּאָרטרעט פון פאַלאַטן אין מארמאָר ווי אויך דעם פּאָרטרעט פון ט. נ. אין בראָנז

און א פּרויען־קאָפּ אין מאַרמאָר. אין יאָר 1930 האָט ער אָנטיילגענומען אין דער אויסשטעלונג פון דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין קראָקעווער אַקאַדעמישן הויז.

אין יאָר 1934 האָט זיך אויף דער אויסשטעלונג פונעם קראָקעווער סאַלאָן, וואָס האָט צונויפגעזאַמלט די אַרבעטן פון אן ערך 150 קינסטלער פון גאַנצן לאַנד, באַוויזן האַכמאַנס סקולפּטור „דער שלאָף", וואָס שטעלט פאָר א מילד פרויען־פּנים, וואָס איז פאַרזונקען אין שלאָף. צו די געלונגענע אַרבעטן האַכמאַנס געהערט אויך דער מאַרמאָרענער ביוסט פון א פרוי, וואָס שפּאַרט אונטער מיט דער רעכטער האַנט דעם חנעוודיק געבויגענעם קאָפּ. די געדיכטע כוואַליע האָר, וואָס פליסט דורך די פינגער איבער דער לענג פון דער האַנט ווי אויך דאָס טרוימערישע פּנים שאַפן צוזאַמען אַן אויסערגעוויינלעך קינסטלערישע גאַנצקייט. אַזעלכע סקולפּטורן, פול מיט פּאַטעטישן צויבער, האָט האַכמאַן געשאַפן א סך. פיל פון זיי זענען בעת דער אָקופּאַציע פאַרפאַלן געוואָרן.

דער זשורנאַל „פשעגלאָנד אַרטיסטיטשני" פון יאַנואַר 1936 ברענגט באַמערקונגען פון ה. גאָשטשענגאַ, וווּ מיר לייענען צווישן אַנדערע: „עס איז ווערט צו דערמאָנען די סקולפּטורן פון הענריק האַכמאַן, דאָס זענען ביוסטן, וואָס זענען אויסגעפירט אין ווייסן אָדער פּאַטינירטן גיפּס. זייער שיין איז אויך די סטאַטועטקע פון דער פרוי מאָדזעלעווסקא אין מאַיאָליק".

דער זשורנאַל „סיגנאַלי" פון 1 יאַנואַר 1937 ברענגט די מאַסקע פון מיצקעוויטשן אויסגעפירט דורך ה. האַכמאַן.

בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע זענען די גרעסטע טייל סקולפּטורן פאַרניכטעט אָדער פאַרלוירן געוואָרן. האַכמאַן אַליין איז דורך די היטלעריסטישע מערדער אומגעבראַכט געוואָרן. די לעצטע איינציקע אַרבעטן זיינע, וועלכע האָבן זיך דאָ אָדער דאָרט אויפגעהאַלטן, שטעלן מיט זיך פאָר א ווערטפולע פּאָזיציע אין דער פּוילישער קונסט.

# בער האָראָוויץ

בער האָראָוויץ איז געבוירן געוואָרן דעם 17־טן מערץ 1895 אין מיידאַן געבן קאַלוש. זיין פאָטער פּנחס איז געווען ענלעך צו מענדעלע מוכר ספרימס סענדערל — עס האָט אים עפּעס געצויגן אין דער ברייטער וועלט אַריין. אויך ער האָט געוואָלט זען די טערקן, וועלכע האָבן אונטעריאָכט ארץ־ישראל, זען דאָס עקזאָטישע לאַנד פון זיינע אבות. ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין דער וייטער רייזע, אָבער אים האָט נישט געסטייעט קיין כוח און ער האָט זיך דערשלעפּט בלויז ביז קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דאָ, אין דער פרעמדער שטאָט, האָט ער זיך פאַרבענקט נאָך זיין היימלאַנד. אויף דער דאָזיקער רייזע איז האָראָוויצעס פאָטער אויסגעקומען זיך צונויפ־צוטרעפן מיט רומעניש, בולגאַרישע און טערקישע יידן. ער האָט אַזוי אַרום געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט זייער לעבנס־שטייגער, זייערע מנהגים. ער האָט זיך אויך אויסגעלערנט אַ סך פרעמדע שפּראַכן פון די פעלקער, מיט וועלכע ער איז געקומען אין באַרירונג. בער האָט געזאָגט, אַז זיין פאָטער האָט געקענט 12 שפּראַכן. נאָך זיין אומקערן זיך פון דער דאָזיקער רייזע, האָט פּנחס האָראָוויץ חתונה געהאַט. בער איז געווען זיין איינציקער זון. זיי האָבן געלעבט אויפן דאָרף. דער קליינער בער האָט זיך געלערנט אין אַן אוקראַינישער שול און צוזאַמען מיט זיינע חברים, די יינגלעך פון דאָרף, פלעגט ער ארומלויפן באָרוועס, שפּילן זיך און פאַר־ברענגען.

די פּילבאַרע נאַטור פון דעם יינגל האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט אַ סך געירשנט פון זיין פאָטערס ראָמאַנטיזם. ער האָט זיך אָנגעהערט די פאַרשידנסטע מעשיות און לעגענדעס וועגן בעל־שם און ענלעכע געשטאַלטן, מעשיות, וואָס פלעגן אָנרעגן זיין היציקע יוגנטלעכע פאַנטאַזיע.

בערס פאָטער האָט געשטרעבט, אַז זיין זון זאָל אין לעבן דערגרייכן

מער פון אים. ער האָט אים דעריבער געשיקט אין דער גימנאַזיע אין סטאַניסלאַוואָוו. שוין אַלס שילער אין דער גימנאַזיע האָט בער האָראָוויץ אָנגעהויבן שרייבן לידער אין דער פּוילישער שפּראַך. ווען ער איז אַלט געוואָרן 15 יאָר האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט דער יידישער ליטעראַטור. עס האָט זיך אין אים דערוועקט אַ חשק צו שאַפן אין דער יידישער שפּראַך. ווען ער פלעגט וועלן כאַראַקטעריזירן די געשטאַלטן, וועלכע ער האָט באַשריבן, האָט ער זיך אָפט אַרויסגעהאָלפן מיט צייכענונגען, וואָס ער פלעגט סקיצירן אויף פּאַפּיר.

עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. בער האָראָוויץ קוקט זיך צו און לעבט איבער אַלע גרוילן פון דער דאָזיקער מאַסן־שחיטה. דער פראָנט האָט זיך געפונען אין משך פון אַ לענגערער צייט אין דער נאָענט פונעם דאָרף, אין וועלכן ס'האָט געלעבט די משפּחה האָראָוויץ. נאָך אין דער צייט פון דער מלחמה פאָרט האָראָוויץ אָפּ קיין ווין און דאָרט שטודירט ער מעדיצין אויפן אוניווערסיטעט. זייענדיק אין ווין האָט ער אויך די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך און שטודירן די באַרימטסטע קונסטווערק, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די ווינער מוזייען. די מערב־אייראָפּעישע קונסט מאַכט אויף אים נישט קיין גרויסן איינדרוק. אין דער דאָזיקער גרויסער שטאָט לעבט ער מיט די דערינערונגען וועגן דער פאָלקסקונסט פון זיינע היימישע קאַנטן, די קאָלירפולע מאָלערייען אויף גלאָז, וועלכע שטעלן פאָר לעגענדעס וועגן פאַרשידענע הייליקע געשטאַלטן. די דאָזיקע קונסט איז פאַר אים געווען אַן אומשאַצבאַרער אוצר. בער האָראָוויץ האָט אויך געקאָנט מיט ווערטער איבערגעבן די שיינקייט פון די דאָזיקע פאָלקס־שאַפונגען. טיף אין זיין נשמה האָט ער זיך געפילט ווי אַ מיטשעפער מיט די דאָזיקע אַנאָנימע קינסטלער, וועמענס בילדער דאָס פאָלק האָט פאַרהייליקט אין די דאָרפישע קלויסטערלעך. האָראָוויץ אַליין האָט זעלטן געשאַפן אין קאָלירן. זיינע צייכענונגען זענען געווען געוואַלדיק פּשוט און אַזוי נאַטירלעך ווי די בלעטער און פרוכטן אויף די ביימער. בער האָראָוויץ איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ זון פון דאָרף אפילו דעמלט, ווען ער האָט געלעבט אין די גרויסע שטעט.

אַזוי פלעגט ער מאָלן די פּאָרטרעטן פון פאַרשידענע מענטשן: נאַטירלעך, אָן שמינקע, אין זייער נאַטירלעכער מיליע. ווען אַ מאָדעל האָט אים אינטערעסירט, פלעגט ער אים נעמען אין געפאַנגענשאַפט אויף אַ לענגערער צייט. ער האָט אים געמאָלט פון אַלע זייטן, האָט אָנגעוואָרפן אַן אומענדלעכע צאָל סקיצן. ווען ער פלעגט סוף כל סוף פאַרענדיקן עמעצנס

אַ פּאָרטרעט, פלעגט ער פאָדערן, אַז דער פּאָרטרעטירטער זאָל אויפן בילד אָנשרייבן לכל הפחות עטלעכע ווערטער. אַזוי אַרום פלעגט ער דערגענצן זיינע קענטעניש וועגן דעם מאָדעל. בער האָראָוויץ האָט תמיד געטראָגן מיט זיך אַ פולע טעקע מיט צייכענונגען. דאָרט האָבן זיך געפונען צייכענונגען פון פאַרשידענע טיפּן: יידן, פּאָליאַקן, אוקראַינער. דאָרט האָט מען געקאָנט געפונען פּאָרטרעטן פון אינטעליגענטן, שרייבער און פון פּויערים, דערביי האָט יעדע צייכענונג געהאַט אַ צושריפט.* אַ ביכל פון בער האָראָוויץ א. נ. „וונדערלעכע מעשיות“, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1932 דורך דעם ווינער פאַרלאַג „דער וואַנדערער“, האָט אויך פאַרמאָגט אַ גאַנצע ריי פּרעכטיקע אילוסטראַציעס, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן דורכן מחבר. דאָס זענען געווען צייכענונגען פון די בערגיקע ווייטקייטן, באָדל־וועלדער, פּאָעטישע געשטאַלטן, ווי דער בעל־שם און אַנד.

איינע פון די דאָזיקע צייכענונגען שטעלט פאָר אַ הילצערן שולעכל, וואָס שטייט ביים ראַנד פון וואַלד, ביים אַריינגאַנג שטייען צוויי יידן אָנגעטוענע אין יום־טובדיקע מלבושים, וואָס דערלאַנגען זיך ברייטלעך שלום־עליכם. דאָס דאָזיקע שולעכל שיידט זיך ווייניק אונטער פון די הילצערנע דאָרפישע כאַטעס, נאָר דאָס פענצטער, וואָס איז אויסגעשניטן אין דער פאָרם פון אַ מגן־דוד, זאָגט עדות, אַז דאָס איז אַ שול. די צייכענונגען פון בער האָראָוויץ גיסן זיך צונויף מיט זיינע דערציילונגען אין איין גאַנצקייט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ שטיק געשיכטע פון זיינע קאַנטן.

בער האָראָוויץ האָט געשפּרודלט מיט ענערגיע און טאַט. עפּעס אַן אינערלעכער כוח האָט אים געטריבן דאָ קיין קראָקע, דאָ קיין וואַרשע, דאָ ווידער קיין ווין, אָבער פריי האָט ער זיך געפילט נאָר אין זיין היימישן סטאַניסלאַוואָוו, אָדער קאָלאָמיי. דאָרט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט בער האָראָוויצן אין יאָר 1935. מיר האָבן צוזאַמען באַזוכט פאַרשידענע מענטשן. מיר פלעגן אָפט באַזוכן אויך דערפער, ווו האָראָוויץ האָט געצייכנט פאַרשידענע פּויערים־טיפּן ביי דער אַרבעט אין פעלד אָדער ביים פּאָיען אַ פערד אד"גל. טיילמאָל פלעגן מיר אַריינגיין אין די דאָרפישע

---

* צווישן די פּאָרטרעטן, וועלכע האָראָוויץ האָט געשאַפן, זענען געווען די צייכענונגען פון אַלטער קאַציזנע, פונעם מאָלער שמחה טראַכטער, פונעם דיכטער הערשעלע — צו זיין 50־טן געבורטסטאָג. האָראָוויץ האָט אויך געצייכנט אַ סך אוקראַינישע שרייבער און צווישן זיי דעם אוקראַינישן פאָלקס־דיכטער, וואַסילי סטעפאַניק.

כאַטעס. ס׳האָט זיך אָפט אַרויסגעוויזן, אַז די איינוווינער זענען געווען באַפריינדעט מיט אים. בער האָראָוויץ האָט ליב געהאַט די קונסט — די פּוילישע אַזוי ווי די אוקראַיִנישע און האָט זיך באַצויגן מיט גרויס אַכטונג צו אַ סך פּוילישע קינסטלער. אין דער צייט, ווען דער פאַשיסטישער טעראָר האָט אין סאַנאַציע־פּוילן זיך געשטאַרקט, ווען ס׳האָבן זיך געמערט די בלוטיקע כוליגאַנישע אָנפאַלן אויף יידישע סטודענטן אין די אוניווערסיטעטן און אַקאַדעמיעס, האָט בער האָראָוויץ געשאַפן אַ ריר־דיקע פּאָעמע, וואָס איז געביטן געווען אויף זיין באַגעגעניש מיט דעם גרויסן פּוילישן קינסטלער יאַצעק מאַלטשעווסקי. די דאָזיקע פּאָעמע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין יאָר 1938 אין ווין ווי אַ פאָרוואָרט צו זיין ביכל א. נ. „פון איציק וואַטעמאַכער ביז איציק גוטקינד — יידישע מאָטיוון אין דער פּוילישער פּאָעזיע“ (פאַרלאַג פון א. ב. צעראַטע, 1938). דאָס דאָזיקע ביכל פאַרמאָגט חוץ דאָס דערמאָנטע ליד פון האָראָוויצן אויך זיינע איבערזעצונגען פון די לידער פון וויקטאָר גאָמוליצקי, ציפּריאַן נאָרוויד, מיעטשיסלאַוו ראָמאַנאָווסקי, מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, אָר־אָט (אַרטור אָפּמאַן), יאַן קאַספּראָוויטש, זאָפיאַ ראָשטשישעווסקאַ, י. אילאַקאָוויטש, אַדאַם מיצקעוויטש, סטאַניסלאַוו יאַכאָוויטש, טאַדעוש לאָפּאַלעווסקי, יוליאַן טוווים און ולאַדיסלאַוו בראָניעווסקי.

בער האָראָוויץ איז נישט נאָר געווען אַ דיכטער און פּלאַסטיקער, נאָר אויך אַ ליידנשאַפטלעכער פאָרשער פון אַלטערטימלעכקייטן. פּונקט ווי ער האָט ליב געהאַט צו צייכענען פּשוטע מענטשן, האָט ער אויך ליב געהאַט אויסצוזוכן אַלטע איקאָנעס, אָרנאַמענטירטע באַלקנס אין פּויערישע כאַטעס אָדער געשניצטע פּויערישע טישן און קופערטס. בעת די דאָזיקע וואַנדערונגען פלעגט ער נישט איינמאָל געפונען ווערטפולע איקאָנעס געמאָלטע אויף גלאָז, וואָס פלעגן אים אַנטציקן מיט זייערע פאַנטאַסטישע קאָלירן און מיט זייער פאָרם. די טעמאַטיק פון די דאָזיקע בילדער איז גענומען געוואָרן פון דער ביבל אָדער פון נייעם טעסטאַמענט, אָבער דאָס וויכטיקסטע אין זיי איז געווען די אייגנאַרטיקייט פון דער סלאַווישער קונסט. די דאָזיקע שאַפונגען פון די אַנאָנימע פאָלקס־קינסטלער פלעגן אים פאַרשאַפן פיל פרייד.

בעת איינער אַזאַ וואַנדערונג, אין וועלכער איך האָב אויך אָנטייל־גענומען, האָבן מיר געפירט אַ שמועס וועגן דער וויטראַזשן־קונסט. בער האָראָוויץ האָט געהאַלטן, אַז די אַנאָנימע שעפער פון די דאָזיקע קונסט־ווערק, געמאָלטע אויף גלאָז אָדער אויסגעשניצטע פון האָלץ, זענען געווען

גרויסע מייסטער, וואָס טרעטן נישט אָפּ די גרויסע שעפער פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע אין איטאַליע, פראַנקרייך אָדער דייטשלאַנד. האָראָוויץ פלעגט זיך אויפרעגן און זידלען די סאָנאַציע־פּאַציפיקאַטאָרן, וועלכע האָבן אונטערדריקט די אוקראַאינישע באַפעלקערונג און פאַרניכטעט די דאָזיקע אוצרות פון דער פאָלקס־קונסט.

אין די יאָרן 1939 — 1941 האָט בער האָראָוויץ גענומען אַ לעב־האַפטן אָנטייל אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון מערב־אוקראַאינע. מ'האָט אים איינגעלאַדן קיין מאָסקווע און קיעוו, וווּ ער איז האַרציק אויפגע־נומען געוואָרן. אין יענער צייט האָט ער זיך נאָך מער צוגעבונדן צו זיינע היימישע געגנטן, צו דער היימישער נאַטור. ער האָט געטרוימט וועגן מאָלן, וועגן אַרויסברענגען אין זיינע בילדער די נעפּלען איבער די בערג, די זאַפטיקע גרינקייט פון די לאָנקעס און וועלדער. זיינע טרוימען זענען אָבער נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. ער איז אומגעקומען באַלד אין די ערשטע טעג ווען די היטלעריסטישע תליינים האָבן פאַרכאַפּט סטאַניסלאַוואָ'ו דורך די אוקראַאינישע פאַשיסטן.

# איגנאַצי הירשפֿאַנג

איגנאַצי הירשפֿאַנג האָט געשטאַמט פֿון לאָדזש. ער האָט געהערט צו די קינסטלער, וועלכע האָבן געזוכט פֿאַר זייער שאַפֿונג נייע קינסטלערישע פֿאָרמען. ער איז געווען אַ קאָלאָריסט, וואָס איז נישט ווייט אַוועק פֿונעם נעאָאימפּרעסיאָניזם. ער האָט אָבער מיט דער הילף פֿון דער דאָזיקער פֿאָרם נישט געקאָנט אויסדריקן די אייגנטאָניקייט פֿונעם לעבן, מיט וועלכן ס'האָבן געאָטעמט די לאָדזשער גאַסן. הירשפֿאַנג איז אין זיין מאָדערניזם נישט נאָר ווייט אַוועק פֿון דער רעאַליסטישער קונסט פֿון שמואל הירשענבערגן, אָדער לעאָפּאָלד פּיליכאָווסקין, נאָר אפֿילו פֿון זיינע מיטצייטלער, ווי נאַטאַן שפּיגעל, הענעך באַרטשינסקי אָדער האַבער, וועלכע האָבן געקאָנט איינדרוקספֿול אַרויסברענגען די סביבה, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט, כאָטש זי איז נישט געווען איבעריק סימפּאַטיש. הירשפֿאַנג האָט געהערט צו די מאָלער, וואָס האָבן נישט פֿאַרמאָגט די פֿעיקייט זיך צו דערנענטערן צום עצם פֿון דער מענטשלעכער נויט, צו דעם טרויער וועגן אַ בעסערן מאָרגן. ער איז פֿול געווען מיט לעבנס-לוסט, האָט ליב געהאַט די נאַטור און די שיינקייט. אין זיין אַטעליע האָט ער געשאַפֿן פּרעכטיקע שטיל-לעבנס פֿון בלומען און פֿאַרשידענע אַנדערע קעגנשטאַנדן. ער האָט אויך געמאָלט אַקטן. הירשפֿאַנג איז געווען אַ קינסטלער, וועלכער האָט פֿאַרמאָגט אַ סובטילן געשמאַק, וואָס האָט געשאַפֿן מיט אַ סך פֿינעזיע, דאָך איז דאָס, וואָס ער האָט אויסגעדרוקט אין זיינע בילדער, געווען בלויז אַן אָפּשיין פֿונעם גרויסשטאָטישן טומל.

שוין אין יאָר 1924 האָט איגנאַצי הירשפֿאַנג זיך פֿאָרגעשטעלט אין דער הויפּטשטאָט מיט אַן אויסשטעלונג, וועלכע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. די קאָמפּאָזיציעס, וועלכע ער האָט דאָרט געוויזן, האָבן פֿאַרמאָגט אַ סובטילן קאָלאָריט, אַן איידעלע טאָנאַציע און אַ גוטע צייכע-

נונג. אַזעלכע זענען טאַקע געווען די גרונטיקע אייגנשאַפֿטן פֿון זיין קונסט. אין יענעם פּעריאָד האָט זיך הירשפּאַנג אומגעקערט פֿון פּאַריז קיין לאָדזש. שפּעטער האָט ער אויף פֿאַרשידענע אויסשטעלונגען געוויזן איינצלנע אַרבעטן זיינע. אין יאָר 1939 האָט ער צוזאַמען מיט סאַמועל פֿינקעלשטיינען אויסגעשטעלט זיינע אַרבעטן אין לאָקאַל פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿט צו פֿאַרשפּרייטן קונסט. דאָרט האָט ער צונויפֿגעזאַמלט איבער 50 בילדער זיינע. דאָס זענען געווען פּייזאַזשן פֿון קוזמיר, קראַמטשענקאָ, זאַקאָפּאַנע און אַנדערע נאַטור־ווינקלען. ס'האָבן זיך דאָרט אויך געפֿונען ארבעטן, וואָס האָבן פֿאַרגעשטעלט ציגיינער, פּרויען־קעפּ, שטודיען פֿון יינגע מענער. אַלץ, וואָס האָט זיך געפֿונען אויף יענער אויסשטעלונג, האָט באַוויזן, אַז דער קינסטלער האָט געזען דעם אָרום אין העלע, ליכטיקע פֿאַרבן, אַז ער האָט גיריק איינגעזאַפּט אין זיך די מעכטיקייט פֿון דער נאַטור און אַז ער האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל צו ווייזן שטימונגען פֿון פֿרייד און פֿאַרגעניגן. הירשפּאַנגען האָט מען גערן איינגעלאַדן אָנטייל צו נעמען אין די אויסשטעלונגען פֿונעם „איפּס“. דער זשורנאַל „שטוקי פּיענקנע“ האָט עטלעכע מאָל רעפּראָדוצירט זיינע בילדער. אין יאָר 1928 האָט דער לאָדזשער מאַגיסטראַט אָפּגעקויפֿט איינס פֿון זיינע „שטיל־לעבנס“ פֿאַרן שטאָטישן מוזעום א. ג. פֿון י. און ק. באַרטאָשעוויטש. צום לעצטן מאָל האָבן זיך באַוויזן הירשפּאַנגס בילדער אויף דער יוביליי־אויסשטעלונג פֿון די יידישע קינסטלער־פּלאַסטיקער אין וואַרשע אויף דער דלוגאַ 26.

פֿון סעפּטעמבער 1939 איז פֿון הירשפּאַנגען פֿאַרשוואונדן יעדער שפּור.

# אדאם הערשאפט



אַדאַם הערשאפט איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1886. דאָ האָט ער געענדיקט די מיטלשול. אינעם באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון דער וואַרשעווער קונסט־שול פאַרן חודש מערץ 1904 פיגורירט ער אונטערן נאָמען אַבראַם. אין דער שול האָט הערשאפט ארויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן און אַדאַנק דעם האָט ער באַקומען אַ סטיפּענדיע צו שטודירן אין אויסלאנד. אומקערנדיק זיך אהיים, איז ער אריינגעטראָטן אין דער אָרגאניזאציע פון דער ליבעראלער יוגנט „ספּויניא" און אין די יאָרן 1907—11 האָט ער שוין געהערט צו דער פארוואלטונג פון דער געזעלשאַפט. די גרונטיקע טעטיקייט הערשאַפּטס האָט זיך באַגרענעצט צו גראַפיק, אין וועלכער דער קינסטלער האָט דערגרייכט אַ הויכן ניוואָ. הערשאַפט איז געווען אַ לירעקער און האָט געשאַפן שטימונגספולע אַקוואַרעלן. טיילמאָל פלעגט ער אויך אויספירן האָלצשניטן. ער האָט אויך געמאָלט. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט פאַרשידענע מאָטיוון, וועלכע ער האָט שפּעטער אַרויסגעבראַכט אין זיינע גראַפישע אַרבעטן. דאָס זענען מייסטנס געווען אימפּרעסיעס פון מאָמענטאַלע איינדרוקן. די אַרבעטן זיינע זענען אַזוי ווי באַהויכט מיט אַ געפיל פון מעלאַנכאָליע אָדער

אומעט אַפילו דעמלט, ווען דער מאָטיוו איז אַ הייטערער. הערשאַפט האָט מייסטנס געשאַפן קליינע אָבער זייער זאָרגפעלטיק באַאַרבעטע נאַטור=בילדער, פּאָרטרעטן אָדער שטודיען. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז אין די אַרבעטן זיינע האָט ער זעלטן ווען ארויסגעבראַכט דעם גרויליקן אָמעלשאַפּטלעכן מאָמענט, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס גראָד אין זיינע צייטן האָבן זיך בולט אַרויסגערוקט און שטאַרק פאַרשאַרפט די געזעלשאַפטלעכע אַנטאַגאָניזמען. אַלץ וואָס הערשאַפט האָט געשאַפן איז געווען דורכגעזאַפּט מיט אַ לייכטער אָנגענעמער אַטמאָספער, פּונקט ווי דאָס לעבן, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט, וואָלט געווען אַ שיינע אידיליע. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס הערשאַפט איז געווען אַ ראָמאַנטיקער. ער האָט גערן און אָפט גערייזט איבער איטאַליע, פראַנקרייך, עסטרייך, דייטשלאַנד און אַנדערע אייראָפּעישע לענדער און פלעגט ברענגען פון דאָרט עפּעקטפולע, פיינע אַקוואַפאָרטן, וואָס האָבן אויסגעדריקט די איינדרוקן און איבערלעבונגען פונעם קינסטלער. פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע אָנגענעמע אימפּרעסיעס ווי צ. ב. „אַ פרילינגע ווירטשאַפט אין סיציליע באַדעקט מיט שניי" קאָנען, וואָס אַן אמת, אַנטציקן דעם צושויער צוליב דער פיינקייט פונעם אויסדרוק אָדער פוכיקייט, אָבער ס'פעלט דאָ עפּעס וועזנטלעכס. מיר באַמערקן נישט, צום ביישפּיל, אַז פאַר די אָרעמע איינוווינער פון דער מאָלערישער ווירטשאַפט זאָל דער דאָזיקער פלוצימדיקער, נישט פאָרויסגעזעענער שניי שאַפן אַן אידיליע. הערשאַפט האָט ליב געהאַט צו שאַפן בילדער פון קליינע קלויסטערלעך, פאַרטראַכטע הייזלעך ביים וואַסער, שיינע ביימער=גרופּן און ענלעכע מאָטיוון. באַזוכנדיק אַלע ווינקעלעך פון לאַנד, האָט ער געצייכנט נאַטור=בילדער פון די קאַרפּאַטן=בערג, פון די ברעגן פון באַלטיק, פון וועלדער, טייכן און טאָלן. אין יאָר 1927 האָט ער, אויף דער באַשטעלונג פון דער רעגירונגס=קאַנצעלאַריע, אויסגעפירט אַ פּאָרטרעט פונעם פּרעזידענט איגנאַצי מאָשטשיצקי אין דער אַקוואַפאָרטא=טעכניק. פון צייט צו צייט האָט ער אין פאַרשידענע פוילישע צייטשריפטן פאַרעפנטלעכט זייער קליינע פעליעטאָנען. דאָס זענען געווען אַזוי ווי דערגענצונגען צו זיינע פּלאַסטישע אַרבעטן. זיי האָבן אַנטהאַלטן די געדאַנקען און שטימונגען פונעם אויטאָר. הערשאַפט האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אַרבעט, אַ דערציילונג א. נ. „דער זון פון אַפּאָללאָ".

ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז האַרט נאָך דער ערשטער וועלט=מלחמה האָט אַדאַם הערשאַפט געשאַפן אַ גרויסערן ציקל פון גראַפישע אַרבעטן אונטערן נאָמען „אַלט=בערלין". דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס אַנטהאַלט איבער

20 גראַפיקעס, איז זייער שטימונגספול, זייער האַרמאָניש און מעלאָדיש. דאָס איז איינע פון די אינטערעסאַנטסטע גראַפישע אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון בערלין. דער דאָזיקער ציקל איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין די זאַמלונגען פון „מערקישן מוזעום" אין בערלין".

אַדאַם הערשאַפּטס אַרבעטן האָבן אַרויסגערופן אַן אָפּקלאַנג נישט נאָר אין לאַנד, נאָר אויך אין אויסלאַנד. שוין אין יאָר 1917 טרעפן מיר הערשאַפּטס בילדער אין דער וואַרשעווער זאַכענטא, אין די שפּעטערדיקע יאָרן אָרדנט איין די יידישע געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט אַן אויסשטעלונג פון זיינע אַרבעטן. די ערשטע געזאַמלטע אויסשטעלונג פון אַדאַם הערשאַפּטס בילדער איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין יאָר 1924.

אויף דער אַלגעמיינער אויסשטעלונג אין פּויזן אין יאָר 1929 האָט הערשאַפּט אָנטיילגענומען אינעם קרייז פון פּוילישן גראַפיקער-פאַריין. אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָט מען געוויזן 10 אַרבעטן הערשאַפּטס. דאָרט זענען געווען מאָטיוון פון פראַנקרייך, פּוילן — סיי פּייזאַזשן, סיי מענטשן-טיפּן.

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט אַדאַם הערשאַפּט געהערט צו דער צאָלרייכער דעמלט גרופּע פּלאַסטיקער, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז אַ סאָציאַלע איינשטעלונג פונעם קינסטלער איז שעדלעך פאַר זיין שאַפונג, ווייל דאָס זאָל כלומרשט אַראָפּנידעריקן דעם קינסטלערישן ניוואָ. לויט זיי האָט מען באַדאַרפט אויסמיידן דאָס באַהאַנדלען אַזעלכע „נישט עסטעטישע" טעמעס. פונדעסטוועגן באַווייזט דער ציקל „אַלט-בערלין" — מעגלעך אַפילו קעגן ווילן פונעם קינסטלער — דעם פּוילונגס-פּראָצעס פון דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם אין דייטשלאַנד. מיר זעען דאָ ווי אויף די פּעריפעריעס פונעם גרויסשטאָטישן בערלין, שטיקט זיך אין קליינע ענגע נישט היגיענישע הייזלעך דער בערלינער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז געצוווּנגען אינעם XX יאָרהונדערט צו לעבן אַזוי ווי אין מיטלאַלטער. דערביי מוז מען באַמערקן, אַז „אַלט-בערלין" דאָס איז נישט קיין אַלטערטימלעכע טייל פון דער הויפּטשטאָט ווי צ. ב. אונדזער וואַרשעווער „אַלטשטאָט" — נאָר דאָס זענען איבערבלייבענישן פון העסלעכע, אָפּגעריבענע, האַלב-פאַרפוילטע געביידעס, אין וועלכע ס'האָט געוווינט די אָרעמקייט, וואָס איז עקספּלאָאַטירט געוואָרן דורך די פּרייסישע יונקערס.

הערשאַפּט האָט אויך געשאַפן מאָטיוון פון אַלטע פּוילישע שטעט און שטעטלעך, וואָס ווירקן אויף אַ דענקענדיקן צושויער גיכער דערדריקנדיק,

ווייל זיי געבן אַ בילד פון די באַדינגונגען, אין וועלכע עס זענען געצוווּנגען געווען צו לעבן אונדזערע עלטערן און אורעלטערן.

אין אַזאַ צושטאַנד האָט דער ערשטער סעפּטעמבער 1939 געטראָפן הערשאַפּטן אין וואַרשע. עמנואל רינגעלבלום גיט איבער אין זיינע נאָטיצן פון וואַרשעווער געטאָ אונטער דער דאַטע 21—23 פעברואַר 1940 זייט 19 פאָלגנדיקס: „דעם מאָלער אַדאַם הערשאַפּטס אַטעליע איז בשעת דער מלחמה פאַרברענט געוואָרן, זעלטענע אַקוואַרעלן פאַרלוירן געגאַנגען". רינגעלבלום האָט וואַרשייַנלעך געמיינט דערמיט די צאָלרייכע גראַפישע זאַמלונגען פון הערשאַפּטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זיין אַטעליע. מיר ווייסן נישט ווי הערשאַפּט האָט געלעבט אינעם וואַרשעווער געטאָ. אַז ער האָט דאָרט געלעבט, דערמאָנט אויך יאָנאַס טורקאָוו אין זיין בוך „חורבן וואַרשע". פון וואַרשע האָט מען הערשאַפּטן אַרויסגעפירט צוזאַמען מיט זיין פרוי און טאָכטער קיין טרעבלינקע, ווו זיי זענען אומגעקומען.

אַדאַם הערשאַפּטס שאַפונג דאַרף מען אָפּשאַצן אין טעלעכע הונדערט פּאָזיציעס. ס'איז שווער אַרומצונעמען דעם גאַנצן פאַרנעם פון זיין שאַפונג, איבערהויפּט ווען זיינע אייל-בילדער און אַקוואַרעלן זענען געווען אָריגינאַלן און בלויז אַ קליינער טייל איז איבערגעבליבן ביי פּריוואַטע פּערזאָנען. אין די זאַמלונגען פון ד"ר רייכענשטיין האָבן זיך, לויטן קאַטאַלאָג, געפונען 61 פּאָזיציעס פון הערשאַפּטן. די רשימה פון דעם קינסטלערס אַרבעטן פון די אויסשטעלונגען אין סאַלאָן פון גאַרלינסקין און פונעם אינסטיטוט צו פּראָפּאַגירן קונסט באַווייזט, ווי רייך עס איז געווען הערשאַפּטס שאַפונג. רעאַזומירנדיק זיינע שפּעטערישע דערגרייכונגען, קאָן מען זאָגן, אַז אַ סך פון זיינע גראַפישע אַרבעטן וועלן בלייבן ווי אַ וואָגיקער טייל אינעם אוצר פון דער פּוילישער קונסט.

# וולאַדיסלאַוו ווײנטרויב



וולאַדיסלאַוו ווײנטרויב איז געבוירן געוואָרן דעם 18־טן פעברואַר 1891 אין לאָדזש. זײן פאָטער האָט געהייסן כיל, די מוטער פראַניע, פון דער הײם וולאָדאַווער.

אין אָנהייב האָט דער יונגער ווײנטרויב געלערנט אין חדר, שפּעטער איז ער געווען א שילער פון דער גימנאַזיע. נאָכן פאַרענדיקן די מיטל־שול האָט ער שטודירט אין דער וואַרשעווער קונסט־שול. אַדאַנק דער אונטערשטיצונג פון דעם דעמאָלטיקן פאָרזיצער פון דער זאַכענטאַ, יוליוש הערמאַן, האָט ווײנטרויב באַקומען אַ סטיפּענדיע צו שטודירן אין פראַנקרײך. אין אָנהייב איז אים אין פּאַריז געווען שווער און כדי זיך צו קאָנען אויסהאַלטן, איז ער געצוווּנגען געווען זיך צו נעמען צו פאַרשידענע האַנטווערקערישע באַשעפטיקונגען.

אין פּאַריז האָט ער זיך באַקענט מיט דעם גרויסן רוסישן טעאַטער־דעקאָראַטאָר לעאָן באַקסט (1868—1925), (דער אייגנטלעכער נאָמען פון באַקסטן איז געווען ראָזענבערג, און געשטאַמט האָט ער פון גראָדנע).

די דאָזיקע באַקאַנטשאַפט האָט דעצידירט וועגן דער ווײטערדיקער ריכטונג אין ווײנטרויבס שאַפונג. ער האָט אַדאַנק דעם דאָזיקן גרויסן מײסטער פון דער דעקאָראַטיווער קונסט באַקענט זיך מיט אַ באַזונדערער צווײג פון דער פּלאַסטישער קונסט, וואָס איז ענג פאַרבונדן און קאָאָרדינירט מיט דער אַרבעט פונעם שוישפּילער און רעזשיסער.

ווייַנטרויב האָט געגלויבט, אַז נאָכן אומקערן זיך קיין פּוילן וועט ער קאָנען זיך פאַרנעמען מיט מאָלן דעקאָראַציעס פאַרן יידישן טעאַטער. אין דער צווישנצייט איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. די דאָזיקע געשעעניש האָט צוניש געמאַכט ווייַנטרויבס פּלענער. ער איז אַריינגעטראָטן אַלס פרייוויליקער אינעם פּוילישן לעגיאָן, וואָס האָט זיך פאָרמירט אין פראַנקרייך און וועלכער האָט געקעמפט אויפן מערב־פראָנט קעגן דער דייטשער אַרמיי. 4 יאָר צייט האָט דער קינסטלער געקעמפט אויפן פראָנט, ווו ער האָט אויף טריט און שריט זיך צונויפגעטראָפן מיט נויט און פּיין פון דער ציווילער באַפעלקערונג. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אין די שוצגרובנס האָט ער נישט געקאָנט שאַפן. נאָכן פאַרענדיקן זיך פון דער מלחמה, איז ווייַנטרויב אויף אַ געוויסער צייט אַרויסגעפאָרן אין דער שווייץ און פון דאָרט האָט ער זיך אומגעקערט קיין פּוילן. כמעט אין דער זעלבער צייט האָט זיך אומגעקערט קיין פּוילן פון לאָנדאָן אַ צווייטער מאָלער, וועלכער האָט אויך באַשלאָסן צו ווידמענען זיך דער דעקאָראַטיווער קונסט. דאָס איז געווען משה אַפּעלבוים. די דאָזיקע צוויי קינסטלער האָבן שפּעטער געפירט צווישן זיך אין וואַרשע אַ קינסטלערישן פאַרמעסט.

ווייַנטרויב איז געווען אַ פאַנטאַסט, אַן עקספּרעסיאָניסט מיט מיסטישע שטימונגען, אין דער צייט, ווען אַפּעלבוים איז געווען זאַכלעך, נאַטירלעך און האָט קלאָרער אַרויסגעבראַכט די טיפּישקייט פון יידישן פאָלקלאָר.

ווייַנטרויב האָט געהערט צו דער קינסטלערישער גרופּע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם פוטוריסטיש־ליטעראריש־קינסטלערישן זשורנאַל „די כאַליאַסטרע“ און שפּעטער דעם זשורנאַל „דער אַלבאַטראַס“ (דער פאַרלאַג האָט זיך געפונען אינעם אַלטערטימלעכן הויז אויף דלוגע 26).

ווייַנטרויב האָט אויסגעפירט די פּראָיעקטן פון די הילעם פונעם זשורנאַל „די כאַליאַסטרע“. שפּעטער האָט ער מיטגעאַרבעט אַלס דעקאָראַטאָר מיטן טעאַטער־קאָלעקטיוו „די ווילנער טרופּע“. ער שאַפט דעמאָלט פּראָיעקטן צו די דעקאָראַציעס און קאָסטיומען פאַר פּרצעס דראַמע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“ און ק. גוצקאָווס „אוריאל אַקאָסטאַ“. די דעקאָראַציעס צו די דאָזיקע צוויי פּיעסן האָבן שטאַרק אויסגענומען ביים וואַרשעווער עולם. שאַפנדיק די דעקאָראַציעס, האָט דער קינסטלער זיך ענג צונויפגעלעבט מיט דער אַקציע פון די פּיעסן און האָט געשאַפן אומפאַרגעסלעכע מאַסקעס. ער האָט אויך פּראָיעקטירט דעקאָראַציעס צו דער פּיעסע „דער גולם“ און האָט אַ געוויסע צייט מיטגעאַרבעט מיטן רעזשיסער דוד הערמאַן ביים גרינדן דאָס טעאַטער „אַזאַזעל“. אויך די דירעקציע פון דער וואַר־

שעווער אָפּערע האָט אײַנגעלאַדן ווײַנטרויבן מיטצואַרבעטן בײַם רעאַליזירן די דעקאָראַטיווע ראַם פֿונעם „דיבוק“ מיט דער מוזיק פֿונעם איטאַליענישן קאָמפּאָזיטאָר ראָק.

ווײַנטרויב, וועלכער האָט פֿאַרמאָגט אַ שטאַרקן חוש פֿאַר יידישן פֿאָלקלאָר, האָט זיך באַמיט אין זײַנע דעקאָראַטיוו=סצענישע קרעאַציעס אײַנצוהאַלטן און אונטערצושטרײַכן די מיסטיק פֿון דער חסידישער סביבה, דאָך האָט ער געשטרעבט צו ווײַזן עס דעם צושויער אין אַ מאָדערניזירטער פֿאָרם, מיט אַ מערב=אייראָפּעישער פּאָליטור. ס'פֿלעגט טרעפֿן, אַז זײַנע דעקאָראַציעס פֿלעגן צוליב דעם פֿאַרלירן טיילווייז פֿון זייער כאַראַקטער, באַקומענדיק אַ מער קאָסמאָפּאָליטישן אויסדרוק. אַזוי צ. ב. האָבן זײַנע דעקאָראַציעס צו דער דראַמע „בײַנאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק“ פֿאַרמאָגט אַ סך סימנים פֿון דער אינסצעניזאַציע פֿון „פּאַוסטן“. נישט קוקנדיק דערויף, זענען ווײַנטרויבס דעקאָראַציעס געווען דרייסטע און פֿול מיט אָריגינעלע אײַנפֿאַלן. זיי האָבן דעריבער תמיד שטאַרק געווירקט אויפֿן צושויער.

ווײַנטרויב האָט זיך אויך פֿאַרנומען מיט שטאַלוגע=מאָלעריי. ער האָט געשאַפֿן פּאָרטרעטן, פּייזאַזשן און אַנד. ער האָט געהערט צו דער נישט גרויסער גרופּע פֿון מאָדערנע פּוילישע קינסטלער, וועמען ס'איז באַשערט געווען צו זײַן בײַם קוואַל פֿון דער מערב=אייראָפּעישער פּאָזיטיווער מאָלעריי און, אורטיילנדיק לויט זײַן שאַפֿן, האָט ער אַ סך גענאָסן פֿון איר.

אין יאָר 1921 האָט ווײַנטרויב אויסגעשטעלט אין לאָדזש די בילדער, וועלכע ער האָט געשאַפֿן אין דער שווייץ. דאָס זענען געווען פּייזאַזשן פֿון סאַן גאַלען, זשענעווע און אַנדערע געגנטן. די דאָזיקע בילדער באַווײַזן די הויכע טעכניק פֿון זייער שעפֿער, ווי אויך די פֿעיקייט אָפּצופֿילן די שיינקייט און די שטימונג פֿון אַ פֿרעמד פֿאַר אים נאַטור=בילד. עס פֿילט זיך אין זיי אַ גרויסן אײַנפֿלוס פֿון האָדלערן (1853—1918).

ווײַנטרויבס מאָלעריי איז פֿון אַ ברייטן פֿאַרנעם. ער האָט געקאָנט זייער טרעפֿלעך אַרויסברענגען אין זײַנע פּאָרטרעטן די פּערזאָן, וועלכע ער האָט געמאָלט. אַלס בײַשפּיל קאָן דינען דער פּאָרטרעט פֿונעם ד"ר גאָלדפֿלאַם. אין דער דאָזיקער אַרבעט זענען געקומען צום אויסדרוק אַלע מאָלערישע וואַלאָרן פֿון גוטער פּאָרטרעטן=קונסט. אָריגינעל זענען אויך די פּאָרטרעטן פֿון משה בראָדערזאָן און דוד הערמאַן. חוץ דעם האָט אויך ווײַנטרויב געמאָלט בלומען, אקטן, שטיללעבנס, ער האָט אויך געשאַפֿן אַ סך אינטערעסאַנטע גראַפֿישע אַרבעטן.

ווײַנטרויב האָט זיך אויך אַרויסגעזאָגט אין דער פּרעסע וועגן פֿאַר=

שידענע פּראָבלעמען פון דער דעקאָראַטיוו=סצענישער קונסט. ער האָט אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די וואַרשעווער יידישע קונסט=קרייזן, ער איז געווען אַ פאַרוואַלטונגס=מיטגליד פון דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט און אין משך פון אַ געוויסער צייט האָט ער אויך פאַרנומען דעם אַמט פונעם סעקרעטאַר פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט.

בעת דער היטלער=אָקופּאַציע האָט וויינטרויב אויך גענומען אַן אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז געווען אַ מיטגליד פון „יום“ (יידישע אונטערשטיצונגס=שטעלע). זיין אַטעליע, וואָס האָט זיך געפונען אויף מילנע 9אַ אין דער נאָענט פון אָסטזשעגאָס וואַרשטאַט, איז געווען אַן אָפּטער טרעף=פּונקט פאַר אַ סך קינסטלער. דאָ זענען אַרומגערעדט געוואָרן אַ סך אַקטועל וויכטיקלעכע פראַגן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט דער טראַגישער לאַגע פון די יידישע פּלאַסטיקער אין געטאָ. דאָ איז וואַרשיינלעך אויפגעקומען דער אומגליקלעכער געדאַנק צו שאַפן דעם „קינסטלער קאָאָפּעראַטיוו“, וועלכע האָט געזאָלט, לויט דער מיינונג פון וויינטרויבן, אָפּראַטעווען דאָס לעבן פון זיינע מיטגלידער מיט זייערע משפחות. מ'האָט נאָך דעמלט געגלויבט אין דעם ווערט פון די אַרבעטצייגענישן, וואָס די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן. וויינטרויבס איינפאַל האָט זיך ליידער אַרויסגעוויזן פאַר זייער אַן אומגליקלעכן, ווייל די קינסטלער, גלייבנדיק אין די פאַרזיכערונגען, אַז די, וואָס אַרבעטן, דראָט נישט קיין געפאַר, האָבן זיך געלאָזט כאַפּן בעת דער אַרבעט. די גאַנצע גרופּע איז אין די אַרבעטס=פאַרטעכער אַרויסגעטריבן געוואָרן אויפן אומשלאַגפּלאַץ און פון דאָרט גלייך אין די וואַגאָנען.

דער אומגליקלעכער וויינטרויב האָט נישט געקאָנט שטילן זיין ווייטיק, אַז צוליב אים קומען אום זיינע חברים. אויפן וועג צום אומשלאַגפּלאַץ האָט ער געבעטן זיינע חברים, זיי זאָלן אים מוחל זיין דעם טראַגישן טעות זיינעם. ווען זיי זענען אַריין אין די וואַגאָנען, האָבן אַלע קינסטלער אויפגעהויבן זייערע קעפּ, כדי ווי אַמלענגסטן זיך אָנזעטיקן מיטן העלן הימל, וואָס האָט געזאָלט זיין פאַר זיי אַ טרייסט אין זייער טראַגישן גורל.

# מאריע ווײנלעז — כײקין



זי איז געווען די טאָכטער פון דעם באַקאַנטן יידישן קינסטלער יאַ־קוב ווײנלעז. זי איז געבוירן געוואָרן אין די ערשטע יאָרן פונעם איצטיקן יאָרהונדערט אין וואַרשע.

אין דער היים האָט זי אַ דאַנק דעם פאָטער אירן, געהאַט די מעגלעכ־קייט צו טרעפן זיך מיט די אָנגעזעענ־סטע יידישע שרייבער, דיכטער און מאָלער, ווי אויך מיט מוזיקער און קולטור־טוער. פון דער פריסטער יוגנט האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט איר גרויסער ליבע צו קינדער. זי האָט פאר זיי געשאפן לידער, מעשה־לעך, אממיינסטן האָט זי אָבער ליב געהאַט צו צייכענען קינדער. פאַרשטענדלעך, ביי פאַרשידענע אומשטענדן און אין פאַרשידענע פּאָזעס: צעשמייכלטע בעתן שפּילן זיך, ערנסטע און אומעטיקע, ווען ס'האָט זיי עפּעס ווי געטאָן. מאַריע ווײנלעז האָט זייער טרעפלעך געקאָנט אויסדרוקן די פּסיכיק פונעם קינד. אין פאַר־מלחמהדיקן קינדער־זשורנאַל „פלאָמיטשעק" און „פלאָמיק" געפינען זיך א סך צייכענונגען אירע. מיט זיי האָבן זיך אַנטציקט די יונגע לייענער. אַליין, וואָס זי האָט געשאַפן איז געווען טיף רירנדיק, ווייל די קינסטלערין אַליין האָט פאַרמאָגט אַ טרוימערישע נשמה, איז געווען פול מיט קינ־דערישער פשטות. זי האָט אויך ארויסגעגעבן ביכלעך פאר קינדער אַ.ג.

„זשיווע ליטערקי“, „מאָיע פּיסעמקאָ“, אויף דעם געביט האָט זי געאַרבעט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה. זי האָט אויך פון צייט צו צייט אָנטיילגענומען אין די אויסשטעלונגען פון דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט. מאַריע ווײַנלעז איז געווען אַ שוועסטער פון פראַנטשישקאַ טעמערסאָן, וועלכע איז באַקאַנט מיט אירע פאַנטאַסטישע צייכענונגען און סודותפולע ליניע=קאָמבינאַציעס, מיט וועלכע זי האָט ארויסבאַקומען פּסיכישע אַסאָציאַציעס און זעלטענע לירישע שטימונגען.

אין דער פּערזאָן פון מאַריע ווײַנלעז — בײַקין איז אומגעקומען אַ גלענצנדיקע אילוסטראַטאָרין פון די קינדער=זשורנאַלן.

# הערש (הענריק) וועבער

מיטן טויט פון הערש וועבער איז אומגעקומען אַ גרויסע פּערזענלעכ־
קייט, וואָס איז, וואָס אַן אמת, געשטאַנען ביים אָנהייב פון איר אַנטוויקלונג,
אָבער וועלכע האָט זיך געפונען אויף זייער אַ הויכן אינטעלעקטועלן ניוואָ.

ס'איז ווייניק מענטשן דאָ אַזעלכע, וועמען ס'איז אַזוי שווער געווען
אויסצוקעמפן זיך פון די יונגסטע יאָרן דעם וועג צו וויסן, צו קולטור.
הערשס פאָטער איז געווען אַ שוחט און אַ פאַנאַטישער מענטש. זיינע
עלטערן האָבן געוווינט אין דעם קליינעם קאַרפּאַטישן שטעטל יאַסלע.
דאָרט איז הערש געבוירן געוואָרן אין יאָר 1904. ער איז געווען איינער פון
אַ גרויסער צאָל קינדער. ער האָט געמוזט אָפּט צוהעלפן דער מוטער אין
דער שטוביקער ווירטשאַפט. אין אָנהייב האָט ער געלערנט אין חדר און
שפּעטער אין דער ישיבה. אָבער דאָס האָט נישט באַפרידיקט זיין דורשט
נאָך וויסן. ער האָט געשטרעבט זיך צו לערנען אין גימנאַזיע אַזוי ווי אנדערע
קינדער. ער האָט זיך דעריבער געלערנט אַליין אין געהיים, באַהאַלטנדיק
דאָס פאַר זיינע עלטערן. ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען וועגן די דאָזיקע
יאָרן, האָט ער אָפּט דערציילט, אַז וועלנדיק עפּעס רואיק דורכלייענען,
פלעגט ער זיך מוזן באַהאַלטן אין קלאָזעט. אין אַזעלכע באַדינגונגען איז
הערש וועבער אויסגעוואַקסן און באַקומען זיין ערשטע בילדונג. סוף־כל־
סוף האָט ער זיינס דערגרייכט. ער האָט באַלייגט אַן עקזאַמען אַלס עקס־
טערן, באַקומען די רייפקייט־צייגעניש און שפּעטער זיך פאַרשריבן אויפן
קראָקעווער אוניווערסיטעט אויפן פאַקולטעט פון פילאָזאָפיע. גלייכצייטיק
האָט ער זיך אויך פאַרנומען מיט קונסט. אויך זיינע אוניווערסיטעט־
שטודיען האָט וועבער געמוזט אויסקויפן מיט גרויסע פּערזענלעכע
קרבנות.

שוין פון די פריסטע יאָרן האָט וועבער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין

שאַרפֿן שכל און גרויסע פֿעיקייטן פֿון לאָגישן דענקען. ער האָט געקאָנט לעזן די קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמען אויפֿן געביט פֿון ליטעראַטור און קונסט. ער איז באַקאַנט געווען דערמיט, אַז ווען ער פֿלעגט נעמען אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע, האָט ער צוזאַמענגעשטעלט איינער ... געקאָנט אויסדריקן די געדאַנקען און צווייפֿלען, וואָס האָבן געעגבערט אַ סך פֿון די צוהערער.

מיט הערש וועבערן האָב איך זיך באַקענט נאָכן סעפּטעמבער 1939 אין לעמבערג, ווו ער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן, אַנטלויפֿנדיק פֿון די היט־לעריסטישע תליינים. אין דער צייט, צווישן די יאָרן 1939—41, האָט וועבער געגומען אַ לעבהאַפֿטן אָנטייל אין די אַרבעטן פֿון דעם לעמבערגער ליטעראַטן־פֿאַריין און פֿון פֿאַרבאַנד פֿון פּלאַסטיקער. ער האָט אַלעמען פֿאַרוווּנדערט מיט זיין אַלזייטיקן וויסן און טיפֿער ערודיציע סיי אויפֿן געביט פֿון ליטעראַטור, סיי פֿון קונסט. אינעם לעמבערגער ליטעראַטן־פֿאַריין, ווו עס האָט זיך פֿאַרזאַמלט די גאַנצע שעפֿערישע אינטעליגענץ פֿון פֿאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, האָבן די אַרויסטרעטונגען פֿון הערש וועבער תמיד אַרויסגערופֿן אַ געוואַלדיקע פֿאַראינטערעסירונג. מען קאָן אָן גוזמא פֿעסטשטעלן, אַז נאָך באַי־זשעלענסקין איז וועבער געווען דער שטאַרקסטער דענקער און בעסטער רעדנער. אויף די ליטעראַרישע אָוונטן האָט מען אים דעריבער אָנפֿאַרטרויט אַרויסצוטרעטן אין די סאַמע ערנ־סטע פֿראַגן.

פּונקט אַזוי פּינקטלעך און לאָגיש אין זיין אופֿן פֿון דענקען האָט ער זיך אַרויסגעוויזן ביים באַהאַנדלען פֿאַרשידענע טעמעס אויפֿן געביט פֿון קונסט. אין זיין אופֿן פֿון דענקען און אין זיינע שאַפֿונגען אויפֿן געביט פֿון פּלאַסטיק, האָט ער זיך באַמיט צו צוימען זיין הייסן טעמפּעראַמענט. ער האָט זיך באַמיט זיין שעפֿערישע וויזיע אויסצודריקן אַמלאָגישסטן. ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין קאָנווענציאָנעלער מאָלער, ער האָט נישט פֿאַרטראָגן קיין סטאַטישקייט אין דער קונסט. ער איז געווען אַ ליידנ־שאַפֿטלעכער קינסטלער, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַ טיפֿן פּאַטאָס. ער האָט פֿון זיך פֿאַרלאַנגט זייער אַ סך. וועבער האָט געהערט צו די מאָדערניסטן, וועלכע האָבן געקעמפֿט פֿאַר אַ נייע פֿאָרם און סטיל.

נאָך אין די ציימן, ווען ער האָט שטודירט אויפֿן קראָקעווער אוניווער־סיטעט, האָט וועבער זיך איינגעשלאָסן אין דער דאָרטיקער קינסטלע־רישער גרופּע „יעדנאָרוג". מ'האָט דאָרט אַ סך דיסקוטירט וועגן די נייעסטע דערגרייכונגען אויפֿן געביט פֿון פּלאַסטיק.

הערש וועבער האָט אַלזייטיק פֿאַרשטאַנען, אַז דער קינסטלער מוז

אָנגעמען אַ געהעריקע שטעלונג צו דער ווירקלעכקייט, וואָס רינגלט אים אַרום, און אַז דער קלאַסן־קאַמף דאַרף אויך געפינען זיין אויסדרוק אין דער קונסט. ער האָט אויך געהאַלטן, אַז די פאָרם דאַרף זיך ענדערן און דאַרף זיין צוגעפּאַסט צו דער צייט. ער האָט דעריבער אַ סך מי אָפּגעגעבן אויף עקספּערימענטירן אויפן געביט פון דער שאַפונגס־פאָרם. נישט אַלעמאָל איז אים געלונגען צו שאַפן אַ סינטעז פון זיין לאָגישן און רע־אַליסטישן איינפאַל מיט דער סטרוקטור פון דער ליניע און פאַרב. הערש וועבער איז געווען אַ דענקנדיקער מענטש, וואָס האָט געקאָנט יעדן געדאַנק אויסדריקן אין בילד.

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז הערש וועבער דעמלט נאָך געווען ביים אָנהייב פון זיין גייסטיקער אין קינסטלערישער אַנטוויקלונג. ער האָט גלייכצייטיק געאַרבעט איבער דער לעזונג פון פאַרשידענע פּראָבלעמען. ער האָט אָבער נישט קיין סך פאַרעפנטלעכט. ער האָט ליב געהאַט איגעם קרייז פון באַקאַנטע צו לייענען פון מאַנוסקריפּט פאַרשידענע פראַגמענטן פון זיינע אַרבעטן. דאָס זעלבע איז געשען מיט זיינע פּלאַסטישע שאַפונגען. אין יאָר 1932 האָט ער אויסגעשטעלט צוזאַמען מיט דער גרופּע „יעדנאָ־רוג" אין קראָקע. בכלל האָבן זיינע בילדער זיך זעלטן באַוויזן. ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין פּעיקייטן זיך צו רעקלאַמירן. אפילו זיינע אַרוים־טרעטונגען, וואָס זענען אויפגענומען געוואָרן מיט אַזאַ גרויסן ענטוזיאַזם, זענען גיכער געווען אַ רעזולטאַט פון זיין געזעלשאַפטלעכן פליכט פון אַ קינסטלער און נישט פון דעם חשק צו אימפּאָנירן.

אין יוני 1941 געלונגט נישט וועבערן אַוועק אין דער טיף פון ראַטנ־פאַרבאַנד, אַ געוויסע צייט איז ער געבליבן אין לעמבערג, באַמיענדיק זיך אויסצובאַהאַלטן ביי זיינע פריינד. שפּעטער אַנטלויפט ער קיין זשע־שאָוו. דאָ ווערט ער דערמאָרדעט צוזאַמען מיט די זשעשאָווער ייִדן אין יאָר 1942.

# בער זאַלקינד

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1879 אין ווילנע. זיין משפחה האָט פון דורות־לאַנג געלעבט אין ווילנע. דער פאָטער זיינער, אַ ייד אַ לער־נער, איז געווען אַ פאַרמעגלעכער סוחר און ער האָט דעריבער געקאָנט געבן זיינע קינדער די מעגלעכקייט צו באַקומען העכערע בילדונג, וואָס פאַר יענע צייטן, איז דאָס געווען אַ זעלטענע דערשיינונג. לערנענדיק זיך אין גימנאַזיע, האָט בער גלייכצייטיק באַזוכט די ווילנער צייכן־שול. ער איז געווען איינער פון די געציילטע ווילנער בחורים, וועלכער איז געפאָרן שטודירן אין אויסלאַנד. אין פּאַריז האָט ער שטודירט אייניקע יאָר אויף דער קונסט־אַקאַדעמיע. נאָכן אומקערן זיך אין זיין געבוירן־שטאָט, האָט בער זאַלקינד אַרויסגערופן גרויס פאַראינטערעסירונג ביי דער ווילנער געזעלשאַפטלעכקייט.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די פּראָגרעסיווע רוסישע קינסטלער האָבן אפילו אין די צאַרישע צייטן נישט דערלאָזט צו דיסקרימינאַציע פון זייערע יידישע חברים. אויך דער יונגער בער זאַלקינד האָט דערביי אָן שום שטערונג געקאָנט אויסשטעלן אין ווילנע זיינע אַרבעטן. שוין דעמלט האָט די קריטיק אונטערגעשטראָכן דעם שעפערישן כוח פונעם יונגן קינסטלער.

עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און אין צוזאַמענ־האַנג דערמיט די אָקופּאַציע פון פּוילן און ליטע דורכן מיליטער פונעם קייזער ווילהעלם. בער זאַלקינד האָט דעמלט אויסגעוואַנדערט צוזאַמען מיט זיין פרוי קיין מאָסקווע. אין יענע מלחמה־יאָרן האָבן אים אַרויס־געהאָלפן זיינע רוסישע חברים, אין איינע פון די מאָסקווער שולן האָט ער געגעבן לעקציעס פון צייכענען. אין מאָסקווע האָט זאַלקינד אויך איבערגעלעבט דעם אויסברוך פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דאָס איז

געווען פאַר אים אַ שטאַרקע איבערלעבונג. די איינדרוקן פון יענער צייט האָבן באַדייטנדיק מיטגעווירקט, אַז זיין קונסט זאָל ווערן אַלץ מער רעאַליסטיש.

אומקערנדיק זיך קיין ווילנע און זייענדיק אונטער דער שטאַרקער ווירקונג פון די רוסישע „פערעדוויזשניקעס“, ווערט ער אַלץ מער גענייגט צו דער פאָלקס=טעמאַטיק און לעזבאַרער פשוטער פאָרם. ער באַמיט זיך צו פאַרטיפן דעם אינהאַלט פונעם געגעבענעם מאָטיוו. ער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף די פאַרשפרייטע דעמלט נאָוואַטאָרישע פאָרמען. ער איז געווען אַ גלענצנדיקער קענער פון די סודות פון דער קלאַסישער קונסט, און ער באַמיט זיך אויסצודריקן זיינע געדאַנקען, נעמענדיק זי אַלס אַ מוסטער. ער זאָגט זיך אָבער נישט אָפ פון די דערגרייכונגען אויפן געביט פון קאָלאָריסטיק, וועלכער ס'האָט אַריינגעבראַכט אין דער קונסט דער XIX יאָרהונדערט. אין זיינע בילדער האָט ער נישט פאַרנאַכלעסיקט די שיינקייט פון פאַרביקע טענער ווי אויך די שפיל פון ליכט און שאָטן. דער עיקרדיקער מאָטאָר פון זיין שאַפונג איז געבליבן דאָס געפיל און עפעס אַ גרויסע אַלץ=אַרומנעמענדיקע לעבנס=חכמה.

ער באַריקזיכטיקט די האַרמאָניע פון דער נאַטור, די באַדינגונגען, וואָס ווירקן אויף איר, ווי אויך די ראָל פונעם מענטשן אין דער נאַטור. בער זאַלקינד איז געווען אַ מייסטער פון דיפערענצירן זיינע עמפינדונגען. זייענדיק זייער עמפינדלעך, רעאַגירט ער תיכף אויף די פאַרשידענע לעבנס=דערשיינונגען. דערביי האָט אים אַמשטאַרקסטן פאַרכאַפט דאָס לעבן פון פשוטן פאָלק. מ'קאָן דרייסט זאָגן, אַז בער זאַלקינד איז געווען אין ברייטן זין פון וואָרט דער פראָזאַיקער פון דער ווילנער אָרעמקייט, אין וועמענס סביבה ער האָט געלעבט און געשאַפן אין משך פון די לעצטע 20 יאָר. ער אַליין איז אויך געווען אַ קבצן, און כדי צו קאָנען דורכלעבן און אויסהאַלטן זיין משפחה, איז ער געצוווּנגען געווען צו אַרבעטן אין איינ־יקע פון די אָרעמסטע יידישע שולן אין ווילנע. דער לערער=קאָלעקטיוו פון ביידע שולן, אין וועלכע זאַלקינד האָט געאַרבעט, פלעגט צום סוף פון יעדן חודש טיילן זיך מיט די איינקונפטן און יעדער לערער פלעגט באַקומען אַזאַ סומע, וואָס האָט נישט איבערגעשטיגן דעם לוין פון אַ דורכשניטלעכן, נישט=קוואַליפיצירטן אַרבעטער. דאָס איז להלוטין נישט קיין וווּנדער, ווייל די מערהייט שילער פון די דאָזיקע שולן זענען געווען קינדער פון די אָרעמסטע היימען, וועמענס עלטערן זענען נישט אימשטאַנד געווען צו צאָלן קיין הויכן שכר=לימוד.

ס׳פֿלעגט אויך טרעפֿן נישט איינמאָל, אַז די שול האָט געמוזט פֿאַר די אָרעמסטע שילער איינקויפֿן א העפֿט, אַ פֿעדער אָדער בלייפֿעדער. די שילער האָבן ליב געהאַט זאַלקינדס לעקציעס. ער האָט דער שול אַוועקגעגעבן די בעסטע שעהן פֿון טאָג — די, אין וועלכע ער האָט ביי פֿולער ליכט געקאָנט מאָלן. ווינטערצייט, אין די קורצע טעג, האָט ער כמעט אינגאַנצן נישט געמאָלט.

אין יאָר 1938 האָב איך זאַלקינדן איינגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פֿון זיינע בילדער אין לאָקאַל פֿונעם ווילנער דאָקטוירים־פֿאַרבאַנד. אין איינעם פֿון די אויסגעשטעלטע בילדער א. נ. „דער שול־הויף“ האָט זאַלקינד אַרויסגעבראַכט אזוי ווי אַ קאָנסערווירטן אויסשניט פֿון מיטלאַלטער, ווו די מענטשן זענען געווען טונקל ווי די שאָטנס, וואָס זענען געפֿאַלן אויף דער אומהיימלעכער שול־מויער. מיר זעען דעם שמוץ, ענגשאַפֿט און נויט, וואָס דריקט אויף די אויסגעמאַטערטע פּלייצעס פֿון די מענטשן, ווי א שווערע משא. די מענטשן, וועלכע ער פֿירט אַרויס, דאָס זענען באַשעפֿענישן, וואָס האָבן פֿון דעם וויגעלע אָן נישט געהאַט קיין איין רואיקע מינוט און העלערן זון־שטראַל. אַ צווייט בילד זאַלקינדס שטעלט פֿאָר אַ פּלעצל אין דעם יידישן קווארטאל, וואָס מ׳וואָלט גיכער באַדאַרפֿט אָנרופֿן די גראָשענדיקע בירזשע. דאָ האָט מען געהאַנדלט אויסשליסלעך מיט אָפּפֿאַל פֿון זאַכן פֿון טאָג־טעגלעכן געברויך. דאָרט אַהין פֿלעגט מען נישט אַוועקטראָגן קיין זאַכן, וואָס זענען געווען אין שטוב איבעריק, נאָר אַ פּאָר אַלטע שיך אָדער אַ טאָפּ, כדי אָפּצונעמען אַ פּאָר גראָשן דעם טאָג דורכצולעבן. אויף דער אויסשטעלונג האָט מען געקאָנט טרעפֿן בילדער, וואָס האָבן געטראָגן אַזעלכע נעמען: „אויף די טרעפּ“, „די רבנישע שול“, „אַן אויסזיכט אויף רמא׳ס ישיבה“, „די יידישע גאַס“, „די יאַטקע־גאַס“, „די זאוואלע גאַס“, „דער אַנטאָקאָלסקי־הויף“ (דער הויף ביים הויז, ווו עס איז געבוירן געוואָרן דער גרויסער סקולפּטאָר אַנטאָקאָלסקי). די אַלע בילדער זענען דורכגעזאַפּט מיט דעם זעלבן אומעט, וואָס האָט געווייעט פֿון יעדן ווינקעלע, ווייזנדיק די האָפֿענונגסלאָזיקייט און נויט פֿון די ברייטע יידישע פֿאָלקס־מאַסן אין סאַנאַציע־פּוילן. בער זאַלקינד האָט אויך געשאַפֿן אַ גאַלעריע פֿון טיפּן פֿון ווילנע. ער האָט גערן געמאָלט יידישע מוזיקער. דערביי האָט ער ליב געהאַט זיי אַרויסצוברענגען צוזאַמען מיט זייערע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. ער האָט זיי געמאָלט אַזוי, אַז מ׳האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז די דאָזיקע פּאָרטרעטן זענען געשאַפֿן געוואָרן אין א מאָמענט פֿון באַגייסטערונג מיט דער מוזיק. אויף דער דערמאַנטער אויסשטעלונג

האָט זיך געפֿונען זאַלקינדס אַ בילד מיטן נאָמען „דער מוזיקער“, וואָס שטעלט פֿאָר דעם לובלינער מוזיקער גראָסמאַן, ווי אויך אַ פּאָרטרעט פֿונעם וויאָלענטשעליסט ליפּמאַן. דער דאָזיקער ליפּמאַן איז געווען אַ זון פֿון זאַלקינדס אַ פֿרײַנד, אַ ווילנער מוזיקער. דער פּאָרטרעטירטער איז געווען אַ וועלט־באַרימטער מוזיקער, אַ וויאָלענטשעליסט—אַ ווירטואָז, וועלכער איז באַקאַנט געווען אונטערן פּסעוודאָנים טאַדעוש ליפּאַן. ליפּאַן איז אין משך פֿון פֿיל יאָרן געווען אַ מיטאַרבעטער פֿון בערלינער ראַדיאָ און אפשר דער איינציקער ייִד, וואָס האָט געאַרבעט אין דאָרטיקן ראַדיאָ ביים היטלער־רעזשים.

ליפּאַן איז געווען באַפֿרײַנדעט מיטן עסטרייכישן אַמבאַסאַדאָר אין בערלין און האָט אָפֿט געשפּילט ביי אים אין דער היים. ס׳פֿלעגט טרעפֿן, אַז היטלער, אַרייַנקומענדיק צו דעם דאָזיקן אַמבאַסאַדאָר, האָט אים געטראָפֿן קאָנצערטירן מיט ליפּאַנען. נאָך דער גלייכשאַלטונג פֿון עסטרייך האָט ליפּאַן זיך אומגעקערט קיין פּוילן און דאָ האָט ער געאַרבעט אינעם וואַרשעווער ראַדיאָ. נאָכן סעפּטעמבער 1939 האָב איך ליפּאַנען געטראָפֿן אין לעמבערג און אין אַנדערע שטעט. נאָכדעם ווי די היטלער־אַרמיי האָט פֿאַרנומען לעמבערג, איז ליפּאַן נאָך אַ קורצער צייט דערשאָסן געוואָרן. דעם דאָזיקן ליפּאַן האָט זאַלקינד פּאָרטרעטירט אין יאָר 1936, ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין ווילנע, כּדי צו באַזוכן זיין פֿאָטער. ליפּאַנס פּאָרטרעט איז געווען אַ בילד, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַ פּרעכטיקע קאָלאָריסטישע וויבראַציע, ווייל דער פּאָרטרעטירטער מוזיקער פֿלעגט ווי קוועקזילבער זיך ענדערן פֿון מינוט צו מינוט. עס פֿלעגט זיך ענדערן נישט נאָר דער אויסדרוק פֿון זיינע אויגן, פּנים, הענט, נאָר זיין גאַנץ וועזן פֿלעגט איבערגיין פֿון דעליקאַטן ליריזם אין אַ שטורעם פֿון עמאָציעס. ער פֿלעגט דעמלט אויפֿשפּרינגען פֿון אָרט, פֿלעגט אַלץ פֿאַנאַנדערוואַרפֿן אַרום זיך (ער איז געווען אַן עפּילעפּטיקער), ביז ער האָט ביסלעכווייז זיך ווידער באַרואיקט. זאַלקינד האָט גלענצנדיק אויפֿגעכאַפּט דאָס וועזנטלעכע אין דעם דאָזיקן גרויסן קינסטלער און האָט וווּנדערבאַר איבערגעגעבן דעם ציקלאָן פֿון געפֿילן, וואָס האָט אין אים געזידט. דער דאָזיקער פּאָרטרעט איז געווען אַזוי ווי אַ פּרעכטיקע מוזיקאַלישע פֿיגור. אַזעלכע פּאָרטרעטן זענען געווען זעלטענע און אינטערעסאַנטע אינגרוסטאַציעס אינעם שאַפֿן פֿונעם מאָלער. אויך איך בין איינציקע מאָל געזעסן געצוווּנגען (1937—38) צו דינען דעם קינסטלער אַלס מאָלערישער מאָדעל און ער האָט דעמלט געשאַפֿן 2 אייל־פּאָרטרעטן און געצייכנט איינציקע סקיצן.

איך האָב ביי זאַלקינדן באַטראַכט אַ באַדייטנדיקע צאָל פון זיינע בילדער פון דעם פריערדיקן פעריאָד. דאָס זענען געווען נאַטור־בילדער פון ווילנע און ווילנער אומגעגנט. זיי האָבן אַנטציקט דאָס אויג מיט זייער לעבעדיקער קאָלאָריסטיק אין סטיל פון פראַנצויזישן פאָסט־אימפרעסיאָניזם. מ'האָט געפילט, אַז אַלץ, וואָס ער האָט געמאָלט, איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון זיינע פערזענלעכע עמפינדונגען. מ'קאָן זאָגן, אַז דער דאָזיקער פעיקער, הויך געבילדעטער מענטש, וואָס איז געווען פול מיט הומאָר, האָט אין זיין קונסט און אין זיין גאַנצן גייסטיקן וועזן פאַרמאָגט אַ סך קרובהשעם מיט מאקס ליבערמאַן. נאָר אויב די אַנטוויקלונג פון טאַלאַנט ביים בערלינער מייסטער איז געגאַנגען כסדר אַרויף, האָבן זאַלקינדן די שווערע לעבנס־באַדינגונגען געשטויסן אַלץ מער אַראָפּ. ווייל הגם די ווילנער געזעלשאַפטלעכקייט האָט פון אים אַ סך פאַרלאַנגט, האָט זי אים אָבער מיט גאָרנישט געהאָלפן, כדי אים דאָס לעבן לייכטער צו מאַכן.

אין יאָר 1935 האָט זאַלקינד אָרגאַניזירט אין „ייוואָ“ אַן אויסשטעלונג פון בילדער און סקולפּטורן פון ווילנער יידישע קינסטלער. עס האָט אין איר אָנטיילגענומען אויך מאַרק שאַגאַל, וואָס האָט דעמלט פאַרבראַכט אין ווילנע.

זאַלקינדס שטוב איז באַקאַנט געווען מיט איר גאַסטפריינדלעכקייט. עס פלעגן דאָ אַריינקומען אַלע קינסטלער, וואָס האָבן באַזוכט ווילנע. זאַלקינד פלעגט תמיד אַרומפירן די געסט איבער ווילנע און זיי ווייזן די ווילנער אַלטערטימלעכקייטן. אין משך פון לאַנגע יאָרן איז ער געווען דער פאָרזיצער פונעם פאַרבאַנד פון ווילנער קינסטלער פלאַסטיקער. צוזאַמען מיט זיי האָט ער אָנטייל גענומען אין אַ סך אויסשטעלונגען אין וואַרשע, לאָדזש, ווילנע, ביאַליסטאָק. צום לעצטן מאָל האָבן זיך זיינע בילדער באַוויזן אויף דער וואַרשעווער יוביליי־אויסשטעלונג פון יידישע פלאַסטיקער אין פעברואַר־מערץ 1939.

אין יאָר 1938 האָט זאַלקינדס פרוי, פאָרנדיק קיין ניו־יאָרק צו באַזוכן איר אַלטן פאָטער, מיטגענומען מיט זיך אַן ערך דרייסיק בילדער פון איר מאַן, כדי דאָרט איינצואָרדענען אַן אויסשטעלונג. די דאָזיקע בילדער האָבן זיך אָבער מער קיינמאָל נישט אומגעקערט קיין פוילן.

ווען אין יאָר 1939 איז ווילנע געוואָרן די הויפּט־שטאָט פון ליטע, האָט זיך בער זאַלקינד איבערגעצויגן קיין ווילעיקאַ (ווייסרוסלאַנד). דאָ האָט ער אויך פאַנאַנדערגעוויקלט אַ לעבהאַפטע געזעלשאַפטלעכע און שע־

פּערישע טעטיקייט. ער האָט דעמלט פּאַרוואַלטעט מיט דער אָפּטיילונג פון קונסט פון דעם ווילייקער ראַיאָן. ער האָט אויסגעשטעלט זיינע בילדער אין מינסק און אין ביאַליסטאָק. ער האָט אויך פּראָיעקטירט צו מאָלן בילדער וועגן דער באַפרייונג פון ביאַליסטאָק. אָבער די געשעענישן אין יאָר 1941 האָבן צונישט געמאַכט זיינע פּלענער.

ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו ווילנע, האָט זיך זאַלקינד מיט זיין משפחה עוואַקואירט אין דער טיף פון ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט זיך באַזעצט אינעם סאַראַטאָווער קרייז, וווּ ער האָט ווידער געאַרבעט אַלס לערער. ער לעבט דאָ אין שווערע מלחמה־באַדינגונגען. זיין זון ליאָווע, וועלכער האָט באַזוכט דעם ווילנער אוניווערסיטעט און איז אַ געוויסע צייט געזעסן אין תפיסה פאַר קאָמוניסטישער אַגיטאַציע, איז אַוועק אין דער רויטער אַרמיי אַלס פריייוויליקער און איז שפּעטער געפאַלן ביי בודאַפּעשט. אויך ליאָווע איז געווען אַ פּיל־צוזאָגנדיקער קינסטלער.

בער זאַלקינד איז געשטאָרבן דעם 3־טן יאַנואַר 1944 אין אילמאַר־שיכאָן. אויך זיין ייִנגסטער זון מאַקסי, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ מאָלע־רישן און סקולפּטאָרישן טאַלאַנט איז דאָרט געשטאָרבן פון שווינד־זוכט.

בער זאַלקינד איז געווען אַ פעיקער קינסטלער, וועלכער איז געווען איבערגעגעבן דער זאַך פון פּראָגרעס און יושר. חוץ דעם איז ער אויך געווען אַן אינטערעסאַנטער שרייבער. ער האָט פאַרעפנטלעכט אָפּהאַנ־דלונגען וועגן קונסט אין דער ווילנער און וואַרשעווער פּרעסע. ער האָט אויך געדרוקט זיינע אַרבעטן אין די „ליטעראַרישע בלעטער“ און „עטיודן“.

# פישל זילבערבערג



פישל זילבערבערג איז געבוירן געוואָרן דעם 28 יוני 1909 יאָר אין פּלאָצק. זיין טאַטע וואָלף און די מאַמע הענע האָבן געהאַט אַ קליין שפּיין געוועלבל. אין שטוב זענען געווען פיר קינדער, 3 ברידער און אַ שוועסטער. פישל איז געווען דאָס צווייטע קינד נאָכן עלטסטן. ער האָט באַזוכט די יידישע גרונט־שול, וועמענס פּאַרוואַל־טערין ס'איז געווען די אַלגעמיין גע־אַכטע פרוי גוטקינד. שוין אויף אַ שול אויסשטעלונג האָט דער יונגער פישל איבערראַשט מיט זיינס אַ ליים־סקולפּטור, וועלכע האָט פאָרגעשטעלט אַ גריכישן קאָפּ, קאָפּירט וואַרשיינלעך פון עפּעס אַ לערנבוך אָדער זשור־נאַל. פישל האָט שוין דאַן געצייכנט מיט בלייפעדער און פאַרבן.

ער איז אַלט געווען 16 יאָר, ווען ער איז אַרויסגעפאָרן קיין וואַרשע. דאָ האָט ער געפונען באַשעפטיקונג אין א וואַרשטאַט פון אָנזיכטס־קאַרטן. אין אָוונט איז פישל געגאַנגען אויף פּריוואַטע לעקציעס פון צייכענען. אין יאָר 1930 ווערט ער אָנגענומען אלס פרייער צוהערער אין דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע.

זילבערבערג האָט געהאַט זיינע ספּעציעלע שעפערישע פּאַראינטערע־סירונגען. זיינע אַרבעטן, סיי די גראַפישע, סיי די מאָלערישע זענען געווען

פשוטע, אָן איבעריקע באַפּוצונגען און סענטימענטאַליזם. ער האָט זיך ניט געגומען פאַר קיין מוסטער, ווי ס'איז דאַן געווען אין דער מאָדע, די עסטעטיזירנדיקע אַזוי גערופענע „ריינע קונסט“.

זיינע ערשטע פּרוּוון האָבן זיך גלייך געשטיצט אויף דער ווירקלעכקייט און פאַקטן געגומענע פון לעבן. ער מאָלט דאָס, וואָס ער זעט.

די חברים האָבן אים געאַכטעט פאַרן אויסדויער און איבערגעגעבנקייט צו דער קונסט, וועלכע האָבן אים כאַראַקטעריזירט אַפילו אין די זייער שווערע עקזיסטענץ־באַדינגונגען. ער האָט ליב געהאַט די נאַטור, וועגן וואָס עס זאָגן עדות זיינע פּילצאָליקע אַרבעטן. דער הויפּט־באַגייסטערער פון זיין קינסטלעריש שאַפן איז אָבער דער אַרבעטס־מענטש, סיי אַלס יחיד און סיי אַלס באַשטאַנדטייל פון דער געזעלשאַפט.

פישל זילבערבערג האָט דורכגעמאכט אין דער אקאדעמיע אַ גוטע שול. זיין לערער איז געווען וולאַדיסלאַוו סקאָטשילאַס, דער מייסטער פון האָלצשניט, וועלכער האָט מיט אַ גרויסן סענטימענט אַרויסגעבראַכט פאַרביקע פאָלקס־טיפּן, באַזונדער דעם גוראַל־פאָלקלאָר. זילבערבערג האָט אויך שטודירט מאָלעריי ביי קאָוואַרסקין און קאָטאַרבינסקין. אין זיין שטאַרק עמאָציאָנעלער גראַפיק ברענגט ער אַריין דעם סאָציאַלן טאָן. ער סאָלידאריזירט זיך מיטן אונטערדריקטן מענטש, מיט אַלע עקספּלאָאַטירטע, וואָס קאָנען ניט אויסהאַלטן זיך פון דער אַרבעט פון די אייגענע הענט. ס'ציט די אויפמערקזאַמקייט, וואָס אין זילבערבערגס שאַפן טרעפט מען ניט אָן אויף קיין קינסטלעכס, צופעליקס. ער ריכטעט זיך ניט, ווייזט אויס, מיט דער פאַנטאַזיע, און אויך ניט מיטן אויסטראכטן קינסטלערישע אַסאָציאַציעס. אַלץ, וואָס ער ווייזט, איז אַ רעזולטאַט פון פערזענלעכע געפילן, וועלכע ווירקן מיט צו דער אַנטשטייונג פון ווערק פון אַ ספּעציעלער פאָרם און באַזונדערער אינטערפּרעטאַציע.

אין דער וואַרשעווער אַקאַדעמיע עקספּערימענטירט ער אַ געוויסע צייט מיט פאַרבן, ער האָט אָבער אַרויסגעפילט, אַז די פאַרב וועט ניט אַרויסברענגען אַנטשפּרעכנדיק די טעמאַטיק, וועלכע האָט אים צומשטאַרקסטן אינטערעסירט. ער נעמט זיך אַלזאָ צו דער האָלצשניט־קונסט. מיט אַן אויסערגעוויינלעכער עקשנות באַהערשט ער די מיפּולע און שווערע טעכניק פון מאַכן צייכענונגען אין הילצערנע פּליטעס.

אין יאָר 1936 איז אין דער וואַרשעווער „זאַכענטע“ פאָרגעקומען די ערשטע אויסשטעלונג פון די יונגע פּוילישע גראַפיקער, וועלכע האָבן זיך געזאַמלט אין דער גרופּע אונטערן נאָמען „שוואַרץ־ווייס“. דעם ערן־פאָרזיץ

פון דער דאָזיקער גרופּע האָט איבערגענומען דער גרויסער פּוילישער קונסט־מאָלער לעאָן וויטשולקאָווסקי, וועלכער האָט אויך צוגעשיקט צו דער אויסשטעלונג איינע פון זיינע גראַפישע אַרבעטן. אין פאָרוואָרט צום קאַטאַ־לאָג פון דער דערמאָנטער אויסשטעלונג שרייבט דער באַקאַנטער קינסטלער מ. טשעשלעווסקי (דער זון): „איך קאָן איצט נישט מער באַהאַלטן, אַז מיין האַרץ פון אַ האָלצשניט־קינסטלער זענען צומנאָענטסטן פּיאַלקאָווסקי, קלאַפּאַצקאַ און זילבערבערג. זיי רעדן צו דער וועלט אויף אַ שפּראַך, וועלכע איז מיין שפּראַך, זייערע אַרבעטן באַשטעטיקן אויסדרוקספול, אַז די פּיאָנערישקייט פון סקאָטשילאַסן איז נישט געווען קיין אומזיסטע. קוקט ווי זייער שפּראַך איז פון אַ פאַרשידנאַרטיקער שפּאַנונג".

אויף דער אויבנדערמאָנטער אויסשטעלונג האָט זילבערבערג געוויזן אַזש 22 האָלצשניט־אַרבעטן. עס זענען דאָרט געווען דאָרפישע מאָטיוון, פּאָרטרעטן, לאַנדשאַפטן און טיפּן פון זיין געבוירן־שטאָט פּלאָצק. פון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע טעמעס איז כדאי צו דערמאָנען: „דער זאַמד־גרעבער", „אַ דערפל", „אַ מיידל מיט אַ קו", „אַ פויער מיט אַ קו", „אַ קאָפּ פון אַ בעטלער", „אַ יידישע פרוי". צו די פּלאָצקער מאָטיוון גע־הערן אַזעלכע ווי: „אַ ציגעלניע", „אַ געסל אין פּלאָצק", „אַ הויף". צווישן די פּאָרטרעטן איז געווען דער אויטאָפּאָרטרעט פון קינסטלער, „דער פּאָרטרעט פון הער ד." און „דער פּאָרטרעט פון מאָלער פּ." (וואַרשיינלעך פון א. פרידמאַן).

וויילנדיק אויף פעריען אין פּלאָצק, האָט זילבערבערג געשאַפן אַ סך צייכן־סקיצן און אייל־אַרבעטן פון אַ מאָדעל, וועלכן ער האָט אָנגערופן „אַנטעק". דאָס איז געווען דער הינקענדיקער זון פון פוגעם וועכטער פון הויז, אין וועלכן ס'האָט געוווינט די פאַמיליע זילבערבערג. ער האָט געצייכנט און געמאָלט טיפּן פון אַרבעטער, פישער און יידן פון דער דאָזיקער שטאָט. ווען אין פּלאָצק איז דורכגעפירט געוואָרן אַ געלט־זאַמלונג לטובת דעם „מאַפּר" האָט ער גערן מיטגעהאָלפן, צושיקנדיק איינע פון זיינע בעסטע אַרבעטן אויף אַ לאָטעריע, וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרן דער־מאָנטן ציל.

אין יאָר 1936 האָט דער קינסטלער באַקומען אין דער אַקאַדעמיע אַ 8־חדשימדיקע סטיפּענדיע און איז אַרויסגעפאָרן קיין פראַנקרייך. ער האָט נאָך געוואָלט שטודירן. ווען ער האָט אָבער אין פּאַריז געוויזן א טייל פון זיינע וואַרשעווער אַרבעטן, — האָט ער אַרויסגערופן א גרויסן איינדרוק צווישן די דאָרטיקע קונסט־קענער. זיי האָבן אין אים דערשאַצט אַ טיפן

קינסטלערישן טאַלאַנט, וועלכער האָט געשטעלט אין שאָטן נישט איין פעיקן פּאַריזער קינסטלער מיט אַ באַקאַנטן נאָמען. זילבערבערג האָט באַקומען אַרבעט אין איינעם פון די פּאַריזער קינסטלערישע זשורנאַלן. דער אָפּשטאַמיקער פון פּוילן אַנגעזעענער געלערנטער און קונסט־פאָרשער קאַראָל שטערלינג און דער באַקאַנטער קונסט־קריטיקער כיל אַראָנסאָן האָבן אַרויסגעוויזן דעם יונגן קינסטלער פיל האַרציקייט.

פישל זילבערבערג אַרבעט דאָן איבער אַ ציקל האָלצשניטן, וועלכע ער האָט געהאַט בדעה אַרויסצוגעבן אַלס באַזונדערע זאַמלונג. דורך די איינציקע יאָר פון זיין אויפהאַלט אין פּאַריז ביז צום מלחמה־אויסברוך שטייט זילבערבערג אין ענגער פאַרבינדונג מיט דער קונסט פון פּוילן.

ס'ברעכט אויס די מלחמה. אין יאָר 1940 האָט דאָס היטלערישע מיליטער פאַרנומען פּאַריז. זילבערבערג איז געווען אַזוי פאַרטאָן מיט דער אַרבעט, אַז ער האָט זיך נישט אָריענטירט וואָס פאַר אַ שטורעם ס'האָט זיך צעווילדעוועט. ער האָט נישט באַוויזן צו אַנטלויפן אין דרום־פראַנקרייך, ווו ס'האָבן זיך געראַטעוועט אַ סך קינסטלער פון יידישער אָפּשטאַמונג. דעם 14 מאַי 1942 איז ער געוואָרן אַרעסטירט און איינגעזעצט אין לאַגער באָן לאַ ראָלאַן. דאָ איז ער געלעגן אַ געוויסע צייט קראַנק אין שפּיטאָל. דעם 7 פעברואר אין זעלבן יאָר ווערט ער אַרויסגעשיקט מיטן טראַנספּאָרט צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע קרבנות אין לאַגער קיין אָשוויענטשים. דאָ איז ער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און איז געלעגן אין בלאָק 7. אַ געוויסן טאָג איז פאַרפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ. מ'האָט אַרויסגעשלעפּט אַלע קראַנקע און זיי אַריינגעוואָרפן אין אויטאָ. דערנאָך האָט מען זיי אָפּגעפירט אין קרעמאַטאָריע, ווו זיי זענען געוואָרן לעבעדיקערהייט פאַרברענט.

# דאָראָטע זיידעמאַן (בערלינערבלאַו)

דאָראָטע זיידעמאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 1־טן אויגוסט 1898 אין וואַרשע. זי האָט געשטאַמט פון דער אינטעליגענטער וואַרשעווער מש־פּחה בערלינערבלאַו. צוויי ברידער אירע זענען געווען אַרכיטעקטן.

שטיצנדיק זיך אויף די אַקטן פון דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע, האָט דאָראָטע זיידעמאַן שטודירט אין די יאָרן 23—1921 אין דער שול פון פּראָפ. וויטשעד וויים. אין ערשטן האַלבן יאָר 24—1923 ביי יוזעף פּאַנקעוויטשן, אין ערשטן האַלבן יאָר 27—1926 ביים פּראָפ. פעליקס שטשעגסני קאָוואַרסקי.

אינעם הויז פון די בערלינערבלאַוס פלעגן אָפט קומען שרייבער, מו־זיקער און פּלאַסטיקער. אויך דאָראָטעס מוטער פלעגט אין די פרייע מינוטן מאָלן אַקוואַרעל בילדלעך. פון די יונגסטע יאָרן האָט אַזוי אַרום דאָראָטע זיך צונויפגעטראָפן מיט מענטשן פון קונסט. דאָראָטע האָט דעריבער זייער פּאָרזיכטיק און אין געהיים אָנגעהויבן צו צייכענען. זי האָט דעמלט באזוכט די גימנאַזיע. א גרויסע איבערלעבונג פאַר דעם יונגן מיידל זענען געווען די באזוכן פונעם גרויסן פּוילישן מאָלער יוזעף פּאַנקעוויטש ביי זיי אין דער היים. דאָראָטע האָט געטרוימט זיך צו לערנען ביי דעם אָנגעזעענעם קינסטלער.

נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע, איז זי אָפּגעפאָרן קיין קראָקע און האָט שטודירט אויף דער דאָרטיקער קונסט־אקאדעמיע און ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט אין אָנהייב — ביים פּראָפ. וויים. שפּעטער אין משך פון א קור־צער צייט ביי פּאנקעוויטשן און אויך קורץ ביי קאָוואַרסקין. אין דער צווישנצייט האָט יוזעף פּאנקעוויטש אָרגאַניזירט אין פאַריז עפּעס ענלע־כעס צו א פּוילישער קונסט־אקאדעמיע (קאָמיטעט פון דער פּוילישער אָקאַדעמיע). אויך דאָראָטע בערלינערבלאַו איז געוואָרן א סטודענטקע

פֿון דער דאָזיקער שול. דער שפּעטער פֿון דער אַקאַדעמיע און איר לייטער איז געשטאַנען אויף דער וואַך פֿון ריינער פּוילישער מאָלערײַ. יעדע קאָמפּאָזיציע, וואָס ער האָט געשאַפֿן, איז געבויט לויטן פּרינציפּ פֿון פֿאַראײַדלען די קאָלאָריסטיק אין דער מאָלערײַ. לויט דער מיינונג פֿון דעם קינסטלער, דאַרף די קווינטעסענץ פֿון דער מאָלערײַ זײַן די האַרמאָניע פֿון דער ריטמיק און דער קלאַנג פֿון דער טאָנאַציע. פֿונדאַנען שטאַמט דאָס אָפּשאַצן דעם ניוואָ פֿון דער מאָלערײַ פֿון יעדן באַזונדערן קינסטלער לויט דעם, אויף וויפֿל ער האָט געקאָנט באַרײַכערן די פֿאַרבן־פּאַלעטע מיט אַ נײַעם פּיגמענט אָדער דערגרייכן אַ ברייטערע גאַמע פֿון דער קאָלאָריסטיק.

דאָראָטע, איינע פֿון די ערשטע „קאַפּיסטן“, איז געווען דורכגעזאַפּט מיטן גײַסט פֿון דער דאָזיקער נײַער ריכטונג. זי האָט פֿאַרמאָגט אַ גרויסע דאָזע נאַאיוויטעט, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די דעמאָלטיקע קאָלאָריסטן, סײַ די פּאַריזער, סײַ די פּוילישע. אינקורצן האָט מען זיך אָנגעהויבן רעכענען מיט איר אין די פּוילישע מאָלערישע קרײַזן אין פּאַריז. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער פֿאָנענטרעגער פֿון דער קונסט פֿון ריינער פּוילישער מאָלערײַ איז געוואָרן פּאַנקעוויטש. אויך דאָראָטע האָט פֿאַרמאָגט אַ שטאַרק געפֿיל פֿאַר פֿאָרמירן די קונסט מיט דער הילף פֿון קאָלירן. זי האָט געמאָלט מיט אַ גרויסער קולטור און האָט געקאָנט האַרמאָניזירן די לאָקאַלע טענער מיט דער קאָמפּאָזיציע אַלס גאַנצעס, שאַפֿנדיק אַזוי אַרום אַן אײַנהייטלעכע גאַנצקייט. להיפּוך צו די אימפּרעסיאָניסטן האָט זי געקאָנט אויסשליסן פֿון דער קאָמפּאָזיציע אַלץ, וואָס איז איבעריק, כאַראַקטעריזירנדיק אויסשליסלעך די האַרמאָניע פֿון פֿאַרשיידענע טאָנאַציעס. אַדאַנק וועלכן זי האָט דערגרייכט אַ קאָלאָריסטיק, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַ שטאַרקע ווירקונגס־קראַפֿט ווי אויך אַ ריינע אַטמאָספֿער פֿון בילד. אין משך פֿון די יאָרן איז רײַף געוואָרן דער טאַלאַנט פֿון דער קינסטלערין. אירע בילדער באַפֿרײַען זיך אַלץ מער פֿון זײַערע אַמאָליקע פֿעלערן. ס׳פֿאַרשווינדן די ליידיקע ערטער, וועלכע מ׳רופֿט אין דער אומגאַנגס־שפּראַך פֿון די מאָלער „לעכער“. דאָראָטעס זיידעמאַנס בילדער טרעפֿט מען אַלץ אָפֿטער אויף אויסשטעלונגען אין לאַנד און אין אויסלאַנד. איר נאָמען הייבט זיך אָן צו באַווײַזן אויף די שפּאַלטן פֿון פּוילישע און אויסלענדישע צײַטשריפֿטן, וועלכע פֿאַרנעמען זיך מיט פֿראַגן פֿון קונסט.

ווען אַ פּאָר יאָר פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה קערט זיך דאָראָטע

זיידעמאַן אום קיין פּוילן, ווערט זי אויסגעוויילט אין דער פאַרוואַלטונג פון פאַריין פון פּוילישע קינסטלער־פּלאַסטיקער און דאָ אַנטוויקלט זי א זייער לעבהאַפטע טעטיקייט. זי אינטערעסירט זיך נישט בלויז מיט דעם, וואָס עס געפינט זיך אויפן ארבעטס־ווארשטאַט פון יעדן חבר, נאָר זי האָט זיך אויך געזאָרגט צי ער האָט ברויט, צי איז עמעצער פון זיין משפחה נישט קראַנק, צי ער האָט מיט וואָס צו באַהייצן זיין אַטעליע. דערביי איז זי שטענדיק אָביעקטיוו, זי ריכטעט זיך נישט מיט וועלכע ס'איז סימפּאַטיעס און רעכנט זיך נישט מיט דער ריכטונג צו וועלכער דער אָדער יענער קינסטלער געהערט. זי האָט דיסקרעט אינטערווענירט איבעראַל, וווּ דאָס איז נאָר נייטיק געווען.

אויף דער אויסשטעלונג פון „קאַפּיסטן“, וואָס איז צום ערשטן מאָל איינגעאָרדנט געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1934, האָבן זיך געפינען אַ סך בילדער פון דאָראָטע זיידעמאַן. צווישן אַנדערע האָט זיך דאָרט געפונען „א נאַטור־בילד פון מאָקאָטאָוו“, „א פּייזאַזש פון פּיאַסקאָווא סקאַלא“, „א זומער־פּייזאַזש“, א נאַטור־בילד פון רודקי“, „שטיללעבן“ ווי אויך „בלומען“.

די דאָזיקע בילדער האָבן פאָרגעשטעלט די קינסטלערין ווי א שטאַרקע מאָלערין. אין די שפּעטערדיקע יאָרן (1936־37) שטעלט זי אויס אין איפּס און אין קראָקע. זי נעמט אויך אָנטייל אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג פון פרויען — קינסטלערינס אין פּאַריז. ווו עס זאָלן זיך נישט האָבן באַוויזן די בילדער פון דאָראָטע זיידעמאַן, האָבן זיי באַקומען א גוטן אָפּרוף אין דער פּרעסע ווי אויך אַנערקענונג ביים פּובליקום.

נאָך סעפּטעמבער 1939 איז דאָראָטע זיידעמאַן אַוועק פון וואַרשע קיין קראָקע, ווו זי האָט זיך אין משך פון א לאַנגער צייט אויסבאַהאַלטן, אַדאַנק אירע פּוילישע חברטעס. היות זי איז אָפּט, צוליב איר „נישט־אַרישן“ אויסזען, שאַנטאַזשירט געוואָרן אויף דער גאַס, איז זי געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן קראָקע. זי איז אָפּגעפאָרן קיין ראַבקע, ווו קיינער האָט זי נישט געקענט אין אין משך פון א געוויסער צייט האָט זי געלעבט בשלום. ווען ס'איז אָבער אראָפּגעקומען צו איר אירס א ווייטע קרובה, אויך אַ מאָלערין, מאַרילע ספּעט־אָפּענהיים, האָבן זיך אָנגעהויבן גייע זאָרגן. מאַרילען האָט מען דאָ געקענט, ווייל זי האָט אין דעם קוראָרט פאַרבראַכט אין די פריערדיקע יאָרן און אַזוי ארום האָט זי דעקאָנספּירירט איר חברטע.ביידע קינסטלערינס זאָלן האָבן אויסגעגעבן גע־

וואָרן דורך אַן אָרטיקן שוסטער אַן אַנטיסעמיט. מ׳האָט זיי ארויסגעפירט קיין נאָווי־טארג און איינגעזעצט אין טורמע.

די חברים קינסטלער, דערוויסנדיק זיך וועגן דער געפאַר, וואָס עס דראָט זיי, האָבן געוואָלט צו העלפן זיי און זענען אָפּגעפאָרן קיין נאָווי־טארג. זיי זענען אָבער אָנגעקומען פּונקט אין דעם טאָג, ווען דער קרייז־האופּטמאַן פון נאָווי־טארג האָט איינגעאָרדנט אַן „אויסזידלונג" פון אַלע דאָרטיקע ייִדן. מען האָט שוין גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן, און די קינסט־לער האָבן זיך אומגעקערט קיין קראָקע אָן שום רעזולטאַט. ביידע מאָ־לערינס זענען ווארשיינלעך אוועק צוזאַמען מיט די איבעריקע „אויסגע־זידלטע" ייִדן אין טויט־לאַגער. דאָס איז געווען אין האַרבסט פון 1942.

די בילדער פון דאָראָטע זיידעמאַן געפינען זיך אין נאַציאָנאַלן מו־זיי אין ווארשע ווי אויך אין אַנדערע פּוילישע קונסט־גאַלערייען.

דער מאַן פון דער קינסטלערין מיעטשיסלאַוו זיידעמאַן איז אויך געווען אַ מאָלער און איז ווארשיינלעך אויך אומגעקומען בעת דער אָקו־פּאַציע. אַלס קינסטלער איז ער ווייניק באַקאַנט געווען.

# אפרים און מנשה זײדענבײטעל

די צװײ ברידער, דאָס צװילינג אפרים און מנשה זײדענבײטעל שטעלן מיט זיך פֿאָר אין דער געשיכטע פֿון דער קונסט אַ פֿענאָמען. ס'איז שװער געװען אונטערצושײדן אײנעם פֿון צװײטן. זײער ענלעכקײט איז געװען אַזױ גרױס, אַז אפֿילו געאָניטע באַקאַנטע האָבן זיך טועה געװען, אָנגעמענדיק אײנעם פֿאַר דעם צװײטן. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז בײדע ברידער זענען געװען מאָלער, אָבער דאָס װוּנדערלעכסטע איז דאָס, אַז אָפֿט פֿלעגן זײ צו־זאַמען מאָלן אײן בילד. בײדע ברידער זענען געװען אַזױ צונױפֿגעשפּילט, אַז װען אײנער פֿלעגט אַװעקגײן פֿון דער שטאַלוגע, פֿלעגט דער צװײטער אָן שום שװעריקײטן קאָנטינוּאירן דאָס אָנגעהױבענע בילד. דאָס הײסט אָבער נישט, אַז אַלע זײערע בילדער זענען געװען געמײנזאַמע. זײ פֿלעגן אױך מאָלן זעלבשטענדיק און פֿלעגן אַזעלכע בילדער צײכענען מיט זײערע נעמען, דעמאָלט װען געמײנזאַמע בילדער פֿלעגן זײ צײכענען בלױז מיט דער פֿאַ־מיליע זײדענבײטעל.

אין דער משפּחה זײדענבײטעל טרעפֿן מיר זיך מיט דער זעלבער דער־שײנונג װאָס בײ די גאָטליבס: אַזױ װי דאָרט, האָבן פֿיר ברידער אַרױסגע־װיזן אַ קינסטלערישן טאַלאַנט. דער עלטסטער פֿון די ברידער זײדענבײ־טעל, יוסף, איז געװען אַ באַדײטנדיקער מאָלער. ער איז אַרױסגעקומען פֿון דער שול פֿון דעם באַרימטן פּאָרטרעטיסט סטאַניסלאַװ לענץ. יוסף איז געװען נישט קײן שלעכטער פּאָרטרעטיסט. ער האָט הױפּטזעכלעך גע־שאַפֿן בילדער אױף ײדישער טעמאַטיק. ער האָט געשאַפֿן אַ גרױסע צאָל אילוסטראַציעס צו אַנ־סקים שאַפֿונגען און צװישן אַנדערע האָט ער אױך אױסגעפֿירט אַ צײכענונג, אין װעלכער ער שטעלט פֿאָר דעם גרױסן שרײ־בער אױפֿן טױטנבעט. ער האָט אױך אילוסטרירט ביכער און צװישן זײ „שמוגלערס“ פֿון עוזר װאַרשאַװסקי. מ'האָט אױף זײן טאַלאַנט געלײגט



די ברידער אפרים און משה זיידענבייטעל.

גרויסע האָפענונגען, יוסף זיידענביימעל האָט נישט דערגרייכט דעם העכסטן פונקט אין זיין שאַפונג. אַלט זייענדיק סך הכל 29 יאָר, איז ער קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט און געשטאָרבן.

אפרים און מנשה זענען געבוירן געוואָרן דעם 17 יוני 1903. שוין אַלס קליינע ייִנגלעך פלעגן זיי זיך אָפט צוקוקן צו דער אַרבעט פון דעם עלטערן ברודער יוסף, וועלכער פלעגט זיי אָפט געבן אָנווייזונגען בנוגע דער טעכניק פונעם מאָלן. צו יוספן פלעגן אָפט אַריינקומען פאַרשידענע מענטשן, וועלכע פלעגן אים פּאָזירן צו פּאָרטרעטן. די ייִנגלעך האָבן זיך דעריבער זייער פרי צוגעפגעלעבט מיט דער מאָלערישער אַרבעט. דער פאָטער פון די זיידענביימעלס איז געווען אַ בוכהאַלטער אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אויף די נאַלעווקעס. זייענדיק שטענדיק פאַרנומען, האָט ער ווייניק צייט געקאָנט אָפּגעבן זיינע קינדער. אין דער משפחה ביי זיי איז געווען אָנגענומען, אַז די עלטערע קינדער האָבן צוגעהאָלפן די ייִנגערע און אַזוי האָבן זיי זיך אַליין דערצויגן.

אפרים און מנשה האָבן שטודירט ביי די באַרימטע פוילישע קינסטלער וולאַדיסלאַוו יאַסטזשעמבאָווסקי און וולאַדיסלאַוו סקאָטשילאַס און שפּעטער ביי טאַדעוש פּרושקאָווסקין (ער איז אין משך פון אַ געוויסער צייט דער רעקטאָר פון דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע). מיט דעם לעצטן זענען די ביידע זיידענביימעלס געווען באַפריינדעט און נישט איינמאָל געווען ביי אים צוגאַסט אין זיין פּרעכטיקן פּאַלאַץ אין קוזמיר.

אפרים און מנשה זענען נישט געגאַנגען מיטן וועג פון זייער ברודער יוסף. זיי זענען געווען פאַרברענטע מאָדערניסטן. אין זייער קונסט האָבן זיי דערגרייכט אַן אויסערגעוויינלעכע ווירטואָזיע. זיי האָבן דערביי געקאָנט זיין אינגאַנצן זאַכלעך, אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַ געוויסן סענטימענטאַלן ליריזם. זייער שפּעטערישע אַקטיוויטעט האָט געשטראָמט פון די ריינסטע קוואַלן פון קאָלאָריסטיק. דאָס דאָזיקע מאָלער־צווילינג האָט אַרויסגעוויזן איין און דעם זעלבן גייסטיקן ניוואָ, דעם זעלבן טאַלאַנט, דעם זעלבן שוווּנג און ביידע האָבן זיי אויף איין און דעם זעלבן אופן אויפגענומען דעם זין פון יעדער דערשיינונג. ביידע האָבן זיי שנעל פאַרלוירן די פאַראינטערעסירונג צום פאָלקלאָר. דאָס הייסט נישט, אַז זיי האָבן אינגאַנצן פאַרוואָרפן די דאָזיקע טעמאַטיק. פון צייט צו צייט פלעגן זיי שאַפן אַ בילד מיט אַזעלכע מאָטיוון. ס'פלעגן דעמלט אַנטשטיין בילדער, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פאַסיע, וועלכע האָבן ווייט איבערגעשטיגן די שאַפונגען פון שטייגער־מאָלער,

וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען אויסשליסלעך מיט יידישער טעמאַטיק. אין
פּרינציפּ אָבער זענען ביידע זיידענבייטעלס געווען די, וועלכע האָבן פּראָ=
פּאַגירט דערהויבענע קונסט, פיינע קאָלאָריסטיק, דאַקעגן דער שאַפונגס=
פּראָצעס, לויט זייער מיינונג, איז געווען אויסשליסלעך אַ פונקציע פונעם
טאַלאַנט, ס'איז זיי שטענדיק געגאַנגען וועגן די העכסטע פּלאַסטישע וואַ=
לאָרן. דער טאַלאַנט פון ביידע ברידער איז רייף געוואָרן אינעם פּעריאָד
פון די שאַרפסטע אין לאַנד קלאַסן=אַנטאַגאָניזמען און נאַציאָנאַלע דיס=
קרימינאַציעס. ביידע ברידער האָבן שוין דעמלט מיט זיך פאָרגעשטעלט
אַ מאָלערישע פּאָזיציע און האָבן נישט איין באַרימטן פּלאַסטיקער פאַר=
רוקט אין שאָטן.

די ברידער זיידענבייטעל האָבן אין משך פון לאַנגע יאָרן געוווינט
אין יידישן אַקאַדעמישן הויז אויף פּראַגע. זיי האָבן דאָרט פאַרנומען
אַ באַשיידן צימער, אין וועלכן ס'האָט זיך אויך געפונען זייער אַטעליע.
שוין אין יאָר 1928 האָט דער „נאַש פּשעגלאָנד“ געבראַכט אין זיין
אילוסטרירטער ביילאַגע צום נומער פון 15 יולי אויף דער ערשטער זייט
אַ רעפּראָדוקציע פון מנשהס אַ בילד מיט דעם אויפשריפט: „אַ נייער
יידישער מאָלער=טאַלאַנט“ און אַן אויפקלערונג: „מנשה זיידענבייטעל
האָט לעצטנס באַקומען די ערשטע מלוכה=אויסצייכענונג אויף דער
אויסשטעלונג פון דער קונסט=שול אין וואַרשע“ (די דאָזיקע שול איז
ערשט אין יאָר 1932 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קונסט=אַקאַדעמיע —
י. ס.). דער קונסט=דעפּאַרטאַמענט האָט איינגעקויפט זיידענבייטעלס
אַרבעטן פאַר די מלוכה=זאַמלונגען. אויף דער צווייטער זייט פון דער
ביילאַגע האָבן זיך געפונען רעפּראָדוקציעס פון נאָך צוויי אַרבעטן מנשהס,
נעמלעך: „די פּויערטע“, פאַר וועלכער דער קינסטלער האָט באַקומען די
ערשטע אויסצייכענונג און „דאָס יינגל — דער טרומפּייטער“. מיר זעען
אַלזאָ, אַז די סאַנאַציע האָט געהעריק אָפּגעשאַצט דעם טאַלאַנט פון די
זיידענבייטעלס. פאַר דעם דאָזיקן דערפאָלג ביי די הערשנדיקע קרייזן האָבן
די צוויי ברידער געמוזט טייער באַצאָלן. די לייטער פון די אַנטשפּרעכנדיקע
דעפּאַרטאַמענטן פאַר די עניינים פון קונסט, דאָס זענען געווען הערן מיט
פיינע מאַניערן אין שטייפע קעלנערלעך און פונקט אַזעלכע שטייפע נשמות
וואָס האָבן מיט די גלאַטע רייד וועגן עסטעטיק פאַרטונקלט דעם זין פון
דער קונסט ווי אויך די וועזנטלעכע פּראָבלעמען פון זייערע שעפער. אויך
די זיידענבייטעלס, וועלכע האָבן געלעבט אין שווערע מאַטעריעלע באַדינ=
גונגען און זענען אָפּהענגיק געווען פון פאַרשידענע קאַפּריזנע מעצענאַסן —

זענען געצוווּנגען געווען, פּונקט אַזוי ווי אַ סך אַנדערע פֿעיקע קינסטלער, צו זוכן אַ געלעגנהייט בּושאַ־חן צו זיין אין די אויגן פֿון די דאָזיקע מיניסטעריאַלע גדולים. די זיידענבייטעלס האָבן דאָ געהאַט צו באַקעמפֿן דאָפּלטע שטערונגען: זיי זענען דאָך געווען יידן! ס'וועט דערביי נישט איבעריק זיין צו באַמערקן, אַז זיי האָבן שוואַך באַהערשט די פּוילישע שפּראַך. זיי זענען אין אַ געוויסער מאָס געווען אַן אויסנאַם, ווייל ס'איז דאָך באַקאַנט ווי אַזוי די סאַנאַציע־מאַכט האָט זיך באַצויגן צו יידישע קינסטלער. דאָס, וואָס זיי האָבן באַקומען אויסצייכענונגען האָט זיי שטאַרק אימפּאָנירט און אַזוי־אַרום האָבן זיי זיך געלאָזט פֿאַנגען דורך די סאַנאַציע־קרייזן. די דאָזיקע נישט קאָנסעקווענטקייט און דאָס לאַווירן איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון זייער ענגן, קליינבירגערלעכן וועלט־באַנעם. זיי האָבן זיך באַצויגן פּיינטלעך צום קלאַסן־קאַמף און האָבן זיך אָפּט געמוזט צופּאַסן צו פֿאַרשידענע געלעגנהייטלעכע פֿאָדערונגען. דערביי זענען זיי אויסערגעוויינלעך פֿעיק, אמתע מייסטער אין דער מאָלערישער קונסט.

יעדעס בילד מגשהם, צי אפּרימס, ווי אויך די בילדער, וועלכע זיי האָבן געמאָלט געמיינזאַם, דאָס זענען ווערק, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט אַ אויסערגעוויינלעכן אויסקלאַנג. אויב מ'זאָל פֿאַרגלייכן די שאַפֿונגען פֿון די ברידער זיידענבייטעל מיט די שאַפֿונגען פֿון די ערנסטע פּוילישע מאָלער אין יענע יאָרן און אפֿילו מיט די לערער פֿון די זיידענבייטעלס — יאַסטשעמבסקי, פּרושקאָווסקי און סקאָטשילאַס, מוז מען פֿעסטשטעלן, אַז ענדיקגילטיק די שטודיען אויף דער אַקאַדעמיע האָבן די שילער איבערגעשטיגן די ערשטע צוויי מאָלער, וואָס שייך סקאָטשילאַסן, איז ער וואָס אַן אמת געווען אָריגינעל און זייער אייגנאַרטיק, אָבער זיין טעמאַטיק איז געניגט געווען גיכער צו פֿאָלקלאָר און אין דעם פּרט איז די ווירקונג זיינע אויף די זיידענבייטעלס זייער זעלטן געקומען צום אויסדרוק.

די זיידענבייטעלס האָבן דעביוטירט מיט זייערע צייכענונגען אויף דער אויסשטעלונג, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער יידישער קהילה אין יאָר 1922. אויף דער אויסשטעלונג פֿון גאָוועמבער־סאַלאָן אין הויז פֿון די באַריטשקעס אויף אַלטשטאָט, אין יאָר 1930, האָט די איינציקע אויסצייכענונג פֿון מיניסטעריום פֿאַר רעליגיע און עפֿנטלעכער בילדונג באַקומען דאָס בילד פֿון מנשה זיידענבייטעל. די צייטשריפֿט „שטוקי פּיענקנע" האָט אין באַריכט וועגן דער אויסשטעלונג געשריבן: „דער יונגער דור מאָלער פֿון דער וואַרשעווער שול איז אַרויסגעטראָטן מיט איינציקע, זייער ווערטפֿולע אַרבע=

טן, מ'מוז דאָ פריער פאַר אַלץ אויסרעכענען דעם סטודיום פון זיידענבייטלען, אַ מאָלער, וועלכער באַזיצט אַן אויסערגעוויינלעך געפיל פאַר קאָלאָריט. זיין „שטיל=לעבן“ דאָס איז אַ סימפאָניע, וואָס צייכנט זיך אויס מיט איך פינעזיע פון פארבן און קרובהשע טענער, וואָס זענען זיך נאָענט לויט זייער מין און כאראקטער פון באלייכטונג. די דאָזיקע אין ערשטן אויגנבליק אַזוי נאָענטע איינע צו דער צווייטער פארבן טרעטן אַרויס אין זיידענבייטעלס אַרבעט מיט דער גאַנצער קראפט פון זייער פארשידנארטיקייט און גלייכצייטיק פאראייניקן זיי זיך אין א מערקווירדיקער הארמאָנישער גאנצקייט. אויך אפרים זיידענבייטעל פאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינלעך געפיל פאַר פאַרבן“.

אין יאָר 1934 באַווייזן זיך די אַרבעטן פון די ביידע ברידער אויפן ביענאַל אין ווענעדיג, וו עס קומען פאָר יעדע צוויי יאָר פעסטיוואלן פון דער וועלט=קונסט. אויך דאָ דערגרייכט דאָס בילד פון מנשה זיידענבייטעל „אַ פרויען=שטודיום“ אַ גרויסן טריומף. דאָס דאָזיקע בילד ווייזט אַרויס אַ גרויסע ענלעכקייט צו רענוארס קונסט, מיט דעם אונטערשיד, וואָס עס צייכנט זיך אויס מיט דער אייגנאַרטיקייט פון מנשהס פענזעל, מיט א פרעכטיקער ווייכקייט, מיט אַ סימפאָניע פון פאַרבן=שפיל, וואָס איז באַהויכט מיט צויבער פון פאָעזיע.

אין יאָר 1935 שטעלן ביידע ברידער אויס אַ גרעסערע צאָל בילדער אין ווארשעווער „איפּס“ צוזאמען מיט ראפאל מאלטשעווסקין און אַלעקסאנדער יענדזשעיעווסקי. אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָבן זיך געפונען 24 איילבילדער פון די זיידענבייטעלס. זיי זענען אָבער אין קאטאלאָג נישט אויסגערעכנט יעדעס באַזונדער. צווישן אַנדערע זענען אויף דער אויסשטעלונג אויך געווען פאַרטרעטן די מאָלער: מאָניקאַ זשעראָמסקאַ און אַנטאָני נוימאַן מיט גלענצנדיק באַנומענע פּאָרטרעטן. דאָרט זענען אויך געווען בילדער מיט מאָטיוון פון קראָקע און אַנד., ווי „דאָס הויז פונעם שמיד“, „די שוועסטער“, „די וועליאָסיפעדיסטן“ און אייניקע שטיל=לעבנס.

די בילדער פון די זיידענבייטעלס זענען אויך איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער קאָלעקציע פון די רעפּרעזענטאַטיווע אויסשטעלונגען פון דער פּוילישער קונסט אין אויסלאַנד. אַזוי אַרום האָבן זיי זיך באַוויזן אין יאָר 1934 אויף די אויסשטעלונגען אין שוועדן, עסטאָניע, פינלאנד, לאָטוויע ווי אויך אין מאָסקווע.

אַ כאַראַקטעריסטישע אָפּשאַצונג פון אפרים זיידענבייטעלס קונסט איז אָפּגעדרוקט געווען אין דער „קאָמסאָמאָלסקאיא פראוודא“ פון

1934.11.14: „נעבן יאַראָציקין און באָריסאָווסקין שטייט אפרים זיידענבייטעל, וועמענס פּרישע, טיף באַנומענע אַרבעטן זענען אפשר די ווערטפולסטע צווישן די שאַפונגען פון די יונגע פּוילישע מאָלער, זיין פּייזאַזש (לויטן קאַטאַלאָג אונטערן נומער 149) ווייזט זיך אונדז אויס דער לעבעדיקסטער און אוממיטלבאַרסטער פון אַלע פּייזאַזשן אויף דער אויסשטעלונג“. פון דער פּוילישער אויסשטעלונג אין מאָסקווע האָט די סאָוועטישע רעגירונג געקויפט אפרים זיידענבייטעלס בילד „יולטשא“. די דאָזיקע אַרבעט איז אַריין אין צוזאמענשטעל פון דער מאָסקווער גאַלעריע פון דער מערב־אייראָפּעישער קונסט. יעדע אַרבעט פון די זיידענבייטעלס איז שוין דעמלט געשטאַנען אויף אַן ערנסטער מאָלערישער הויך.

אין יאָר 1936 האָבן די ברידער זיידענבייטעל איינגעאָרדנט אַ געזאַמלטע אויסשטעלונג פון זייערע בילדער אין סאַלאָן פון קאָטערבאַ אויף דער קרעדיטאָווע גאַס. אַ ברייטע אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָט אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל „וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקע“ דעם 16־טן דעצעמבער 1936 מיעטשיסלאַוו וואַללים.

אַן ערך אין יאָר 1930 האָבן די ברידער זיידענבייטעל אויספאַרקויפט אַ ריי בילדער און זיך אויסגעקליבן קיין פראַנקרייך און איטאַליע אויף שטודיען. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה, ווען פּוילן איז שוין געווען פאַרסמט מיטן אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען פון היטלער־דייטשלאַנד, האָט מען די זיידענבייטעלס נאָך טאָלערירט אויף אַלגעמיינע אויסשטעלונגען. די אָפּוועזנהייט פון זייערע אַרבעטן וואָלט מען צו שטאַרק אָפּגעפילט אין דער פּוילישער קונסט. די לעצטע אויסשטעלונג פון די ברידער זיידענבייטעל איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן אין יאָר 1939, וווהין מ'האָט אַרויסגעשיקט די אַרבעטן פון די בעסטע פּוילישע קינסטלער, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט די פּוילישע קונסט. די בילדער פון די זיידענבייטעלס האָבן זיך אומגעקערט קיין פּוילן זומער 1947, דאָס הייסט צוויי יאָר נאָך דעם ווי עס זענען דערמאָרדעט געוואָרן די שעפער פון די בילדער. זומער 1939 האָב איך זיך אָפּט געטראָפן מיט ביידע זיידענבייטעלס אין קוזמיר אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער אָנטייל אין דער אויסשטעלונג, מיט וועלכער איך האָב דעמלט אָנגעפירט. אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָט מען געקויפט איינס פון זייערע בילדער, דערביי איז דער פּרייז, וועלכן מ'האָט פאָרגעלייגט, געווען ממש אַ באַליידיקנדיקער. ס'איז מיר נישט אָנגענעם געווען זיי מודיע צו זיין וועגן דער דאָזיקער אָפּערטע און איך בין געווען איבערצייגט, אַז זיי וועלן זי אָפּוואַרפן. צו מיין גרעסטער פאַרוווּנדע־

רונג האָבן זיי זי אָנגענומען. פון דעם קאָן מען דרינגען, אַז זיי זענען דעמלט געווען אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע. דער קויפער פון דעם בילד, אַ געוועזענער מיניסטער, האָט זיך גלענצנדיק אָריענטירט וויאַזוי מ׳קאָן אויסנוצן אַ קינסטלער — אַ ייד.

אין די ערשטע טעג פון סעפטעמבער 1939 זענען די ביידע זיידענביי־טעלס פלוצעם פארשוואונדן פון קוזמיר. די בילדער זייערע האָבן זיי שוין נישט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך. זיי האָבן זיי דעריבער איבערגעלאָזט ביי אַ פראָפעסאָר פון דער וואַרשעווער מוזיק־שול לעווענשטיין, מיט וועלכן זיי זענען געווען באַפריינדעט. אין א חודש אַרום איז שוין געווען נאָך דער מלחמה פון היטלערן מיט פוילן. די זיידענביימעלס איז געלונגען זיך ארי־בערצוקריגן פון וואַרשע קיין ביאַליסטאָק. דאָ איז זיי געלונגען, אדאנק דער הילף פון דער שטאָטישער אָפטיילונג פאַר קונסט, אָנצוהייבן אַ ניי לעבן. זיי האָבן באַקומען אַ באַשטעלונג פון דער רעגירונג פון דער ווייס־רוסישער רעפובליק אויסצופירן אייניקע בילדער אויף זייער גוטע באדינ־גונגען. מ׳האָט זיי אַלס אַוואַנס אויף דער דאָזיקער אַרבעט, געגעבן א היפשע סומע געלט. זיי האָבן באַקומען אַ באַקוועמע אַטעליע און זענען נאָמינירט געוואָרן אַלס לערער אין וואָיעוואָדישן הויז פאַר קונסט אין ביאַליסטאָק. אין יענער צייט, ד. ה. אין יאָר 1940, האָב איך געטראָפן איינעם פון די זיידענביימעלס (עד היום ווייס איך נישט וועלכן) אין לעמבערג. ס׳איז אים געווען שווער צו דערקענען. ער איז געווען פיין געקליידט און האָט אויסגעזען אַ סך בעסער ווי אין וואַרשע. אין די נייע באַדינגונגען האָבן זיך די כאראק־טערן פון די ביידע ברידער געענדערט: זיי זענען געוואָרן מענטשן מיט ווירדע, מער פשוטע און אוממיטלבאַרע. די זאָרג, וועלכע די סאָוויעטישע רעגירונג האָט ארויסגעוויזן לגבי די קינסטלער, פאַרזיכערנדיק זיי אַ בכבודי־קע עקזיסטענץ, האָט גורם געווען, אַז אפילו די זיידענביימעלס האָבן זיך פאָזיטיוו באַצויגן צום ראַטנפאַרבאַנד.

מ׳האָט ביידע ברידער איינגעלאַדן קיין מאָסקווע, פון וואַנען זיי האָבן זיך אומגעקערט פול מיט באַגייסטערונג פאַר די דערגרייכונגען פונעם ראַטנפאַרבאַנד. דאָס אויספירן די באַשטעלטע אַרבעטן האָט געשטערט דער פלוצימדיקער אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנפארבאנד.

באַלד נאָכן אריינמאַרשירן פון דער היטלער־אַרמיי קיין ביאַליסטאָק זענען די ברידער זיידענביימעל אריינגעפאַלן אין ביאַליסטאָקער געטאָ און צוזאַמען מיט די איבעריקע יידן אָנגעטאָן אָרעמבענדער. זיי האָבן געאַרבעט אין שופאָ און זענען געצוואונגען געוואָרן אויסצופירן בילדער פאַר די היט־

לעריסטישע מערדער. זיי האָבן געמאָלט פּאָליציאַנטן און זייערע ווייבער און זענען גליקלעך געווען, ווען זיי האָבן דערפאַר באַקומען א ברייטל אָדער אַ טעפּל זופּ. אפרים און מנשה זיידענבייטעל האָבן געהערט צו דעם לעצטן הייפל פון אַן ערך 300 יידן, וועלכע זענען נאָך אַלע דורכגעפירטע „אויסזידלונגען" געבליבן נאָך לעבן אין יאָר 1943 אינעם ביאַליסטאָקער געטאָ. פון ביאַליסטאָק האָט מען זיי ארומגעשלעפּט איבער פאַרשיידענע לאַגערן אין פּוילן און אין דייטשלאַנד. צום לעצטן מאָל האָט מען זיי געזען אין אַפּריל 1945 אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין פלאָסענבורג. ווען די אַמעריקאַנישע און ענגלישע ארמייען האָבן זיך דערנעענטערט צו פלאָסענבורג, האָבן די געסטאַפּאָווצעם אַרויסגעטריבן אַלע אַרעסטירטע און האָבן זיי גרופּנווייז דערשאָסן. אויף אַזא אופן זענען ווארשיינלעך אויך אומגעקומען די ברידער אפרים און מנשה זיידענבייטעל אַ טאָג ממש פאַר דער קאַפּיטולאַציע פון היטלער־דייטשלאַנד.

# ירחמיאל טינאָוויצקי

ער האָט וואַרשײַנלעך געשטאַמט פֿון ביאַליסטאָק. ער איז באַקאַנט הויפּטזעכלעך אַלס גראַפֿיקער און אילוסטראַטאָר, הגם ער האָט אויך געהאַט מאָלערישע אַמביציעס. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין צײַט זיך צו פֿאַרפֿולקאָמען אויף דעם געביט. ס'איז נישט לײַכט צו באַצײַכענען די ספּעציפֿיק פֿון טינאָוויצקיס שאַפֿן. זײַנע אַרבעטן צײכענען זיך אויס מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פּשוטקייט, אָבער גלײַכצײַטיק איז ער אי־נערלעך געווען זייער עקספּרעסיוו. זיי האָבן געווירקט אויפֿן צושויער נישט בלויז מיט זייער שיינקייט, נאָר גיכער מיט זייער עקספּרעסיע. דעם טיפֿ זין פֿון טינאָוויצקיס קונסט דאַרף מען הויפּטזעכלעך זוכן אין דעם קינסט־לערס אַרום, ווי אויך אין די טרוימען, מיט וועלכע ער האָט געלעבט.

טינאָוויצקי האָט געשטרעבט אַרויסצובאַקומען פֿון דער גויט און לײַדן, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט, אַ ביסל ליכט און וואַרעמקייט און אויסדריקן עס מיט דער הילף פֿון זײַן קונסט.

ירחמיאל טינאָוויצקי האָט אַ געוויסע צײַט שטודירט אין דײַטשלאַנד. אין יאָר 1918 איז ער דורך אַ גרופּע האַלערטשיקעס ברוטאַל אַרויסגע־וואָרפֿן געוואָרן פֿון אַ צוג און האָט צוליב דעם פֿאַרלוירן אַ פֿוס. נישט קוקנדיק דערויף, האָט טינאָוויצקי זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף זײַן גורל — פֿאַרקערט, ער איז תמיד געווען גוטמוטיק. צו געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן האָט ער אַן ערנסטע באַציִונג. ער אינטערעסירט זיך מיטן לעבן פֿון די אַרבעטער, מיט זייער לעבן אינדערהיים און בײַם וואַרשטאַט. עס פֿאַראינטערעסירן אים אַרבעטער־מיטינגען, שטרײַקן.

אין די לעצטע יאָרן פֿאַר דער מלחמה האָט טינאָוויצקיס אַטעליע זיך געפֿונען אין זײַן ענגער וווינונג אויפֿן גזשיבאָוו אין וואַרשע. די טיר פֿון זײַן וווינונג איז תמיד געווען אָפֿן. שטענדיק האָט מען דאָרט גע־

קאָנט טרעפן אייניקע אינטערעסאַנטן. עס פלעגט טרעפן, אַז מיט דעם איינעם פוס זיינעם פלעגט ער פלינק זיך אַראָפּכאַפּן אין שטאָט אַריין, כדי צו זוכן עפּעס אַ פאַרדינסט. ער איז געצווונגען געווען אויס־צופירן אויף באַשטעלונג פאַרשידענע ארבעטן. ער פלעגט אויספירן פאַר־שידענע פּראָיעקטן און ענלעכע אַרבעטן, אַוועקפּטרנדיק אָן שום נוצן פאַר זיך אַ סך צייט און ענערגיע. זיינע ארבעטן האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין הויכן טעכנישן ניוואָ, זיי האָבן פאַרמאָגט אַ געוויסע לאַפּידאַ־רישקייט און באַדייטנדיקע בלויזן. דער גרונט־מאָטיוו פונעם קינסטלער איז געווען די אידעע און נישט דער סטיל און די פאָרם. ער איז געווען אַ קינסטלער, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע פסיכאָלאָגישע פאַרטיפט־קייט. עס האָט זיך געפילט ביי אים אַן אינערלעכער קאַמף פאַר געפינען דעם פינקטלעכסטן און פאַרשטענדלעכסטן אופן פון ארויסברענגען דעם זין פון זיין ווערק.

ירחמיאל טינאָוויצקי האָט געהערט צו דער קינסטלער־גרופּע „דאָס פריגיאישע היטל", וועלכע האָט אין יאָר 1936 אויסגעשטעלט אירע אַרבעטן אין די אַזוי גערופענע „גלעזערנע הייזער" אויף זשאָליבאָזש. פון צייט צו צייט האָבן זיך אויך באַוויזן טינאָוויצקיס אַרבעטן אויף די אויסשטעלונגען פון דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט. טינאָוויצקי האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט אַ יידישן פאַרלעגער אויף אילוסטראַציעס צום תנ"ך. ער האָט אויך אילוסטרירט די ביכער פון משה וואַלדמאַן, זישע באַגיש און אַנד.

אין יאָר 1939 האָט טינאָוויצקי זיך אָפּגעראַטעוועט, אַנטלויפנדיק קיין ביאַליסטאָק. אין די יאָרן 1939 —1941 האָט ער דאָרט געאַרבעט באַמיענדיק זיך ווי עס איז איינצואָרדענען. נאָכן אָנפאַל פון היטלער־דייטש־לאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד איז פאַרשוווּנדן יעדער שפּור נאָך אים.

# חיים טיבער

חיים טיבער האָט געשטאַמט פֿון אַ שטעטל, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער קולטור. די אַלטע שול, וואָס איז געבויט געווען אין רענעסאַנס־סטיל — זי אַליין האָט געקאָנט אַ סך דערציילן וועגן דער דורות־לאַנגער געשיכטע פֿון די יידן אינעם דאָזיקן שטעטל. פֿון קוטנע האָט געשטאַמט נישט איין גרויסער למדן. פֿון קוטנע שטאַמט אויך דער גרויסער יידישער שרייבער שלום אַש. די אייגנאַרטיקייט פֿון דער קולטור־אַטמאָספער האָט געלייגט איר שטעמפּל אויף די מענטשן פֿון ליטעראַטור און קונסט, וואָס האָבן געשטאַמט פֿון דער דאָזיקער שטאָט.

חיים טיבער איז געווען אַ יונגער מאָלער און גראַפיקער, וואָס האָט טיף געשטעקט אינעם ספּעציפֿישן לעבנס־שטייגער פֿון די קוטנער יידן. ער האָט געמוזט דורכבּרעכן די פֿאַרשידנסטע שוועריקייטן, וואָס האָבן זיך געשאַפֿן אויפֿן וועג זיינעם צו דער קונסט. די אָרעמקייט זיינע איז נישט געווען די איינציקע שטערונג אויף זיין וועג, נאָר אויך דאָס באַקעמפֿן די פֿאַרשידענע איינגעוואָרצלטע טראַדיציעס און אַבערגלויבנס האָבן דעם קינסטלער גיע־קאָסט נישט ווייניק כוחות.

חיים טיבער האָט געירשנט זיין נייגונג צו פּלאַסטיק פֿון זיין פֿאָטער, וועלכער האָט נישט פֿאַרמאָגט גענוג כוחות אַרויסצושלאָגן זיך אַלס קינסט־לער. לויט דעם אָנגענומענעם מנהג אין יענער צייט, האָט ער פּרי חתונה געהאַט און אין זיין גאַנץ לעבן האָט ער נישט געקאָנט זיך אַרויסרייסן פֿון דעם ענגן קרייז פֿון זיין געבוירן־שטעטל. ער איז געוואָרן אַן איינבינדער. דאָס קליינע שטיבל זיינס איז פֿאַרוואָרפֿן געווען מיט אַ סך ביכער און ספרים מיט אַלטע באַפּוצטע שער־בלעטלעך און מיט אויסגאַבן פֿון דער נייעסטער יידישער ליטעראַטור. אין דער דאָזיקער „בוכהאַנדלונג“ פֿלעגן אַריינקומען פֿאַרשידענע געבילדעטע יידן און מען האָט גאַנצע טעג דיסקוטירט וועגן פֿאַרשידענע פֿראַגן, הויפּטזעכלעך וועגן ליטעראַטור. פֿאַרשטייט זיך, אַז יע־דעם ביכל פֿון זייער גרויסן בן־עיר שלום אַש, וואָס איז אַרויס פֿון דרוק, איז געווען אַ גרויסע סענסאַציע און האָט אַרויסגערופֿן הייסע דיסקוסיעס. אין

אַזאַ אַטמאָספער איז אויסגעוואַקסן חיים טיבער. ער האָט ליב געהאַט אַ סך צו לייענען און האָט זיך גערן צוגעהערט צו די דיסקוסיעס, וועלכע ס'האָבן געפירט די דערוואַקסענע, אָבער אַממייננסטן האָבן אים געצויגן די אַלטע ספרים מיט די פּרעכטיקע שער־בלעטער. גאַנצע שעהן פלעגט ער באַטראַכטן די דאָזיקע צייכענונגען. ער האָט דעריבער מער געשעצט די דאָזיקע ספרים ווי די היינטצייטיקע ביכער מיט זייערע געווייננטלעכע הילעס, וואָס האָבן זיך אים אויסגעוויזן אָרעם לגבי די ספרים מיט זייערע באַפּוצונגען און אָרנאַמענטן. שוין אַלס יונג ייִנגל האָט ער מיט פאַרגעניגן נאָכגעצייכנט די דאָזיקע שיינע הילעס און האָט געטרוימט אַליין צו קענען שאַפן ענלעכע קאָמפּליצירטע אָרנאַמענטן. אין הויז פון די טיבערס זענען געווען אַ סך קינדער און ס'האָט געהערשט אַ גרויסע נויט. נאָך זייענדיק גאָר יונג, האָט חיים זיך אַרויסגעריסן פון זיין געבוירן־שטעטל און אָנגעקומען קיין לאָדזש.

פון לאָדזש האָט ער זיך איבערגעצויגן קיין וואַרשע, ווו ער ווערט אָנגענומען אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע. דאָ אינטערעסירט ער זיך הויפּטזעכלעך מיט גראַפיק, מיט מאָלעריי פאַרנעמט ער זיך בלויז צופעליק. טיבער איז געווען סיי אַ צייכענער סיי אַ שטיכער. זיין ליניע איז לייכט און דין. ווען מען באַקענט זיך נענטער מיט זיינע אַרבעטן, פילט מען ווי שטאַרק זיי ווירקן אויפן צושויער, אַדאַנק דער גרויסער פעיקייט פונעם קינסטלער אַרויסצובאַקומען דעם אויסדרוק פונעם געגעבענעם מאָטיוו. אין טיבערס שאַפונג שפּיגלט זיך אָפּ ווי אין אַ קאַליידעסקאָפּ דאָס לעבן פון די ייִדן אינעם קליינעם שטעטל אין אַלע זיינע פאָרמען און אין זיין פאַרגליווערטן קאָנסערוואַטיזם. טיבער נעמט די מענטשן אַזוי ווי זיי זענען. ער באַטראַכט זיי ווי מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז און באַמיט זיך זיי אַרויסצוברענגען אַזוי, ווי ער האָט זיי אין דער געגעבענער רגע דערזען. די בילדער פון זיינע קינדער־יאָרן האָבן זיך אויפגעהאַלטן אינעם זכרון פון קינסטלער און געבליבן אַזוי פריש. אַז ער פלעגט קאָנען ברייט געניסן פון דעם אוצר בעתן שאַפן זיינע קאָמפּאָזיציעס. ער איז וואַרשיינלעך געבוירן אַ יאָר אָדער צוויי פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַזוי אַז די ערשטע פאָר יאָר זיינע זענען געווען זייער שווערע. טייל מאָטיוון פון זיינע אַרבעטן זענען פאַרבונדן מיט די דערינערונגען פון יענער צייט.

אויף דער יובל־אויסשטעלונג פון דעם ייִדישן פאַרבאַנד פון פּלאַסטיקער אין וואַרשע אין יאָר 1939 האָט זיך געפונען אַ לאַנגער פריז, וואָס האָט אַנטהאַלטן אַ סך צייכענונגען פון טיבערן מיט אַ ייִדישער טעמאַטיק. דאָס איז געווען אַ רייכע גאַלעריע פון ייִדישע קליינשטעטלדיקע טיפּן. מיר זעען

דאָרט אַלטע יידן מיט בערד אין לאַנגע קאַפּאָטעס און קאַפּלעך אויף די קעפּ. אַנדערע טראָגן שוואַרצע הימלען מיט דאַשקעס, פון אונטער וועלכע עס קוקן אַרויס אויסגעלאָשענע אויגן. עס פילט זיך, אַז די שווערע לעבנס־באַדינגונגען האָבן איינגעבראָכן די מענטשן. דאָך אָטעמען די דאָזיקע גע־שטאַלטן מיט עפּעס אַ באַזונדערער ווירדע. דער פעלער פון טיבערס אַרבעטן איז זייער צו שטאַרקער נאַטוראַליזם. חוץ דעם האָט דער קינסטלער צו שטאַרק פאַרשמעלערט די טעמאַטיק. ער איז נישט דערגאַנגען דערצו ער זאָל ווייזן אויך די קרייזן פון דער יוגנט, וואָס האָט שוין דעמלט געקעמפט מיט דעם אָנוואַקסנדיקן פאַשיזם און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. טיבער איז געווען דער מאָלער, וואָס האָט פאַרמאָגט אַלע מעגלעכקייטן צו ווערן דער אויסדריקער פון דער יידישער שטייגער־טעמאַטיק אין אַ ברייטן פאַרנעם.

אין סעפּטעמבער 1939 איז חיים טיבער אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק. דאָ האָט ער אָנגעהויבן אַ ניי לעבן, וואָס האָט פאַר אים געעפנט נייע פּערס־פּעקטיוון. ערשט אין ביאַליסטאָק האָט ער זיך אַנטוויקלט אַלס מאָלער. עס האָט אים אָנגעהויבן גוט צו גיין. ער האָט פאַרקויפט זיינע צייכענונגען און שטיכן. דאָ האָט ער אויך חתונה געהאַט. אין יאָר 1940 האָט ער אָנטייל גע־נומען אין די אויסשטעלונגען אין מינסק און מאָסקווע. איינע פון טיבערס אַרבעטן איז רעפּראָדוצירט געוואָרן אין אַ בוך, וואָס איז אַרויסגעגעבן גע־וואָרן אין מאָסקווע און לענינגראַד א. נ. „אָטשערקי פּאָ איסטאָרי איזאָבראַ־זיטעלנאַוואָ איסקוסטווא ביעלאָרוסי" (סקיצן וועגן דער פּלאַסטישער קונסט פון ווייסרוסלאַנד).

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט טיבערס דערפאָלג. ער האָט נישט באַוויזן זיך צו עוואַקויִרן אין דער טיף פונעם ראַטנפאַרבאַנד און דער אָנ־הייב פונעם דייטשן אָנגריף אויפן ראַטנפאַרבאַנד האָט אים געטראָפן אין ביאַליסטאָק. ער פאַלט אַריין אין דאָרטיקן געטאָ. צוגלייך מיט אַ סך יידישע קינסטלער אַרבעט ער אין סטעפּענס וואַרשטאַט, וווּ ער האָט קאָפּירט בילדער פון באַרימטע וועלטמייסטער. אין די פרייע מינוטן האָט ער מיט אַ דינאַ־מישער קראַפט געצייכנט סצענעס פונעם לעבנס־קאַשמאַר אין ביאַליסטאָקער געטאָ. טיבער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט דער פרוי און קינד בעת דער צווייטער „אַקציע" אין געטאָ אין יאָר 1943.

טיבערס גראַפיקעס זענען איינגנטלעך בילדער, וואָס זענען געמאָלט מיט דער גראַפישער טעכניק. זיי פאַרמאָגן אַ סך ליכט און שאָטן, אַ סך אויס־דרוק, און זענען פול אויסגעפורעמט. ס'באַמערקט זיך נישט אין זיינע צייכע־נונגען קיין פוסטער שטח.

# שמחה טראַכטער



שמחה טראַכטער פון לובלין איז געווען אַ קינסטלער פול מיט טעמפּעראַמענט. דער דאָזיקער קינסטלערישער טעמפּעראַמענט זיינער האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ געפּרעסטער קאָמפּאָזיציאָנעלער אַרכיטעקטאָניק, אין אַ שטרעבונג צו מאָנומענטאַלישקייט ווי אויך אינעם שטורעם פון פאַרבן, וועלכע ער האָט פאַנאַנדערגעפירט אויף דער אויבערפלאַך פונעם בילד, אויספילנדיק מיט קאָלירן דאָס קלענסטע ווינקעלע. דאָס פּראָבלעם פון טראַכטערס מאָלעריי איז געווען אויסשליסלעך אַ וויזועלער ענין. פאָרשנדיק מיט זיין בליק, האָט שמחה טראַכטער דערשפּירט נישט איין קאָלאָריסטישן עלעמענט, וועלכן ער האָט שפּעטער פאַרפיקסירט אויפן לייוונט. נישט קוקנדיק אויף דער אָנגעגליטער אטמאָספער פון זיינע בילדער און זייער פאַרביקייט, פעלט אין זיי גייסטיקע פאַרטיפטקייט. זיין בילד לעבט מיט זיין אייגן אימפּראָוויזירטן לעבן. טראַכטער האָט באַוויזן צו שאַפן אין זיינע בילדער עפּעס א פייערלעכע שטימונג, אַפילו דעמלט ווען אַרום אים האָט עקזיסטירט נויט, אָרעמקייט, אנטיסעמיטיזם און אנדערע מינים דיסקרימינאַציעס, דאָס אַלץ שפּיגלען נישט אָפּ טראַכטערס בילדער. זיי זענען, וואָס

אַן אמת, שטאַרק אָנגעזאפּט מיט שאָטן און ליכט און פאַרמאָגן אַ רייכע קאָלאָריסטישע גאַמע, נאָר אַפילו אַזעלכע מאָטיוון ווי א הייזל, וואָס איז צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער מיט ליים, באַדעקט מיט אַ שטרויענעם דאַך — באַקומען אונטער׳ן פּענדזל פון טראַכטערן דעם כאַראַקטער פון אַן אַלטערטימלעכן ראָטהויז, אַזוי ווי אין קוזמיר ביי דער ווייסל. טראַכטער מאָלט קרומע הייזלעך מיט איינגעפאַלענע פּלויטן, אויף וועלכע עס טרוקענען זיך עפּעס קאָלירטע פּלאַכטעס און גרעט און דאָס אַלץ זענען בלויז קאָלירטע אימפּרעסיעס, וואָס פאָדערן קאָמענטאַרן, ווייל דער קינסטלער האָט גאָרנישט בדעה געהאַט צו שאפן וועלכן ס׳איז דאָקומענט.

שמחה טראַכטערס פאָטער האָט געהאט אין לובלין אַ שניטקראָם און אויך אייניקע קאָמעניצעס. שמחה האָט שטודירט מאָלעריי אויף דער קראָקעווער קונסט=אקאדעמיע ביים פּייזאזשיסט קאמאצקי, פון וועמען ער האָט עטוואָס געלערנט. שפּעטער האָט ער געדייזט איבער פראַנקרייך, דייטשלאַנד, עסטרייך, אָבער די סביבה, אין וועלכער ער האָט זיך אמאינטימסטן אויסגעלעבט, איז פאָרט געבליבן לובלין, קוזמיר, נאַלענטשאָוו אָדער יאַנוזו.

טראַכטער האָט פאַרמאָגט די פעיקייט זיך צו אַנטציקן מיט דער נאַטור און וואָס ער האָט איבערגעלעבט האָט ער נאָך וויזועל באַרייכערט. מ׳מוז מודה זיין, אַז ער האָט פאַרמאָגט די פעיקייט צו אָבסערווירן און דאָס אַלץ האָט ער געקאָנט „אויסשפּילן" אויפן בילד. דערביי פלעגט ער שאפן ספּאָנטאַניש. עס האָבן אין אים זיך געקנוילט פאַרשידנגערליי קלאַנגען, וואָס זענען געווען אַן אָפּשפּיגלונג פונעם גלאַנץ פון די זון=שטראַלן, לופט אָדער וואַסער, פון דער גרינקייט פון די געוויקסן, און די דאָזיקע אינערלעכע שטימונג האָט ער געקאָנט איבערגיסן מיט דער הילף פון פאַרביקע פלעקן.

טראַכטער איז געווען פאַר=עקסעלאַנס אַ שטאַרקער און עמפּפינדלעכער מאָלער, זיין מאָלעריי פאַרמאָגט א סך פרישקייט. ער האָט באוויזן אַלץ וואָס איז מאָלעריש צו אינטערפּרעטירן מיט א סך קולטור און קראַפט. אין זיינע בילדער האָט ער געגעבן מער, ווי עס האָט זיך געקאָנט אין פלוג דאַכטן.

טראַכטער איז געווען אַ הויכער, שטאַרקער מאַן מיט שטרוי=געלע האָר. אַ מער גערמאַנישער טיפּ ווי נישט איין דייטש. לויט זיין שטימונג איז ער געווען אַ האמעטנער, ווייניק רעדנדיקער. ס׳איז אים שווער אָנגעקומען צו פאָרמולירן זיינע געדאנקען. ער האָט געהאט אין זיך אַ סך פון אַ קינד, וואָס פרייט זיך מיט דער איצטיקער מינוט. ער האָט אין די דערשיינונגען נישט געזוכט קיין לאָגיק, אָדער אמתדיקייט. ער האָט זיך בלויז

געפֿרייט מיט דער פֿאַרביקייט. ער האָט זיך אומגעשטערט אָנגעזעטיקט מיטן לעבן און זיך אַנטציקט מיט דער שיינקייט פֿון דער וועלט. אַדאַנק זיין מאָלערישן טאַלאַנט האָט טראַכטער געקאָנט ווערן אַן אָנגעזעענער פֿאָרשטייער פֿון דער פּוילישער קונסט.

טראַכטער איז אויך געווען אַן אויסגעצייכנטער גראַפֿיקער. ער האָט געשאַפֿן אַ ציקל גראַפֿישע אַרבעטן אויף דער טעמע פֿון לובלינער אַלטער־טימלעכקייטן. די דאָזיקע אַרבעטן קאָן מען פֿאַררעכענען צו די פֿיינסטע גראַפֿישע שאַפֿונגען. אין יאָר 1930 האָט טראַכטער אָרגאַניזירט אין וואַרשע אין דער יידישער געזעלשאַפֿט צו פֿאַרשפּרייטן קונסט אַן אויסשטעלונג פֿון זיינע בילדער. זי האָט אַרויסגערופֿן אַ גרויסע פֿאַראינטערעסירונג. צו די רעצענזענטן פֿון דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָט אויך געהערט בער האָראָ־וויץ, וועלכער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין די „ליטעראַרישע בלעטער" זייער אַ וואַרעמע רעצענזיע, אין וועלכער ער האָט געלויבט טראַכטערס שאַפֿונג. אויך אין פּאַריז, וווּ טראַכטער האָט נישט איין מאָל פֿאַרבראַכט, האָט ער אויסגעשטעלט זיינע בילדער. ס'איז ווערט צוצוגעבן, אַז אין פּאַריז איז ער געווען באַפֿריינדעט מיטן מאָלער טאַדעוש מאַקאָווסקי.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט טראַכטערן אין זומער 1939 אין קוזמיר, וווּ ער איז געווען צוזאַמען מיט זיינע פֿריינד אַדאַם באָווינסקי, אַ מאָלער און אַ פֿאַרערער פֿון טראַכטערס קונסט, און מיט וויקטאָר זשולקאָווסקין — אַ לובלינער קונסט־קריטיקער. טראַכטער איז געווען פֿול מיט לעבן און צופֿרידנקייט. עס זענען נישט דערגאַנגען צו אים די אָפּקלאַנגען פֿונעם שטורעם, וואָס האָט געהאָנגען איבערן לאַנד. ער האָט דערציילט וועגן זיינע מאָלערישע דערפֿאָלגן, וועגן זיינע פֿריינד מאָלער, וועגן רייזע־פּלענער, האָט שאַרף קריטיקירט די בילדער אויף דער אויסשטעלונג אין קוזמיר. אויסער דער קונסט האָט אים גאָרנישט אינטערעסירט.

אַזאַ האָט אים געטראָפֿן דער ערשטער סעפּטעמבער 1939. טראַכטער האָט זיך געכאַפּט ערשט בעת ס'זענען געפֿאַלן די ערשטע באָמבעס, וואָס די היטלעריסטן האָבן געוואָרפֿן. באַלד נאָך דעם איז דאָס לאַנד פֿאַרפֿלייצט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע האָרדעס. דער ווייטערדיקער גורל פֿון שמחה טראַכטערן איז פֿאַרבונדן מיט דעם וואַרשעווער געטאָ. ס'איז בלויז באַוווּסט, אַז אין געטאָ האָט טראַכטער געמאָלט צוזאַמען מיט פֿעליקס פֿרידמאַנען און מאַקסימיליאַן עליאָוויטשן דאָס גרויסע פֿרעסקאָ־בילד אויף דער וואַנט פֿונעם רעפּרעזענטאַציע־זאַל פֿון וואַרשעווער יודענראַט. טראַכטער האָט אויך געהערט צום קינסטלער־קאָאָפּעראַטיוו אויף מילנע 9א,

ווו ער האָט צוזאַמען מיט אַנדערע קינסטלער פּראָדוצירט פּאַר א דייטשער פירמע פּראָשעק צו רייניקן מעטאַל און שלייף־שטיינדלעך. צום לויב פון טראַכטערן מוז מען צוגעבן, אַז אין געטאָ האָט ער אָנגעהויבן ניכטערער טראַכטן און אַז ער איז געווען איינער פון די, וואָס האָט אָפּגערעדט די חברים צו שאַפן דעם אומגליקלעכן קאָאָפּעראַטיוו. ער האָט געראַטן גיכער אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער. שפּעטער האָט ער דאָך זיך אונטערגעוואָרפן דער מערהייט און איז צוזאַמען מיט די איבעריקע קינסטלער אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקי, ווו ער איז אומגעקומען.

אין לובלין האָט זיך פאַרשפּרייט אַ לעגענדע, אַז טראַכטער זאָל האָבן פאַרמויערט זיינע בילדער אין איינעם פון זיין פאָטערס הייזער. אַ סך פון טראַכטערס בילדער האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביים גלח ד"ר זאַלעווסקי, אַ גרויסן פאַרערער פון טראַכטערס מאָלערישן טאַלאַנט. דורך דער פאַרמיטלונג פון זיין פריינד וויקטאָר זשולקאָווסקי האָט דער אַלטיטשקער גלח איבערגעשיקט אייניקע בילדער פון שמחה טראַכטער אין דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט אין וואַרשע. צווישן די צוגעשיקטע בילדער האָט זיך געפונען א פּרויען־סטודיום — איינע פון די ערשטע אַרבעטן פונעם קינסטלער, וואָס זאָל האָבן שטאַרק געפעלן געוואָרן דעם פּוילישן מאָלער יאַצעק מאַלטשעווסקי.

# מאָוריצי טרעמבאַטש



מאַוריצי טרעמבאַטש איז געבוירן געוואָרן דעם 3=טן מאי 1861 אין ווארשע. אַלט זייענדיק 16 יאָר, טרעט ער אריין אין דער צייכנשול פון וווישעך גערסאָן. דאָס איז געווען אין דער צייט פון רעפרעסיעס, וועלכע דער צאַראַט האָט אָנגעווענדעט פאר דעם אויפשטאנד אין יאָר 1963. גערסאָנס שול איז געווען דער איינציקער לערן=אַנשטאַלט אויפן געביט פון מאָלעריי אין גאַנץ קאָנגרעס=פוילן. עס האָבן דאָ שפּעטער שטודירט אויך אַנדערע קינסטלער, ווי: שמעון בוכבינדער, מאוריצי שטענצעל א.אנד. דער יונגער מאַוריצי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טאַלאַנט און האָט באַקומען די ערשטע פרעמיע פאַר צייכענען. אַדאַנק די באַמיונגען פון לעאָפּאָלד האָראָוויטץ האָט ער אויך באַקומען אַ סטיפּענדיע. שפּעטער טרעט טרעמבאַטש אַריין אין דער קונסט=אַקאַדעמיע אין קראָקע און לערנט זיך אין דער קלאַס, מיט וועלכער ס'פירט אָן וולאַדיסלאַוו לושטשקעוויטש. אויך דאָרט ווערט ער הויך אָפּגעשאַצט דורך די לערער און געווינט אָנערקענונג ביי זיינע חברים. ער מאַכט גרויסע פאָרשריטן און צום סוף פון שול=יאָר באַקומט ער פאר צייכענען קלאַסישע גיפּסענע פיגורן אַ זייער גוטע מיינונג. דערנאָך פאָרט ער אָפּ קיין מינכען אין דער דאָרטיקער קונסט=אַקאַדעמיע און שטודירט

ביים פראָפ. זייץ. אין מינכען ווערט טרעמבאַטש באַרימט, ער באַקומט אויך אין דער אַקאַדעמיע מעדאַלן. זייענדיק אין מינכען, פאַלט ער אונטער אויף א געוויסע צייט אונטער דעם איינפלוס פונעם דייטשן שטייגער־מאָלער עדוואַרד גריצנער וועלכער מאָלט דאָס עפּיקורישע לעבן פון געוויסע דייטשע ספערן. נאָכמאַכנדיק גריצנערן אַלס מוסטער, מאָלט טרעמבאַטש אַ בילד, אויף וועלכן ער שטעלט פאָר צוויי גרויסע מאָנאַכן, וואָס לאָזן זיך וווילגיין אין אַ דייטשער ווײַן־שענק. אין יענעם פּעריאָד שאַפט אויך טרעמבאַטש די בעסטע בילדער זיינע, ווי: „די רעקאָנוואַלעסצענטקע", „דער באַרמהאַרציקער סאַמאַריטאַנין", „יאַנקל צימבאַליסט". אין דעם לעצטן בילד שטעלט טרעמבאַטש פאָר יאַנקלען פון „פּאַן טאַדעוש".

שפּעטער קומט פאָר אין טרעמבאַטשעס אופן פון מאָלן אַ קער אויף צוריק; ער פאַרנעמט זיך מיט מאָלן אַזעלכע בילדער ווי „סאַלוואַטער־ביר־קעלער", אין וועלכן ער שטעלט פאָר טיפּישע מינכענער שיכורים. צום סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט ווערט מאַוריצי טרעמבאַטש איינער פון די פּאָפּולערסטע פּוילישע מאָלער.

עס זאָגט וועגן דעם עדות צ. ב. דער אינטערעס, וועלכן ס'האָט אַרויסגעוויזן לגבי דעם יונגן מאָלער די גרויסע פּוילישע דיכטערין מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ. זייענדיק אין מינכען, האָט זי טרעמבאַטשן איבערגעשיקט אַ בריוו מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט: „גנעדיקער הער! איך האָב זיך פאַרפליכטעט פאַר דעם „וואַרשעווער אילוסטרירטן וואָכנבלאַט" אָנצושרייבן אַ ריי סקיצן פון די היגע אַטעליעס פון פּוילישע מאָלער. צי וועט איר מיר דערלויבן צו באַזוכן אייער אַטעליע און מיר אָנווייזן דעם טאָג און די שעה, ווען דאָס וועט אייך זיין אויף דער האַנט. מיט אַכטונג, מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ".

דעם דאָזיקן בריוו, ווי אויך נאָך אַ סך פּערזענלעכע דאָקומענטן האָט טרעמבאַטש אָפּגעהיט אין אַ ספּעציעלן אַלבום פון אָנדענקונגען, מיט וועלכן ער האָט זיך נישט געשיידט ביזן סוף פון זיין לעבן.

אין יאָר 1884 האָט מאַוריצי טרעמבאַטש דעביוטירט אינעם וואַרשעווער „סאַלאָן פון קריוולטן" מיט אַ טעמאַטיש בילד „די אָרעמע". אין 3 יאָר אַרום האָט ער שוין אויסגעשטעלט סיי אין וואַרשע, סיי אין קראָקע אַ גאַנצע ריי ערנסטע אַרבעטן. פאַר טרעמבאַטשן איז געווען אַ גרויסער כבוד דאָס פאַרבעטן אים אָנטיילצונעמען אין דער I אַלגעמיינער אויסשטעלונג אין קראָקע, וווּ דער פאָרזיצער פון זשורי איז געווען יאַן מאַטעיקאָ וועגן דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָט מען שפּעטער אַ סך געשריבן און אין קאַטאַלאָג, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויס־

שטעלונג, האָט זיך אויך געפונען אַ רעפּראָדוקציע פון מאַוריצי טרעמבאַטשס „סאַמאַריטאַנין“. דאָס דאָזיקע בילד האָט די פּוילישע קריטיק אויפגענומען מיט גרויס אָנערקענונג און אַלס רעזולטאַט דערפון איז געווען דאָס באַשטימען טרעמבאַטשן אַלס מיטגליד פון דער פּויזנער געזעלשאַפט פריינד פון דער וויסנשאַפט. פאַר דעם דאָזיקן בילד באַקומט אויך טרעמבאַטש אין קראָקע אַ מעדאַל. אויך די זאַכענטאַ, ווו דאָס בילד איז אין אַ צייט אַרום אויסגעשטעלט געוואָרן, האָט עס אויסגעצייכנט. אויך אַנדערע אַרבעטן טרעמבאַטשעס האָבן אים געשאַפן אַ רום אַלס גוטן קינסטלער. פאַר זיין „רעקאָנוואַלסצענטקע“ האָט ער אין פּאַריז באַקומען אַ בראָנזענעם מעדאַל. פאַר דעם „סאַמאַריטאַנין“, וואָס איז אויסגעשטעלט געוואָרן שפּעטער אין סאַן פראַנציסקאָ, באַקומט ער אַ גאָלדענעם מעדאַל. דער דאָזיקער דערפאָלג אַלס קינסטלער גייט אָבער נישט תמיד האַנט ביי האַנט מיט דעם מאַטעריעלן דערפאָלג, ווען טרעמבאַטש באַזעצט זיך אין יאָר 1909 אין לאָדזש, האָבן די דעמאָקראַטישע קונסט־קריטיקער נישט איינמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער משונהדיקער באַציונג פון די לאָדזשער בורזשואַזע ספערן צו דעם דאָזיקן טאַלאַנטירטן קינסטלער. זיי פרעגן, פאַרוואָס די לאָדזשער יידישע בורזשואַזיע באַציט זיך אַזוי גלייכגילטיק צו דעם דאָזיקן קינסטלער, וואָס איז דריי מאָל אויסגעצייכנט געוואָרן אין אויסלאַנד. חוץ דעם באַגעגנט זיך טרעמבאַטש מיט אַן אַנטיסעמיטישער באַציונג מצד דער פּוילישער בורזשואַזער געזעלשאַפט. אין יאָר 1902, צ. ב., האָט דער „קוריער וואַרשאַווסקי“ אָפּגעדרוקט אַן אָפּשאַצונג פון זיינע אַרבעטן, אויפווייזנדיק, אַז זיי האָבן נישט קיין שום קינסטלערישן ווערט. דאָס רופט אָבער אַרויס אַ לעבהאַפטע רעאַקציע מצד די דעמאָקראַטיש־געשטימטע פּוילישע קינסטלער, וועלכע האָבן אינעם בריוו, וואָס זיי האָבן איבערגעשיקט טרעמבאַטשן אויסגעדריקט זייער אויפגעבראַכטקייט צוליב דער דאָזיקער נישט גערעכטער אָפּשאַצונג און שיקן אים איבער האַרציקע ווונטשן פון ווייטערדיקער פרוכטבאַרער אַרבעט. אָבער די אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין לאַנד ווערן וואָס אַמאָל שטאַרקער. טרעמבאַטשן „פאַרגעסט“ מען אַלץ אָפטער איינצולאַדן אויף פּוילישע אויסשטעלונגען. זיינע בילדער באַגעגנט מען בלויז אויף די אויסשטעלונגען אין קליין־פּוילן. אין יאָר 1906 שטעלט ער אויס אין קראָקע צוזאַמען מיט סטאַניסלאַוו וויספּיאַנסקי, וולאַסטימיל האָפמאַן, און וואַסילי קאַנדינסקי. אין אַ יאָר אַרום — מיט יעזשי מערקלען אין לעמבערג. פון יאָר 1911 באַווייזן זיך טרעמבאַטשעס בילדער כמעט אויסשליסלעך אויף יידישע אויסשטעלונגען. פון דער צייט, ווען ער האָט זיך באַזעצט אין לאָדזש,

הייבט מאַוריצי טרעמבאַטש אָן צו מאָלן אויף יידישע טעמעס, ער מאָלט יידישע פאָלקס־טיפּן, שטייגער־סצענעס און פּאָרטרעטן. אָבער אויך די אַר־בעטן טרעמבאַטשעס, ווי אַ סך פריערדיקע, פאַרמאָגן נישט קיין אייגנהייט־לעכן גיוואָ. עס קעמפט אין זיי רעאַליזם מיט נאַטוראַליזם. פונדעסטוועגן שאַפט ער דעמלט אַ גאַנצע ריי פּרעכטיקע פּאָרטרעטן, וואָר דערגרייכן דעם ניוואָ פון דער איידלסטער פּאָרטרעטן־קונסט פון XIX יאָרהונדערט.

אינעם צווישן מלחמה־פּעריאָד אין לאָדזש האָט טרעמבאַטש גרויסע מאַטעריעלע דאגות. אמת, געוויסע קונסט־מעצענאַטן שטיצן אים נאָך און־טער. דאָך פאַרגעסט מען כמעט אינגאַנצן דעם דאָזיקן אַמאָל אַזוי באַקאַנטן מאָלער. עס דערגייט דערצו, אַז אין דער כראָניק פונעם צייטשריפט „שטוקי פּיענקנע" האָט זיך אין יאָר 1933 באַוויזן פאָלגנדיקער נאָטיץ אונטערן קעפּל „דער טרויעריקער גורל פון אַ קינסטלער": „דער פאַרדינסטפולער פאַר דער שטאָט לאָדזש קינסטלער מאַוריצי טרעמבאַטש, אַ מענטש שוין אַן עלטע־רער, לעבט אין שווערע באַדינגונגען, ווערט פאַרפאָלגט דורך פּראָצעסן פאַר נישט צאָלן דירה־געלט, איז באַדראָט עקסמיטירט צו ווערן. צו דעם אַלעם פאָדערט מען פון אים, ער זאָל באַלייגן אַן עקזאַמען פון מאָלעריי.

די צייטשריפט „שוויאַט" האָט געבראַכט אַ נאָטיץ וועגן אַ צווייטן סקאַנדאַל אין דער קינסטלער־וועלט, געמלער וועגן דעם, אַז די יערלעכע אויסצייכענונג פון דער שטאָט לאָדזש פאַר פּלאַסטיק איז אָנערקענט געוואָרן אַ גאָר יונגן מאָלער וולאַדיסלאַוו סטזשעמינסקין. אין צוזאַמענהאַנג דער־מיט שרייבט דער „שוויאַט": דער הויפּט־פּרעטענדענט דאַרף זיין דער ער־שטער קינסטלער, וועלכער לעבט אין דער גרעסטער נויט, אַ קינסטלער, וועל־כער האָט אויסגעשטעלט אין מינכען, פּאַריז, ווין, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַ פריינד און חבר פון וויערוש קאָוואַלסקי, בראַנד, מיט איין וואָרט—מאַוריצי טרעמבאַטש. אַ גאַנצע ריי פּוילישע מאָלער, זעענדיק אין וואָס פאַראַ נויט עס לעבט דער אַלטער מאָלער, האָבן זיך געוואָנדן אין דער קאַנצעלאַריע פון דעם דעמלטיקן פּרעזידענט מאָשטשיצקי מיט אַ ביטע אים צו באַשטימען לכל הפּחות אַ קליינע חודשלעכע פּענסיע אין דער הויך פון 200 זל. קיין ענטפער איז נישט געקומען.

אין דעם דערמאָנטן שוין אַלבום פונעם קינסטלער האָט זיך אויך גע־פונען אַ קאָפּיע פון אַ ביטע פון טרעמבאַטשעס טאָכטער מיט דער דאַטע פון יאָר 1929, וועלכע איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין מאַגיסטראַט פון דער שטאָט לאָדזש, אין וועלכער זי באַמיט זיך צו באַקומען דעם פרייען פּאָסטן פון אַ סטענאָטיפּיסטקע. אָבער אויך די ביטע איז געבליבן אָן אַן ענטפער.

אַט אין וואָס פֿאַרא לאַגע ס'האָט זיך געפֿונען מאַוריצי טרעמבאַטש אין די יאָרן פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין לאָדזשער געטאָ האָט דער אַלטיטשקער און קראַנקער קינסטלער געלעבט אין דער שרעקלעכסטער נויט. צוזאַמען מיט דער גענוג גרויסער משפּחה האָט ער זיך געמאַטערט אין אַ קליין צימערל. זייענדיק שווער קראַנק, איז ער כּסדר געלעגן אין בעט. דאָס ווייב זיינס (דאָס איז געווען זיין צווייט ווייב), וואָס איז יונגער געווען פֿון אים מיט קנאַפּע 20 יאָר, האָט געאַרבעט אין שניידער־רעסאָרט פֿון לאָדזשער געטאָ. טרעמבאַטש איז אין געטאָ אַלץ מער קראַנק געוואָרן און איז סוף כּל סוף געשטאָרבן פֿון הונגער און דערשעפּונג דעם 29 יאַנואַר 1941. ווען גורל פֿונעם קינסטלערס משפּחה איז בלויז באַוווּסט אַזוי־פֿיל, אַז זיין ברודערס זון טאַדעוש, אַ יונגער קינסטלער, וועלכער האָט שוין פֿאַר דער מלחמה געהאַט אַ שם פֿון אַ גוטן מאָלער — איז, צוזאַמען מיט נאָך מאָלער, וואָס האָבן געאַרבעט אין וואַרשטאַט פֿון טעבענסן, אַרויסגעשלעפּט געוואָרן אויפֿן אומשלאַג־פּלאַץ און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקי.

טייל בילדער טרעמבאַטשעס, וואָס זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און זענען נאָך דער מלחמה געבליבן אין לאָדזש, געפֿונען זיך איצט אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט.

אויך דער לאָדזשער קונסט־מוזיי פֿאַרמאָגט אייניקע אַרבעטן פֿונעם קינסטלער, צווישן זיי אַ בילד, וואָס טראָגט דעם נאָמען „מאַרטיראָלאָגיע". דאָס בילד שטעלט פֿאָר אַ נאַקעטן מענטשן, מיט אַ צעווייטיקט, ליידנדיק פּנים, וועלכער ליגט אויף דער פּלייצע, ער רוט אויף דער רויער ערד. נעבן אים זעט מען אַ טייל פֿון אַ געקנייטשט ליילעך. אויך דער וואַרשעווער נאַציאָנאַל־מוזיי און אייניקע אויסלענדישע מוזייען פֿאַרמאָגן מאַוריצי טרעמבאַטשעס בילדער.

# יאַנוש טרעפּלער

יאַנוש טרעפּלער איז געווען אַ קינסטלער, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ ווייכע, שטימונגספולע ליריק. ווער עס האָט פערזענלעך געקענט דעם קינסטלער און האָט אויך געזען זיינע בילדער, האָט בלי ספק געקאָנט פעסטשטעלן, אַז די בילדער זענען אזוי ווי אַ באַשטעטיקונג פון אויסערגעוויינלעכער סובטעלקייט פונעם קינסטלערס אופן פון רעאַגירן אויף דעם אַרום. פונעם אויסזען — אַ הויכער, גוט געבויטער, מיט אַ סימפּאַטיש, עטוואָס סענטימענטאַל פּנים. ער האָט אין גאַנצן געלעבט אין דער ספערע פון קונסט.

ער האָט וואַרשיינלעך געשטאַמט פון דער אַסימילירטער וואַרשעווער יידישער אינטעליגענץ. ער האָט שוואַך באַהערשט די יידישע שפּראַך. מיר האָבן זיך באַקענט אין יידישן ליטעראַטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13, ווו ער פלעגט אָפט אַריינקומען.

טרעפּלערס קונסט איז אינגאַנצן געווען דורכגעזאַפּט מיט זיין פערזענלעכקייט. זי איז געווען אַ נערוועזע און ראָמאַנטישע.

ביי דער גאַנצער פאַרביקייט פון זיין קאָלאָריסטישער גאַמע איז טרעפּלערס מאָלעריי געשטאַנען נאָענט צו קאַראָטן און קורבע. טרעפּלערס בילדער מאַכן אָפט דעם איינדרוק, אַזוי ווי דער טאַלאַנט פון זייער שאַפער וואָלט צייטווייליק פאַרהאַמעוועט געוואָרן. ס'פלעגט טרעפן, אַז די הייסע טאָנאַציע פון זיינע אַרבעטן האָט זיך איינגעלאָשן און איז איבערגעגאַנגען אין אַ כוואַליע פון מעלאַנכאָליע און אומעט.

יאַנוש טרעפּלער האָט זייער ליב געהאַט די פּוילישע נאַטור און האָט זיך באַמיט זי אַרויסצוברענגען אין איר גאַנצן צויבער. ער האָט זיך דערביי באַמיט אויסצומיידן יעטוועדע דעפאָרמירונג, מיט וועלכע ס'האָבן זיך אַזוי גערן באַנוצט די אימפּרעסיאָניסטן, כדי צו דערגרייכן העכערע מאָלערישע וואַלאָרן. אויך אויפן געביט פון פאַקטור האָט זיך טרעפּלער געריכ=

טעט ניכער מיט דער ענלעכקייט פון דעם פאָרגעשטעלטן קעגנשטאַנד. דערביי האָט ער געקאָנט שאַפן אַ מאָדנע אָנגעזאַפּטע שטימונג. ווען דער גרייסער פּוילישער קינסטלער טיטוס טשיזשעווסקי האָט איינמאָל באַזוכט די אויסשטעלונג אין דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט (וועלכע האָט אַגב אורחא נישט געמאַכט אויף אים קיין שטאַרקן איינדרוק), האָט ער געשריבן אין זיין רעצענזיע: „איך האָב פונדעסטוועגן באַמערקט עטלעכע גוטע לייוונטן, ווי טרעפלערס „מאַרק פּלאַץ אין קרעמעניץ“... טרעפלער האָט אויך אָנטיילגענומען אין דער אַלגעמיינער אויסשטעלונג אין פּויזן אין יאָר 1929 און אין אַ יאָר אַרום אין דער אַזוי גערופענער נאָוועמבער-אויסשטעלונג, וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין וואַרשע אין דעם הויז פון די באַריטשקעס אויף אַלטשטאָט. דער פאַקט פון פאַרבעטן טרעפלערן אָנטיילצונעמען אין די דערמאָנטע אויסשטעלונגען באַווייזט בולט, אַז מ'האָט אים טראַקטירט ווי אַן ערנסטן קינסטלער.

חוץ דער מאָלערישער טעטיקייט איז טרעפלער אויך געווען אין די לעצטע צוויי יאָר פאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה אַ פאַרוואַלטער פון דעם וואַרשעווער מוזיי א. נ. פון מאַטיאַס בערסאָן. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט טרעפלער אַריינגעלייגט אַ סך מי. די עקספּאָנאַטן פון דעם דאָזיקן מוזיי האָבן אין משך פון צענדליקער יאָרן זיך געפונען אין טונקעלע, ענגע לאָקאַלן, ווו פייכטקייט, שטויב און אומאָרדענונג האָבן אָנגעמאַכט אַ גרויסן חורבן. טרעפלער האָט זיך פאַרנומען מיט די עקספּאָנאַטן, האָט זיי קאַטאַלאָגירט און שוין אין יאָר 1938 זענען 2 זאַלן פון דעם מוזיי געעפנט געוואָרן פאַרן פּובליקום.

אין מוזיי א. נ. פון בערסאָן האָט טרעפלער געאַרבעט ביז סעפּטעמבער 1939, ד. ה. ביזן אויסברוך פון דער מלחמה. ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען, וואָס האָבן פּראָפּאַגירט קונסט צווישן יידן אין פּוילן. ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט אַלטערטימלעכקייטן. זייענדיק אין קרעמעניץ, האָט ער אויף איינעם פון זיינע בילדער פאַרפיקסירט די דאָרטיקע אַלטע שול, ווי אויך דאָס הויז, אין וועלכן ס'איז געבוירן געוואָרן יצחק בער לעווינסאָן.

נאָכן סעפּטעמבער 1939 האָט זיך טרעפלער אויסבאַהאַלטן אין לעמבערג, ווי ער האָט אַ סך געאַרבעט. ער האָט דאָ דערהאַלטן אַ סך באַשטעלונגען אויף פּאָרטרעטן. אין די יאָרן 1939—41 האָבן מיר זיך אָפט געטראָפן אין פאַרבאַנד פון קינסטלער פּלאַסטיקער אין לעמבערג.

נאָך יוני 1941 האָט טרעפלער צוזאַמען מיט זיין פרוי זיך אומגע-

קערט קיין וואַרשע. דאָ האָט ער געלעבט בעת דער אָקופּאַציע אויף אַזוי גערופענע „אַרישע פּאַפּירן" אונטערן נאָמען יאַנוש טרעפּליק. אַ געוויסע משפּחה פון דער פּוילישער שעפערישער אינטעליגענץ האָט אים געגעבן הילף. טרעפּליק האָט געשאַפן אין יענער צייט אייניקע פּאָרטרעטן פון דער דאָזיקער משפּחה.

ווען אין וואַרשע איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד, האָט טרעפּליק אין דער ראַנגע פון אַ קאַפּיטאַן געקעמפט אויף זשאָליבאָזש. ער האָט פאַר־טיידיקט דעם הענקעל־פּלאַץ. ווען ס'איז אָנגעקומען דער באַפעל פון באָר־קאָמאָראָווסקי צו קאַפּיטולירן, האָט טרעפּליק זיך נישט געוואָלט אונטער־וואַרפן און צוזאַמען מיט זיין אָפּטיילונג האָט ער געקעמפט ביזן סוף. ער איז אומגעקומען אויפן הענקעל־פּלאַץ מיט אַ העלדישן טויט.

# נאַטאַליע לאַנדאַו



נאַטאַליע לאַנדאַו האָט געשטאַמט פון וואַרשע פון דער משפחה רובינליכט. געב. אין 1907. זי האָט באַזוכט די דאָרטיקע קונסט־אַקאַדעמיע. זי האָט געהערט צו די קינסטלער, וועמענס שאַפן איז ביי זייער לעבן געווען אין שאָטן. נאַטאַליע לאַנדאַו איז געווען אַ מענטש אַן אידעישער, וואָס האָט געשטרעבט צו טאַט, צו זיין געזעלשאַפטלעך נוצלעך. זי האָט זיך באַמיט צו שאַפן אין דער אַממייסטן צוטריטלעכער פאָרם, אין אַזאַ, וואָס זאָל זיין פאַרשטענדלעך פאַר יעדן. צוליב דעם האָט זי אויסגעקליבן די טעכניק פון האָלצשניט, וואָס איז פשוט אָבער זשמודנע. אירע קינסטלערישע וויזיעס האָט זי אַריבערגעטראָגן אויפן פאַפיר מיט דער הילף פון הילצערנע פליטן, אויף וועלכע זי האָט מיזאַם אויסגעקריצט פאַרשידענע מאָטיוון, הויפּטזעכלעך פון אַרומיקן לעבן. זי האָט פאָרגעשטעלט אַ דאָרף מיט כאַטעס, וואָס זענען געדעקט מיט שטרוי, אַ דאָרפישן ברונעם, אַ שטאַל, אַ שייער און ביימער ארום. אויף דער פאָן האָט זי אויך געוויזן דעם מענטשן מיט זיין שווערער, איינגעשפּאַרטער ארבעט אין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ. זי האָט ליב געהאַט דעם פוילישן פויער און האָט געליטן צוקוקנדיק זיך צו דער נויט, וואָס האָט געהערשט אויפן דאָרף. אין אירע באַשיידענע מאָטיוון האָט זי זיך באַמיט אַריינצוטראָגן אַ לויטערע, באַרואיקנדיקע אַט־

מאָספּער, וואָס זאָל דעם צושויער פֿאַרשאַפֿן פֿרייד און דערלייכטערונג. זי איז געווען אַ קינסטלערין, וועלכע האָט פֿאַרמאָגט אַ סאָציאַלע טענ־דענץ. איר קונסט האָט זי באַטראַכט ווי אַ צושטייער צו די שטרעבונגען וועגן געזעלשאַפֿטלעכן יושר און גערעכטיקייט, פֿאַר אַ בעסערער צוקונפֿט. זי האָט געוואָלט, אַז די אמתע־שיינקייט זאָל נישט פֿאַרשטערט ווערן דורך דעם קאַמף פֿאַר דער עקזיסטענץ און נויט פֿון די פֿאָלקס־מאַסן. אַזוי האָט נאַטאַליע לאַנדאַו געשאַפֿן ביז סעפּטעמבער 1939. ס'איז פֿאַרשטענדלעך, אַז אירע אַרבעטן זענען נישט דערלאָזט געוואָרן צו עפֿנטלעכע אויס־שטעלונגען, דאָך האָבן זיי זיך באַוויזן פֿון צייט צו צייט דאָרט, ווו עס האָבן זיך געפֿאָדערט הויכע דערגרייכונגען אויפֿן געביט פֿון האָלצשניט. אינעם זשורנאַל „זשיטשע אי שטוקאַ“ פֿון יאָר 1939 (נומ. 143) ווערט דערמאָנט, אַז נאַטאַליע לאַנדאַו האָט אָנטיילגענומען אין אַן אויסשטע־לונג פֿון האָלצשניטן.

נאָכן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די קינסטלע־רין גלייך אַוועק קיין ביאַליסטאָק, ווו זי האָט זיך תיכף איינגעשלאָסן אין פּראָדוקטיווער אַרבעט. זי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז ס'איז געקומען די צייט ווען זי קאָן דינען דעם פּשוטן מענטשן.

ס'איז אָנגעקומען יוני 1941, זי האָט זיך נישט באַוויזן צו עוואַ־קוּירן אין דער טיף פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד. שפּעטער איז זי אַרייַנגעפֿאַלן אין געטאָ. זי איז געווען איינע צווישן די קינסטלער, וועלכע האָבן פּראָ־פּאַגירט צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג. נאַטאַליע לאַנדאַו איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ. עס איז געבליבן נאָך איר אַן איינ־אונאַיינציקע אַרבעט, אַ האָלצשניט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „אַ הייזל אויפֿן דאָרף“. די אַרבעט געפֿינט זיך אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

# קאַזשימיעזש ליבין



קאַזשימיעזש ליבין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1904 אין וואַרשע. זיין פאָטער האָט געענדיקט די דראַמאַטישע שול. דאָס לעבן האָט אים אָבער געצוווּנגען זיך צו פאַרנעמען מיט גאָר עפּעס אַנדערש. ער זאָל האָבן געווען זייער אַ מוזיקאַלישער מענטש און אַן עמפּינדלעכער אויף די פאַרשידנסטע אויסדרוקן פון קונסט.

נאָך בעת זיינע גימנאַזיע־יאָרן האָט דער ייִנגיטשקער קאַזשימיעזש ליבין זיך דערנענטערט מיט דעם באַקאַנטן אין יענער צייט מאָלער קזשישאַנאָווסקי, וועלכער האָט אים פאַרבעטן אויף אַ פּלענער קיין קאַרטוז.

נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע איז ליבין ארויסגעפאָרן קיין פּאַריז און דאָ איז ער אריינגעטראָטן אין דער פרייער קונסט־אַקאַדעמיע. דאָרט האָט ער שטודירט אַ פּאָר יאָר און שפּעטער זיך אומגעקערט קיין וואַרשע, ווו ער האָט אין דער דאָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע שטודירט ביים פּראָפעסאָר טאַדעוש פּרושקאָווסקי. דער אימפּולסיווער מאָלער האָט געוועקט ביי זיינע שילער ענטוזיאַזם פאַר לעבעדיקער קאָלאָריסטיק. ער האָט זיך באַצויגן צו זיינע שילער חבריש, דערלויבנדיק זיי אויף פאַרשידענע עקספּערימענטן. ס'זאָל האָבן געשען פאָלגנדיקער פאַקט: אַ געוויסע צייט־

שריפט האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ רעצענזיע, אין וועלכער דער רעצענזענט האָט על פּי טעות איבערגעגעבן, אַז דער טריפּטיק, וואָס איז געשיקט געוואָרן אויפֿן קאָנקורס, וועלכן ס׳האָט געמאָלדן דער סיים, איז איינס פֿון די בעסטע ווערק פֿון טאַדעוש פּרושקאָווסקי. אין דער אמתן אָבער האָט דעם טריפּטיק געשאַפֿן קאַזשימיעזש ליבין. טאַדעוש פּרושקאָווסקי האָט די דאָזיקע ידיעה אויפֿגענומען פֿון דער הומאָריסטישער זייט און צוגייענדיק צו ליבינען, וועלכער האָט געמאָלט אין דער אַטעליע, האָט ער לאַכנדיק אים דערציילט וועגן דעם טעות פֿונעם רעצענזענט. ליבין איז אַ געוויסע צייט געווען אונטערן איינפֿלוס פֿון זיין לערער. שפּעטער האָט ער זיך באַפֿרייט פֿון דעם דאָזיקן איינפֿלוס. אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט ליבין געשאַפֿן אַן אינטערעסאַנטע קאָמפּאָזיציע, וועלכע ער האָט אָנגערופֿן „שוואַכע און שטאַרקע“. דאָס איז געווען אַ פּרוּוו צו פֿאַרקערפּערן זיין פּערזאָן אין פֿינף פֿאַרשידענע פּסיכישע שטימונגען. אין איינעם שפּיגלט ער זיך אָפּ אין דער גאַנצער נאַקעטקייט פֿון זיינע חיהשע אינסטינקטן. אין דער צווייטער פֿאַרקערפּערונג זעען מיר אים אַלס שלעכטן, בייזן פֿאַרשוין, אין דער דריטער איז ער אַ שוצלאָזער און הילפֿלאָזער מענטש, אין פֿערטן איז ער אין אַ טרוימערישן צושטאַנד, פֿאַרטיפֿט אין צוהערן זיך צו עפּעס אַ הימישער מעלאָדיע.

אין דער זעלבער צייט האָט ליבין געשאַפֿן אַ קאָמפּאָזיציע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „רעוואָלוציע“. אין דעם דאָזיקן בילד, פּונקט ווי אין דעלאַקרואַס „באַריקאַדן“ און רידס „מאַרסעליעזע“, האָט דער קינסטלער געגעבן אַ קאָמפּאָזיציע פֿול מיט סצענישער אַקציע. אין אַ צווייט בילד א. נ. „די מגפֿה“ האָט ליבין אריינגעפֿירט געשטאַלטן פֿון גלחים און יידן, ארויסרופֿנדיק אַ פֿאַנטאַסטישן עפֿעקט. אין יאָר 1931 איז ליבין צוזאַמען מיט זיין פֿרוי אָפּגעפֿאָרן קיין פֿראַנקרייך, וווּ ער האָט פֿאַרבראַכט ביזן יאָר 1934. אין ניצע האָבן די ליבינס זיך באַפֿריינדעט מיט שלום אַשן און זיין פֿרוי. נאָכן אומקערן זיך קיין וואַרשע האָט ליבין איינגעאָרדנט אין איפּס אַן אויסשטעלונג פֿון זיינע בילדער, וואָס ער האָט געבראַכט פֿון פֿראַנקרייך, צוזאמען איבער 50 בילדער. די דעמאָלטיקע פּרעסע האָט אַ סך געשריבן וועגן אים און אים געלויבט.

אין משך פֿון דער צייט צווישן סעפּטעמבער 1939 און יוני 1941 האָט זיך ליבין געפֿונען אין לוצק, ווו ער האָט געמאָלט פּאָרטרעטן און אויך בילדער פֿון אייגענער איניציאַטיוו. אין דער צייט האָט ער אויס־געשטעלט סיי אין לוצק, סיי אין לעמבערג און אין קיעוו. זיינע בילדער

זענען געווען שטימונגספולע, דינאַמיזירטע און קאָלאָריסטישע. די ריכט־ליניע אין זיין שאַפונג איז געווען דאָס ארויסהייבן די כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן פון דער טעמע מיט דער הילף פון דרייסטע ליניעס.

אין יוני 1941 איז ליבין געשטעלט געוואָרן אין אַ שווערער לאַגע, ער האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן. אַזוי ווי אים איז נישט געלונגען ארויסצוקריגן זיך קיין ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער באַשלאָסן מיט אַ גרופּע מענטשן אריינקריגן זיך קיין וואַרשע. אויפן וועג זענען זיי אָבער אַלע אריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער זעלנער, וואָס האָט עסקאָרטירט די דאָזיקע גרופּע איז אויך געווען אַ גראַפיקער. באַמערקנדיק, אַז ליבין טראָגט אַ טעקע, האָט ער זי געהייסן עפענען און, איבערצייגנדיק זיך, אַז אין איר ליגן מאָלערישע אַרבעטן, האָט ער אים צוגעשטעלט צו אַזאַ אָרט, פון וואַנען דער קינסטלער איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ. אין געטאָ פלעגט צו אים קו־מען זיין אַרישע פרוי, באַזאָרגנדיק אים מיט אַלעם נויטיקן. נאָך אַ גע־וויסער צייט האָט ליבינס שוואָגער ד"ר סטעמפּניעווסקי אַרויסבאַקומען דעם קינסטלער פון געטאָ מיט דער הילף פון אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, וועלכער איז געווען אַ פּאַציענט פונעם דאָקטער. שפּעטער האָט מען לי־בינען אויסבאַהאַלטן אויף אַרישע דאָקומענטן אויף דער מאַרשאַלקאָווו־סקע־גאַס. זייענדיק אָפּגעזונדערט, האָט ער דאָרט געשאַפן אַ פּראָיעקט פון אַ קונסט־אַקאַדעמיע פאַר וואַרשע. אַזוי ווי אין זיין צימער האָט ער נישט געהאַט קיין טיש צו מעכנישע צייכענונגען, האָט ער דעם פּלאַן אויסגעפירט אין באַזונדערע פראַגמענטן, מאָלענדיק די צייכענונגען. אַזוי אַרום האָט ער געשאַפן נישט נאָר אַן אַרכיטעקטאָנישע קאָמפּאָזיציע פון דער פּלאַנירטער געביידע, נאָר אויך באַזונדערע זאַלן, טרעפּ אד"גל. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט ליבין ארויסגעוויזן אַ סך איינפאַלערישקייט און דעקאָראַטיווע פיינעזיע.

קאַזשימיעזש ליבין איז אומגעקומען אין די ערשטע טעג פון דעם וואַרשעווער אויפשטאַנד, ד. ה. אין אויגוסט 1944. דעמלט האָבן די דיי־טשן אַרויסגעשלעפּט פון דער טייל מאַרשאַלקאָווסקע, וו ליבין האָט זיך אויפגעהאַלטן אַלע מענער און זיי דערשאָסן.

# וואָלף מאַן



וואָלף מאַן איז געבוירן אין יאָר 1908 אין וואַרשע. דער נאָמען מאַן רופֿט ביי מיר אַרויס אַ מאָדנע אַסאָציאַציע. איך האָב אַמאָל פֿאַר דער מלחמה אין דרעזדן געקענט אַ יונגן קינסט־מאָלער אויך מיטן נאָמען מאַן. אויך ער האָט געהאַט טאַלאַנט און אַפֿילו דערפֿאָלג. ער האָט באַקומען די העכסטע אויסצייכענונג, וועגן וועלכער ס'קאָן טרוימען אַ יונגער קינסטלער — די רוימישע אויסצייכענונג. איך האָב אין דרעזדן אויסגעשטעלט זיינע בילדער. אין רעזולטאַט פֿון היטלערס קומען צו דער מאַכט האָב איך פֿאַרלאָזט דרעזדן און זיך אומגעקערט קיין פּוילן. אין וואַרשע זענען צו מיר דערגאַנגען קלאַנגען וועגן אַ צווייטן מאַן. איך האָב זיינע בילדער געזען אויף דער אויסשטעלונג, וואָס עס האָבן איינגעאָרדנט די יידישע פּלאַסטיקער אויף דער דלוגאַ גאַס. די אַרבעטן פֿון דעם מאַן זענען מיר נישט ווייניקער געפֿעלן ווי די דרעזדנער, זיי זענען אַפֿילו געווען אָריגינעלער, אורשפּרינגלעכער, מער עמאָציאָנירנדיק, ווי די ארבעטן פֿון יענעם מאַן. וואָלף מאַן, דער ייד, האָט נישט אויסגעצערטלט די פֿאַרב אזוי ווי יענער, ער האָט געמאָלט נישט בלויז כדי צו זוכן דאָס מאָלערישע, נאָר האָט פּרובירט פֿון „מיאוסע" מאָטיוון אַרויסבאַקומען די באַהאַלטענע

שיינקייט. די טעמעס פון זיינע בילדער זענען מייגסטנס גענומען פון יידישע מאָטיוון. ער האָט געוויזן זשעסטיקוליר־נדיקע יידן, האָט געמאָלן עפּעס אַן אָרעם געסל מיט זיינע איינוווינער, וואָס איז געווען פול מיט קאָנ־טראַסטן.

דער גרויסער יידישער גראַפיקער יוזעף בודקאַ, וואָס איז תמיד גע־ווען אין בערלין, האָט בעתן באַזוכן זיין געבוירנשטאָט פּלאָנסק געטראָפן דעם יונגן וואָלף מאַן בעת יענער האָט געפּרוּווט אין דעם אַלטערטימלעכן הילצערנעם שולכל אַ בערטראָגן אויפן לייוונט די שיינקייט פון דער אַל־טער אַרכאַמעגנטיק. בודקאַ איז געווען דערשטוינט, זעענדיק וויפל געפיל עס האָט אַרויסגעוויזן דער יונגער מאָלער ביים אַרויסברענגען די פינעזיע פון דער קאָמפּליצירטער יידישער אַרנאַמענטיק מיט אירע פאַנטאַסטי־שע חיות, קאָמפּליצירטע פלאַנצן, באַפּוצונגען אד״גל.

וואָלף מאַן האָט אין משך פון זיין קורצן לעבן נישט געהאַט קיין גרויסע סאַטיספאַקציע פון זיין קונסט. אומדזערע יידן אין פאַרמלחמה־דיקן פוילן האָבן זיך ווייניק אינטערעסירט מיט זייערע אַלטערטימלעכ־קייטן און די קינסטלער, וואָס זענען מיט דער טעמאַטיק פאַרכאַפּט גע־ווען, האָט מען געהאַלטן פאַר פּשוטע משוגעים. ווי שווער עס איז דעם היסטאָריקער צו באַשרייבן דאָס לעבן און שאַפן פון די דאָזיקע מאָגכ, וועלכע זעלטן ווען עמעצער האָט געקענט און וועגן וועלכע קיינער האָט גאָרנישט געשריבן. פּונקט אַזוי נישט גרינג וועט זיין דעם, וועלכער וועט וועלן רעקאָנסטרואירן דעם גאַנצן שאַפונגס־וועג פון דעם דערזדענער מאַן! ווען מען פּרובירט שרייבן וועגן אַזאַ יונגן קינסטלער, וועלכער איז אומ־געקומען אין בליענדיקן עלטער, און מען רופט אַרויס די וויזיע פון די באַזונדערע אַרבעטן זיינע, רוקט זיך נישט ווילנדיק אַרויס די פראַגע, ווי אַזוי וואָלט זיך אַנטוויקלט דער דאָזיקער מאָלער אין נאָרמאַלע באַ־דינגונגען.

וואָלף מאַן איז אין די יאָרן 1939—1941 געווען אין ביאַליסטאָק. בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע איז ער אומגעקומען אינעם דאָר־טיקן געטאָ און צוזאַמען מיט אים — אַלע זיינע ארבעטן.

# אפרים מאַנדעלבוים

אפרים מאַנדעלבוים איז געבוירן אין יאָר 1884 אין לובאַרטאָוו. זיין פאָטער איז געווען אַ סטאָליאַר. דער קליינוווקסיקער, נישט אָנזעעוודיקער אפרים האָט געהאַט אַ דעפאָרמירטן רוקנביין און איז בכלל געווען א קרענקלעכער. ער איז אָבער געווען זייער אַן עמפינדלעכער און פול מיט פארשידענע שטימונגען. שוין אַלס קליין ייִנגל, לעבנדיק אין אָרעמקייט, האָט ער געטרוימט וועגן קונסט. ווען ער איז געוואָרן, אַז אין לאָדזש געפינט זיך דער גרויסער מאָלער שמואל הירשענבערג, איז ער אַוועק צופוס קיין לאָדזש. ער האָט זיך געוואָלט ביי אים אויסלערנען שאפן שיינע בילדער. הירשענבערג האָט טאקע פארן יונגן קינסטלער געטאָן אַלץ, וואָס ער איז נאָר אימשטאַנד געווען. ער האָט זיך אויסגעסטאַרעט פאַר אים אַ סטיפענדיע, דערמעגלעכנדיק אים צו שטודירן אין דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע. מאַנדעלבוים האָט דאָרט שטודירט ביים גרויסן פוילישן קינסטלער יוזעף מעהאָפער. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די קינדער־יאָרן האָט מאַנדעלבוים, פונקט ווי הירשענבערג, פארבראַכט אין דער היים, וואָס איז פול געווען מיט זאָרג, דאָך זענען די טענער פון זיין פארבנפאַלעטע, להיפוך צו הירשענבערגן, מער לעבעדיקע, הייסע, כמעט עקזאָטישע. דינאַמיזירנדיק דעם אינהאַלט מיט דער הילף פון מאָדנע קאָלאָריסטישע טאָנאַציעס, האָט מאַנדעלבוים אַרויסבאַקומען שטאַרק עקספרעסיווע פאָרמען.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אפרים מאַנדעלבוים געמאַכט אַ רייזע קיין עגיפטן און פאַלעסטינע, ווו ער האָט שטודירט די אַלטערטימלעכע עגיפטישע און אסוריש־באַבילאָנישע שאַפונג. שפעטער האָט ער געקאָנט אין פאַריז פאַרגלייכן די גרויסע קונסט פון אַלטערטום מיט דער ריכטונג פון נעאָקלאַסיציזם, פון דער צווייטער זייט ווידער מיט

דעם אימפּרעסיאָניזם. מאַנדעלבוים איז אָבער געווען געגנוג שטאַנדהאַפּ=
טיק לגבי די פֿאַרשידענע פּאַריזער מאָדערניסטישע ריכטונגען אין דער
מאָלעריי.

זייענדיק אין אויסלאַנד, האָט דער קינסטלער געבענקט נאָך פּוילן,
נאָך זיין לאַנדשאַפֿט און מענטשן. ער האָט כסדר איינגעהאַלטן א קאָנ=
טאַקט מיטן לאַנד, איבערשיקנדיק אָפֿט זיינע בילדער אויף די פֿאַרשי=
דנסטע לאַנד=אויסשטעלונגען.

מאַנדעלבוים האָט פֿאַרמאָגט אין זיין נאַטור אי עפּעס אורשפּרינג=
לעכס, אי עפּעס קאָמפּליצירטעס, אַפילו אַ נייגונג צו דערפינדעריש=
קייט. ער האָט געקוקט אויף דער וועלט דורך דער פּריזמע פֿון סוביעק=
טיווע איבערלעבונגען און פֿון זיינס אַן אייגנאַרטיקער ראָמאַנטיק.

אין יאָר 1931 האָט דער באַרימטער פּאַריזער קונסט=הענדלער לע=
אָפּאָלד זבאַראָווסקי איינגעאָרדנט אין פּאַריז אַ געזאמלטע אויסשטעלונג
פֿון מאַנדעלבוימס אַרבעטן, וואָס האָט אין דער אָרטיקער פּרעסע
און צווישן זיינע חברים קינסטלער געהאַט א שטאַרקן אָפּקלאַנג. אין דעם
זעלבן יאָר האָט מאַנדעלבוים איינגעאָרדנט אַ גרעסערע אויסשטעלונג פֿון
זיינע אַרבעטן אין קראָקע און שפּעטער האָט ער די זעלבע בילדער אויס=
געשטעלט אויף דער אויסשטעלונג פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿט צו פֿאַר=
שפּרייטן קונסט אין וואַרשע. די מאָטיוון פֿון זיינע בילדער זענען געווען
נאַיווע, שטימונגספֿולע, הנעוודיקע און קודם כל האָבן זיי פֿאַרמאָגט אוי=
סערגעוויינלעך לעבעדיקע פֿאַרבן. צווישן זיי זענען געווען: „דאָס אייזע=
לע", „בלומען און אַ פּאַפּוגיי", „אַ מאַרק מיט אינדיקעס", „אַן איינגעפֿאַלן
הויז", „אַ פערדל מיט אַ וואָגן", „אַ ייִנגל מיט אַ שיסעלע", „א בלומען=
באַזאַר" און ענלעכע. מאַנדעלבוים האָט אויך געמאָלט פּאָרטרעטן. גישט
קוקנדיק אויפֿן דערפֿאָלג, וואָס זיינע אַרבעטן האָבן געהאַט, האָט דער
קינסטלער ס׳רוב געלעבט אין גרענעצלאָזער נויט, און זיין פרוי, אַ קראַנ=
קע אויף שווינדזוכט, האָט געמוזט שווער פיזיש אַרבעטן, כדי דער מאַן
זאָל זיך קאָנען פֿאַרנעמען מיט זיין באַליבטער קונסט.

בעת דער אָקופּאַציע איז אפרים מאַנדעלבוים צוזאַמען מיט זיין פרוי
אינטערנירט געוואָרן אין אַ לאַגער אין פראַנקרייך און שפּעטער זענען
זיי אַרויסגעפירט געוואָרן אינעם טויטן=לאַגער אָשוויענטשים, ווו זיי זע=
נען ביידע אומגעקומען.

דער נאַציאָנאַלער מוזיי אין קראָקע האָט פֿאַר דער מלחמה אָפּגע=

קויפט איינס פון זיינע בילדער „די גאַס“ פאַר דעם סימבאָלישן פּרייז פון 1 זל.

די כאַראַקטעריסטישע פיגור און פּנים פון אפרים מאַנדעלבוים איז געווען אַן אינטערעסאַנטער מאָדעל פאַר אַ סך פון זיינע חברים — קינסטלער. צווישן אַנדערע האָבן אים פּאָרטרעטירט ראָמאַן קראַמשטיק און לעאָפּאָלד גאָטליב.

# רישאַרד מאָשקאָווסקי

רישאַרד מאָשקאָווסקי איז געבוירן געוואָרן דעם 6־טן פעברואַר 1906 אין ליעזש (בעלגיע), וווּ זיין פאָטער האָט שטודירט אויף דעם פּאָליטעכניקום. רישאַרד איז געווען דאָס עלטסטע קינד פון זיין פאָטער קאַזשימיעזש מאָשקאָווסקי און מוטער באַלבינע, פון דער היים — וועלט. ער האָט געהאַט צוויי שוועסטער, פון וועלכע די יונגערע אורשולא איז, צוזאַמען מיט אים, אומגעקומען אין וואַרשע. אין זייער הויז פלעגן אַריינקומען מוזיקער, פּאָעטן, מאָלער, אַזוי, אַז דער יונגער רישאַרד האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך פריי צו טרעפן מיט מענטשן פון דער קינסטלערישער וועלט. רישאַרד האָט נישט איינמאָל אַרויסגעהאָלפן זיינע עלטערע חברים, וואָס האָבן שטודירט אויף דעם פּאָליטעכניקום, אינעם אויספירן אַרכיטעקטאָנישע צייכענונגען. ער האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ מאָלערישן טאַלאַנט.

נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע פאָרט ער אַרויס קיין גענט אויף פּאָליטעכנישע שטודיען, ווו ער טרעט גלייכצייטיק אַריין אין דער קונסטאַקאַדעמיע. פאַר זיינע קינסטלערישע אַרבעטן באַקומט ער אַ זילבערנעם און בראָנזענעם מעדאַל. ער באַקומט אויך די ערשטע פּרעמיע פאַר סקולפּטור. „דער גרויער הימל פון פלאַנדריע און די מאָנאָטאָנע אַטמאָספער פון גענט — שרייבט פון פּאַריז מאָשקאָווסקיס שוועסטער האַנקאַ — אַנטשפּרעכן נישט דער דאָזיקער פילבאַרער נאַטור, פול מיט בענקשאַפט". נאָך אַ יאָר שטודיען פאָרט דער קינסטלער אָפּ קיין פּאַריז, וווּ ער בלייבט ביזן יאָר 1937. דאָ שטודירט ער סקולפּטור ביי מאַיאָלן און אַרבעט אויך אַ פּאָר חדשים ביים באַרימטן סקולפּטאָר בורדעל (דער שעפער פון מיצקעוויטש־דענקמאָל אין פּאַריז). האָבנדיק די מעגלעכקייט צו אַרבעטן ביי אַזעלכע סקולפּטאָרן, ווערט מאָשקאָווסקי אַ גוטער

פלאַסטיקער. אויך אַרכיטעקטור פאַרבינדט מאָשקאָווסקי מיט אָרנאַמענטיק, איינשליסנדיק אין די פלענער פון די געביידעס סקולפטורישע פראַגמענטן. אַזוי צום ביישפיל האָט ער פאַר איינע פון די געפלאַנירטע געביידעס געשאַפן אַ ריזיקע סקולפטור, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גרויסער נישע. די דאָזיקע קאָמפאָזיציע, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אין קלאַסישן סטיל, שטעלט פאָר אַ קניענדיקן נאַקעטן מאַנספאַרשוין, וועלכער קאָוועט אַ סערפ, וואָס עס האַלט אַן איינגעבויגענע פרויען־געשטאַלט. די אָפטע רייזעס קיין איטאַליע, איבערהויפט קיין פלאָרענץ, האָבן אַ שטאַרקן איינפלוס אויף זיין אופן פון מאָדעלירן לויטן מוסטער פון די קלאַסישע סקולפטורן. מאָשקאָווסקיס סקולפטורן זענען מעלאָדישע, זייער האַרמאָנישע, אָבער טיילמאָל אַזוי ווי צערעמאָניאַלע אין זייער ערנסטקייט. אין זיינע קאָמפאָזיציעס אין קליינעם פאָרמאַט, אין די שטודיען פון פרויען און מענער־אַקטן, קינדער־קעפלעך אין בראָנז און מאַרמאָר, אין די קעפ פון פאַונען און ענגלעך וואַרפט זיך אין די אויגן די פיינקייט פון דער ראַפינירטער ריטמיק, וואָס עס איז דער יסוד פון דער קאָנסטרוקציע פון זיינע פיגוראַלע סקולפטורן.

רישאַרד מאָשקאָווסקי האָט מיטגעאַרבעט אינעם לעצטן יאָר פון זיין פאַרברענגען אין פאַריז מיט זיינס אַ חבר און גלייכצייטיק אַ שוואָגער, דעם אינזשעניער וויסבוים, און צווישן אַנדערע האָבן זיי געשאַפן צוזאַמען אַ זייער שיינעם פראָיעקט פון אַ האַנגאַר אין דער פאָרם פון אַ בעכער.

ס'איז ווערט אונטערצושטרייכן, אַז רישאַרד מאָשקאָווסקי האָט זיך אינטערעסירט אויסער מיט אַרכיטעקטור און סקולפטור אויך מיט דער געשיכטע פון דער קונסט, מיט פילאָזאָפיע און אויך מיט עקזאַקטע וויסנשאַפטן, ווי פיזיק און ביאָלאָגיע. ער האָט פאַרמאָגט אַ מילדן, רואיקן כאַראַקטער און איז געווען זייער אַ סימפאַטישער מענטש.

איינע פון זיינע אַרכיטעקטאָנישע אַרבעטן האָט אים געמאַכט שטאַרק באַרימט. ער האָט געמלעך אויסגעפירט צוזאַמען מיטן עדינבורגער אַרכיטעקט וויליאַמי אַ טעאַטער־מאָדעל פאַר דער שטאָט כאַרקאָוו. דער דאָזיקער מאָדעל האָט זיך באַוויזן אין יאָר 1932 אויף דער אויסשטעלונג אין פאַריז.

אין יאָר 1937 איז מאָשקאָווסקי געקומען קיין פוילן. ס'וועט אויך נישט זיין איבעריק צו באַמערקן, אַז מאָשקאָווסקי האָט זיך שטענדיק אינטערעסירט מיטן קולטורעלן לעבן אין לאַנד און, זייענדיק אין אויס־

לאַנד, האָט ער שטענדיק אונטערגעשטראָכן, אַז ער איז אַ פּאָליאַק. דער קינסטלער האָט זיך איינגעאָרדנט אין וואַרשע, וווּ ער האָט געהאַט אַן אַטעליע אויף דער שניאַדעצקי־גאַס. די יאָרן וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין לאַנד זענען אויסגעפילט געוואָרן מיט איבערהאַפּטער שעפערישער אַרבעט סיי אויפן געביט פון אַרכיטעקטור, סיי פון סקולפּטור.

עס איז געקומען סעפּטעמבער 1939. וואַרשע האָט זיך פאַרטיידיקט. אויך מאָשקאָווסקי האָט געקעמפט. שפּעטער האָט ער געלעבט אויף דער אַזוי גערופענער אַרישער זייט, וווּ ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט דער פרוי, דער באַקאַנטער פּיאַניסטקע רוזשע עטקין און זיין שוועסטער אורשולאַ, אויך אַן אַרכיטעקט. האָבנדיק אַסך פריינד צווישן פּאָליאַקן, האָט מאָשקאָווסקי אין די דאָזיקע שווערע צייטן געפונען הילף מצד זיי. עס האָט אים צום ביישפּיל נישט איינמאָל אויפגענומען דער באַרימטער פּוילישער פאָרשער פון דער אַרקטיק פּראָפ. דאָבראָוואָלסקי.

נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון באָר־קאָמאָראָווסקי, האָבן די דייטשן אַרויסגעטריבן כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג פון וואַרשע אין דער ריכטונג פון פּרושקאָוו. בלויז אַ קליינע צאָל מענטשן איז געלונגען זיך צו באַהאַלטן אין די רואינען און בונקערס. אַמווייניקסטן האָט געליטן זשאָליבאָזש. דאָרט האָט ער אין איינעם פון די בונקערס געפונען אַ באַהעלטעניש פאַר זיך און דער משפּחה. אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר 1945, כמעט אַ פּאָר טעג פאַר דער באַפרייאונג האָבן די דייטשן אַנטדעקט דעם בונקער, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען די מאָשקאָווסקיס. מ'האָט זיי אַרויסגעשלעפּט און אויף אַ בעסטיאַלישן אופן דערמאָרדעט.

# רעגינע מונדלאַק

רעגינע מונדלאַק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1887 אין קאַלעסקי, אַ דאָרף לעבן לאָמזשע. פון די פריסטע יאָרן האָט זי ליב געהאַט צו צייכענען. די נויט האָט זי אַרויסגעטריבן פון לאַנד. אַלט זייענדיק 14 יאָר איז זי געצוווּנגען געווען צו עמיגרירן, כדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. זי איז אָפּגעפאָרן צוזאַמען מיט דער מוטער קיין בערלין. אין דער דאָזיקער רייזיקער שטאָט איז ביידע פרויען זייער שווער געווען זיך אַן עצה צו געבן. זיי קאָנען נישט געפינען קיין אַרבעט און ליידן נויט. וועגן דער יונגער, טאַלאַנטפולער גראַפיקערין איז געוואָר געוואָרן דער גרויסער דייטשער מאָלער מאַקס ליבערמאַן. ער האָט געהייסן דעם מיידל קומען צו זיך. זי האָט מיט זיך געבראַכט אַ פולע טעקע מיט אירע אַרבעטן. די אַרבעטן זענען געפעלן ליבערמאַנען און פון איצט אָן שאַפט ער איר מעגלעכקייטן פאַר איר ווייטערדיקער קינסטלערישער אויסבילדונג. רעגינע שטודירט מיט גרויס התמדה — איר טאַלאַנט וואַקסט און קרעפטיקט זיך. דאָך איז זייער שווער געווען די דאָזיקע צוויי פרויען זיך אויסצוהאַלטן אין דער פרעמד. באַזונדערס שווער איז דער מוטער רעגינעס, וועלכע קאָן זיך נישט צוגעוווינען צום גרויסשטאָטישן לעבנסשטייגער.

אין יאָר 1902 האָט דער באַקאַנטער גראַפיקער ע. מ. ליליען פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אינעם זשורנאַל „אָסט-וועסט“, אין וועלכן ער שרייבט זייער וואַרעם וועגן דעם טאַלאַנט פון דער יונגער קינסטלערין און רופט צו העלפן דעם דאָזיקן יינגן טאַלאַנט. ער אַליאַרמירט וועגן די שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע עס געפינט זיך רעגינע מונדלאַק צוזאַמען מיט איר מוטער. דאָס איז אָבער ווייניק אָנגעגאַנגען דער יידישער בורזשואַזיע. די קינסטלערין איז דעריבער געצוווּנגען צוזאַמען מיט איר

מוטער צו פֿאַרלאָזן בערלין. אין יאָר 1903 קערט זי זיך אום קיין קאָנגרעס=פּוילן. אין אַ יאָר אַרום איז אויסגעבראָכן די רוסיש=יאַפּאַנישע מלחמה. דער צאַריזם פֿירט אַ פֿאַרביסענעם קאַמף קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט פֿון וואַרשע און לאָדזש, אויפֿהעצנדיק פֿאַרשיידענע עלעמענטן צו אַנטי=יידישע פּאָגראָמען. דערשיטערט צוליב די דאָזיקע געשעענישן פֿאָרט רעגינע ווידער אָפּ קיין בערלין, דאָסמאָל צוזאַמען מיט איר מוטער און שוועסטער. רעגינע איז דעמאלט אַלט קוים 18 יאָר. אין משך פֿון דער צייט איז זי געוואָרן אַ רייפֿע קינסטלערין. אין בערלין האָט זיך ווידער פֿאַרנומען מיט איר גורל מאַקס ליבערמאַן. ער דערמעגלעכט איר אויסצושטעלן אירע אַרבעטן אין דעם קונסט=סאַלאָן פֿון פּאַול קאַסירער. די בערלינער פּרעסע האָט דעמאלט פֿאַרעפֿנטלעכט אויספֿירלעכע און פּאָזיטיווע רעצענזיעס וועגן די אַרבעטן פֿון דער קינסטלערין. אויך דער יידיש=דייטשישער קינסטלער הערמאַן שטרוק האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ גרויס אַרטיקל וועגן רעגינע מונדלאַקס שאַפֿן. ער האָט אויך אָפּגעדרוקט איינציקע רעפּראָדוקציעס פֿון אירע אַרבעטן. אָבער בלויז געציילטע מענטשן, איבערהויפּט קינסטלער, האָבן זיך אַנטציקט מיט די אַרבעטן פֿון דער טאַלענטירטער קינסטלערין. די קנאַפּע פֿאַראינטערעסירונג פֿון דער יידישער בורזשואַזיע דערקלערט זיך דערמיט, וואָס רעגינע מונדלאַק האָט פֿאָרגעשטעלט אין אירע גראַפֿישע אַרבעטן אויסשליסלעך די אָרעמקייט, גראָע קליינע מענטשן, זייער גורל, ווייטיק און זאָרגן. די טעמע פֿון אירע אַרבעטן זענען געווען מייסטנס קבצנישע יידן, אָרעמע קינדער און עגלעכע. אירע אַרבעטן אָטעמען מיט הומאַניזם און מיטגעפֿיל פֿאַר דער דאָזיקער וועלט פֿון נויט, צו וועלכער זי האָט אויך געהערט. זי איז געווען ביי יידן אין פּוילן אַ מין קעטע קאָלוויטץ (די גרויסע דייטשע גראַפֿיקערין, וואָס האָט מייסטנס פֿאָרגעשטעלט די נויט פֿון דייטשן פּראָלעטאַריאַט).

רעגינע מונדלאַק האָט, וואָס אַז אמת, געפֿונען מעצענאַסן, מענטשן, וועלכע האָבן באַוווּנדערט איר קונסט. אָבער וועגן פֿאַרקויפֿן אַרבעטן איז קיין רייד נישט געווען. זיי האָבן זיך דעריבער אָנגעזאַמלט און די קינסטלערין האָט זיי טרויעריק באַטראַכט, פֿעסטשטעלנדיק מיט ביטערניש, אַז הגם אירע אַרבעטן זענען אָפּגעשאַצט געוואָרן אַלס ערשטקלאַסיקע, זענען זיי דאָך קיינעם נישט נייטיק. אינעם קרייז פֿון אירע פֿאַראינטערעסירונגען האָט זי אויך איינגעשלאָסן די דאָרפֿישע אָרעמקייט, וועלכע זי האָט, אַלס געבוירענע אויפֿן דאָרף, זייער גוט געקענט. אין אירע גראַפֿישע אַרבעטן

ניִיען אַדורך פאַרשידענע טיפּן פון יידישע טרעגער, באַלמעלאָכעס, אָרעמע קינדער, עפּעס אַן אומגליקלעך הויקערל, אַ שרייבער אויפן בית-עולם, טיפּן פון מושב-זקנים-הויז, אַ מיידעלע מיט פּיעטרושקעס, אַ יידענע וואָס לאַטעט אַ פּאָר הויזן ביים שוואַכן שיין פון אַ קליין נאַפט-לעמפּל און נאָך אַ סך ענלעכע טעמעס. דאָס איז געווען אַזוי ווי אַ טיפּן-גאַלעריע פון אַ קליין יידיש שטעטל אָדער פאָרשטאָט, מענטשן, וואָס די לעצטע מלחמה האָט אָפּגעמעקט פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד.

בעת דער היטלער-אָקופּאַציע האָט רעגינע מונדלאַק זיך געפונען אין געם וואַרשעווער געטאָ. אַ באַשיידענע און ווי תמיד אַ הילפסלאָזע און דערצו שוין נישט קיין יונגע און קראַנקע, האָט די קינסטלערין געלעבט אין שווידערלעכער נויט. מ'האָט איר פון צייט צו צייט אַ ביסל ארויסגעהאָלפן, אָבער דאָס איז ווייט נישט געווען גענוגנדיק. אין זיין טאָג-בוך פון וואַרשעווער געטאָ דערמאָנט אויך ד"ר עמנואל רינגעלבלום וועגן גורל פון רעגינע מונדלאַק. שרייבנדיק וועגן פעריאָד, ווען אין וואַרשעווער געטאָ האָבן זיך פאַרגרעסערט די צאָל „אויסזידלונגען", ד. ה. אין זומער 1942, דערציילט רינגעלבלום, אז אויפן אומשלאַג-פּלאַץ האָט זיך אויך געפונען רעגינע מונדלאַק. דעמלט האָט ער צום ערשטן און לעצטן מאָל ריזיקירט צו איטערווענירן פאַר עמעצן. ער איז געמלעך צוגעגאַנגען צום קאָמענדאַנט פון פּלאַץ, שערינסקין, און געבעטן ער זאָל אויסשליסן פון דער „אויסזידלונג" דריי פּערזאָן, צווישן זיי אויך רעגינע מונדלאַק. אָבער אַלס ענטפער האָט דער צעוישעטער שערינסקי אַ וואָרף געטאָן זיך אויף רינגעלבלומען מיט זיין שפּיצרוט. עס איז נישט געלונגען אָפּצוראַטעווען די קינסטלערין. צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע יידן איז זי אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און איז אומגעקומען אין דאָרטיקן טויטן-לאַגער.

# שמעון מילער

שמעון מילער האָט געשטאַמט פון אַן אָרעמער קראָקעווער האַנטווערקער־משפּחה. זיי זענען געווען 4 ברידער. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ קליינעם פיזישן דעפעקט, איבערהויפּט אין דער אויסשפּראַך. שמעון אַליין איז געווען טויב און ווי די איבעריקע ברידער זייגע געשטאַמלט. די ברידער שמעונס זענען געווען אַלע באַלמעלאָכעס, בלויז שמעון, וועלכער האָט געהאַט אַ נייגונג צו פּלאַסטישער קונסט, איז געוואָרן אַ מאָלער. ער האָט שטודירט אין דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע ביים באַרימטן פּוילישן קינסטלער וואָיטשעך וויים.

שמעון מילערס קונסט איז געווען אַן אייגנאַרטיקע און האָט מיט גאָרנישט נישט דערמאָנט די פּלאַסטישע פאָרם פון זיין פּראָפעסאָר. די שאַפונגען פון מילערן פאַראייניקן אין זיך אַ שכלדיקן אופן פון פאָרמירן, און אַ געפיל פון אַ טרוימער. דער קינסטלער האָט געשאַפן בילדער אויסערגעוויינלעך פּשוטע און לעזבאַרע, אָבער גלייכצייטיק זענען זיי געווען דורכגעזאַפּט מיט אַ טיפער מעלאַנכאָליע און אַרויסגעבראַכט אין אַ זעלטענעם, קרישטאָלענעם קאָלאָריט. עס איז צו באַוואונדערן די פאַרשיידנאַרטיקייט פון זיין פאַרבן־טאָנאַציע, ווי אויך די דעליקאַטקייט פון דער פאַרבנשפּיל, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע בילדער.

ביים קינסטלער טרעפן מיר אַרבעטן, וואָס ווירקן זייער שטימונגספול, אַדאַנק דער שטילקייט, וואָס זיי פאַרמאָגן. שמעון מילער איז אָן שום ספק געווען אַן אויסערגעוויינלעכער וויזיאָנער, מיט אַן אומרואיקן גייסט. דעריבער זענען די קאָלאָריסטישע קלאַנגען פון זיין פּענדזל, נישט קוקנדיק אויף דער שטאַרקער פאַרבן־לאַדונג, עפּעס אַזעלכע אומעטיקע, טיילמאָל גרענעצן זיי זיך אפילו מיט פאַרצווייפלונג. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז די שאַפונגען פון דעם דאָזיקן קינסטלער, וועלכער האָט זיין

גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אינעם ענגן קרייז פון דעם קראָקעווער יידישן קליינבירגערטום, זענען אין זייער קאָלאָריסטיק זייער נאָענט צו דער מאָלעריי פונעם גרויסן פראַנצויזישן מייסטער פּאָל סעזאַן.

שמעון מילער האָט געהערט צו דער קראָקעווער מאָלער־גרופּע „יעד־נאָרונג", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1925. צו דער דאָזיקער גרופּע האָבן געהערט אַזעלכע קינסטלער, ווי יאַן רובטשאַק, פעליקס שטשעזנסני קאָוואַרסקי, יאַן הרינקאָווסקי, טאַדעוש סעווערין. שמעון מי־לער איז געווען דער איינציקער ייד צווישן זיי. ער האָט פאַרנומען אין דער גרופּירונג דעם ערן־אַמט פון אַ קאַסיר. מילערן האָט מען צוגעלאָזט צו די ערנסטע, רעפּרעזענטאַטיווע אויסשטעלונגען. צווישן אַנדערע האָט ער אין יאָר 1929 אָנטיילגענומען אין דער פּויזנער אויסשטעלונג. אויף דער 71־טער זייט פונעם קאַטאַלאָג פון דער דאָזיקער אויסשטע־לונג האָט זיך געפונען אַ רעפּראָדוקציע פון איינעם פון די אויסגעשטעל־טע בילדער זיינע א. נ. „הייזלעך און ביימער". שמעון מילער האָט גע־הערט צו די ווייניקע קינסטלער, וועלכע האָבן געהאַט אויף דער אויס־שטעלונג עטלעכע אַרבעטן. די טעמאַטיק פון די אויסגעשטעלטע אַרבעטן איז פאָלגנדיקע: „אַ ביידל פון אַ וועכטער", „דער באַזאַר", „אַן אויסזיכט אויפן מאַריאַצקער טורעם", „די סימפאָניע" און „כאַטעס".

דאָס הייסט אָבער נישט, אַז מילער האָט געהאַט גרויס דערפאָלג, מ'האָט אים, וואָס אַן אמת געשעצט אין די קינסטלערישע קרייזן, דאָך האָט ער ווייטער געלעבט אין דחקות, ווייל אַלס ייד האָט ער נישט גע־פונען קיין קונים אויף זיינע בילדער.

די מאַטעריעלע לאַגע זיינע האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט, ווען אין דייטשלאַנד איז געקומען צו דער מאַכט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליס־טישע קליקע, וואָס עס האָט גורם געווען, אַז אויך אין פּוילן איז געוואַקסן דער פאַשיזם. דאָס האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף די באַציונגען אין די קינסטלערישע קרייזן. ריקזיכטלאָז און קאָטבלוטיק האָט מען אָפּגע־שטויסן טאַלאַנטירטע מענטשן, דאַקעגן זענען אונטערגעשטיצט געוואָרן די, וואָס האָבן געהאַט פּראָטעקציע.

שמעון מילער האָט געהאַט זיין אַטעליע אויף אַ בוידעם־שטיבל אויף קראַוואַדערסקי 79. ביז וואַנען מ'האָט זיך געקאָנט צו אים אַרויפ־קריגן, האָט מען געמוזט דורכגיין אַ גאַנצן לאַבירינט פון בוידעמער, און אויב מ'איז שוין דערגאַנגען, האָט מען געדאַנקט גאָט, אַז מ'האָט נישט צעבראָכן האַלדז און נאַקן. דאָרט טאַקע, אַרויסקוקנדיק דורך זיינע

קליינע בוידעם־פענצטערלעך, האָט שמעון מילער געכאַפּט די זון־שטראַלן, האָט זיי אַטאָמיזירט אין פּאַראַיבּיקט אויף זיינע לייוונטן. ער האָט זיי קאָנדענסירט אין קאָנטורן און פלאַכן און זיי צוגעגעבן אַן ארכיטעקטאָנישע פאָרם, האָט געשאפן פאַרשידענע סצענעס און פלאַסטיש אַרויסגעבראַכט זיינע קאָמפּאָזיציעס.

שוין אין יאָר 1918 האָט די וואַרשעווער זאַכענטאַ אויסגעשטעלט צוויי בילדער זיינע: „דאָס וויינענדיקע קינד“ און אַן אויטאָפּאָרטרעט. אויף דער אויסשטעלונג, וואָס די וואַרשעווער יידישע קהילה האָט איינגעאָרדנט, האָט מילער אויך צוגעשיקט צוויי בילדער: „שטיללעבן“ און „אַ פרוי, וואָס טוט זיך אָן“. אינעם זשורנאַל „שטוקי פּיענקנע“ פון יאָר 1927 געפינט זיך אַ רעפּראָדוקציע פון זיין בילד „דער הויף“. אין יאָר 1930 האָט מילער אָנטייל גענומען אין דער קראָקעווער אויסשטעלונג פונעם יידישן פלאַסטיקער־פאַרבאַנד, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אינעם אָרטיקן יידישן סטודענטן־הויז. אין יאָר 1932 האָט ער אָנטייל גענומען אין דער אויסשטעלונג פון די יידישע פלאַסטיקער אין קאַטאָוויץ. אין יאָר 1934 האָבן מילערס בילדער זיך באַוויזן אויף דער אויסשטעלונג, וואָס עס האָט איינגעאָרדנט דער פּראָפ. וואָיטשעך וויים, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט זיינע בעסטע שילער. אין דעם זעלבן יאָר האָט ער אויך אָנטייל גענומען אין דער אויסשטעלונג, וועלכע ס'האָט איינגעאָרדנט די יידישע געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט. ער האָט דאָרט אויסגעשטעלט די בילדער „דער יאַריד אויפן קראָקעווער קוזמיר“, „קראָקעווער גאַסן“ און “דאָס געסל“.

מילער האָט אויך קאָמפּאָנירט בילדער פון דאָרפישן לעבן. איינס פון די דאָזיקע בילדער איז אַ פּאַסטעל, וואָס שטעלט פאָר רועדיקע פּויערים. ס'איז זיך שווער צו אָריענטירן, צי זיי רוען נאָך דער אַרבעט, צי נאָך אַ וויטן וועג. די פאָרם פון דער קאָמפּאָזיציע שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּיראַמידע, די גאַנצע גרופּע איז שטאַרק צונויפגעפּרעסט. די געשטאַלטן אויפן ערשטן פלאַן זענען זיצנדיקע, אויפן צווייטן פלאַן — שטייענדיקע. די אַטמאָספער, וואָס רינגלט אַרום די מענטשן, ווי די גאַנצע גרופּע בכלל, איז עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכע. מיט דער הילף פון פלאַסטישע מיטלען שאַפט מילער אַן אָנגעזעטיקט נאַטור־בילד, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט אַן עקזאָטישן קאָלאָריט. דערביי דערוויטערט זיך נישט דער קינסטלער פון דעם אמת פון דער נאַטור און פונעם וועזנטלעכן בילד פון די מענטשן מילער האָט פאַרמאָגט די פעיקייט אויסצודריקן מיט דער הילף פון פאַרבשטאַרקע לירישע שטימונגען. אמתע וואונדער האָט ער באַוויזן מיט אַק־

וואַרעל־פּאַרבן. ער האָט מיט זיי אַרויסבאַקומען פּראַכטפולע קאָלאָריסטישע עפעקטן און די מאָטיוון זיינע האָבן פאַרמאָגט אַ שלל פון לירישער פּאָעזיע.

שמעון מילערס בילדער זענען צעשפּרייט געווען איבערן גאַנצן לאַנד. זיי האָבן זיך אויך געפונען אין אייניקע לאַנד־גאַלעריעס. אזוי צ. ב. האָבן זיך געפונען אין שטאָטישן מוזיי אין בידגאָשטש די בילדער: „באַטעס“, „די סקאַלקעס“, „דער שאָטן“ און „די אַלטע שטיגן“.

בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע האָט זיך שמעון מילער צוזאַמען מיט זיין פרוי, זון און טאָכטער געפונען אין קראָקעווער געטאָ. אין זומער 1942 איז ער צוזאַמען מיט די איבעריקע קראָקעווער יידן ארויסגעפירט געוואָרן אין אַ טויטן־לאַגער.

# אברהם מענדעלסאָן

אברהם מענדעלסאָן איז געבוירן געוואָרן דעם 5=טן מאַי 1913 אין לובלין. זיין פאָטער וואָלף איז געווען אַ קאַמאַשנמאַכער. די עלטערן האָבן אים אָנהייב געשיקט זייער זון אין חדר, שפּעטער האָט ער אַ געוויסע צייט געלערנט אין דער ישיבה. די דושנע אַטמאָספער אין דער היים האָט געצוווּנגען דאָס יונגע ייִנגל צו ווערן שנעל זעלבסטשטענדיק. ער אַנטלויפט קיין וואַרשע. כדי זיך צו קאָנען דאָ אויפהאַלטן, נעמט ער זיך צו פאַרשידענע אַרבעטן. ווען ער האָט געהאַט אַ פּאָר גילדן אין טאַש, פלעגט ער זיך אַרומשלעפן אויף פאַרשידענע באַזאַרן, אויפן קערצעלי=פּלאַץ און אַנדערע, ווו ער האָט געקאָנט ביי אַ געלעגנהייט עפּעס פאַרדינען. ער פלעגט אַזוי אַרום זיך צוקוקן צו דעם טומלדיקן אַרום, וואָס ער האָט גערן פאַראייביקט אין זיין סקיץ=ביכל, און מאָדעלן האָבן אים דאָ נישט געפעלט. אַזוי האָט דער יונגער אברהם געלעבט אין משך פון אַ פּאָר יאָר. ער איז געוואָרן אַלץ רייפער. סוף כל סוף האָט ער אָנגעטראָפן אויף מענטשן, וואָס האָבן דערקענט אין אים אַ גרויסן מאָלערישן טאַלאַנט. ער ווערט צוגענומען אין דער וואַרשעווער קונסט=אַקאַדעמיע אין דעם קלאַס פון טאַדעוש פּרושקאָווסקי, דעם דעמאָלטיקן רעקטאָר פון דער אַקאַדעמיע. מענדעלסאָנס טאַלאַנט איז שוין דעמאָלט געווען אַזוי רייף און די מאָלערישע פאָרם אַזוי איינגאַרטיק, אַז די לערע אין דער אַקאַדעמיע האָט נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף אים נישט אין פּאָזיטיוון און נישט אין נעגאַטיוון זין. ער האָט פאַרוווּנדערט מיט זיין נאַיווקייט פון אויסדרוק און דינאַמישקייט פון עקספּרעסיע. ער האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרק געפיל פאַר דער פאָרם און דערביי איז אַלץ, וואָס ער האָט געשאַפן, געווען אונטערגעוואָרפן דער לאָגיק. אין זיין מאָלערישער פאָרם איז מענדעלסאָן געווען נאָענט צו לאַזאַר סעגאַלן פון די יאָרן 1918—1924, און אויך אַ ביסל ענלעך צו יאַנקל אדלערן.

דאָך האָט ער די דינאַמיק, ריטמיק פֿון די קאָנטורן און לײדנשאַפֿטלעכקײט אױסגעדריקט אין אַ באַזונדערער פֿאַרבן־טאָנאַציע פֿון ברױן, געל און אָפֿט אױך רױט, װאָס גײט איבער אין באָרדאָ. די דאָזיקע קאָלירן פֿלעכט ער געװרן דורך מיט גרינס און אַש־גראָקײט. דער דאָזיקער אינטענסאַנטער בחור איז געװען אַ װולקאַן פֿון הײסער לײדנשאַפֿט, װעלכער האָט אים אינגאַנצן פֿאַרברענט, איבערהױפּט, װען צוליב זײַן קונסט האָט ער געמוזט פֿירן אַן אַסקעטישן הונגעריקן אופֿן פֿון לעבן. דערבײַ האָט מענדעלסאָן נאָך שטאַרק געשטעקט אין די ייִדישע טראַדיציעס, פֿון װאַנען ער האָט געשעפּט מאָטיװן פֿאַר זײַנע בילדער. פֿון דער צװײטער זײַט, האָט ער זיך באַמיט צו באַפֿרײַען פֿון די דאָזיקע פֿענטעס און האָט זיך געבונטעװעט קעגן די פֿאַרשידנאַרטיקע באַגרענעצונגען.

די שטאַרקע נױט, אין װעלכער ער איז געצװוּנגען געװען צו לעבן, האָט פֿון אײן זײַט געמאַכט אים אינגאַנצן גלײַכגילטיק צו געװיסע ענינים, פֿון דער צװײטער זײַט, האָט עס אים דערפֿירט צו פֿאַרביטערונג, װײַל עס האָט געפּײַניקט זײַן שעפֿערישקײט. ער האָט געלעבט אַזױ װי אין אַ קאָשמאַרפֿולן געװירבל, פֿון װעלכן ער האָט כּסדר זיך באַמיט אַרױסצקריגן און װעלכער האָט אים יעדע רגע אױפֿסנײַ פֿאַרשלונגען.

אין אַזאַ צושטאַנד איז ער אײנמאָל אין אַ װינטערדיקן נאָכמיטאָג אַרײַנגעפֿאַלן צו מיר. דאָס איז געװען אַ הױכער, שלאַנקער בחור מיט שװאַרצע געקרײַזלטע האָר אַ ביסל ענלעך צו מאַיאַקאָװסקין. ער האָט זיך דערװוסט, אַז איך האָב אים דערמאָנט אין אַ װילנער צײַטשריפֿט, אין װעלכער איך האָב פֿאַרעפֿנטלעכט אַ רעצענזיע װעגן דער װאַרשעװער אױסשטעלונג, אױף װעלכער עס זענען געװען אױסגעשטעלט, צװישן אַנדערע, אױך די בילדער פֿון מענדעלסאָן. ער איז געקומען, כּדי זיך מיט מיר פֿערזענלעך צו באַקענען. ער האָט באַלד פֿון אָנהײב גענומען הײס דיסקוטירן װעגן דער דערמאָנטער אױסשטעלונג. זײַנע שװאַרצע אױגן האָבן פֿאַנאַטיש געברענט, ער האָט טרעפֿלעך אָפּגעשאַצט אײניקע װעזנטלעכע דערשײַנונגען אין דער קונסט. מיט אַ סך קענטעניש האָט ער באַנומען די אײגנאַרטיקײט פֿון די באַזונדערע ריכטונגען אין דער אײראָפּעישער קונסט אין די לעצטע צענדליקער יאָרן. ער האָט דיסקוטירט לעבעדיק אין אַ קערנדיקן ייִדיש. מיר האָבן דעמלט נישט אױסגעשעפּט די אינטערעסאַנטע טעמע. ער האָט צוגעזאָגט אַרײַנצופֿאַלן אַ צװײט מאָל. און ער האָט װירקלעך נאָך אײניקע מאָל מיך באַזוכט. צװײ מאָל האָט ער מיט זיך געבראַכט זײַנע קאָלירפֿולע אַקװאַרעל־קאָמפּאָזיציעס, װאָס זענען געװען אַזױ

ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון זיין טעמפּעראַמענט. ער האָט זיי אַריינגעקלעפּט אין אַ ספּעציעלן אַלבום, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען אַרבעטן פון אַ סך אַנדערע קינסטלער.

די מיינונגען וועגן מענדעלסאָנס בילדער זענען מייסטנס געווען פּאָזיטיווע. איך וויל דאָ אויף דעם אָרט דערמאָנען צוויי פון זיי, נעמלעך, די אַרויסזאָגונגען פון מיכאַל וויינציער און לעאָן סטראַקון (ביידע אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע).

מיכאַל וויינציער, שרייבנדיק וועגן דעם יערלעכן יידישן קונסט-סאַלאָן אין יאָר 1938, זאָגט: „דער אינטערעסאַנטסטער פון דער גרופּע (ראַוואָסקאַ, קאָן, שמעון פּיאַסעצקי און אַנד.) איז מענדעלסאָן, וועלכער טראָגט די גרויסע איינפלוסן פון אַדלערן פאַרמאָגט ער אָבער אַן אייגענע פּאָעמישע וויזיע". לעאָן סטראַקון דאַקעגן שרייבט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער זעלבער אויסשטעלונג אין „דזשענניק לודאָווי": „אברהם מענדעלסאָן איז אַן אינטערעסאַנטער קינסטלער, וועלכער זוכט אַ געפּרעסטע מאָלערישע פאָרם פאַר זיינע אייגנאַרטיקע סורעאַליסטישע קאָמפּאָזיציעס. דער געפיל פאַר פאַרב און די באַזונדערע טעמאַטישע קאָנצעפּציעס גייען פונדעסטוועגן נישט ביינאַנד מיט די טעכנישע נאָך שטאַרק פּרימיטיווע מיטלען".

מענדעלסאָן האָט ווירקלעך געוואָלט מיט דער הילף פון בלאָק אַקצענטירן באַזונדערע דערשייונגען, וואָס האָבן אים אין געגעבענעם מאָמענט פאַרכאַפּט. די פאַרב האָט נישט געהאַט פאַר אים קיין אויסשליסלעך-עקספּרעסיווע לאַדונג. דער קינסטלער האָט געשטרעבט צו קאָנדענסירן די אייגנשאַפטן פון די באַזונדערע געשטאַלטן און האָט זיי דערלויבט צו האַנדלען מיט דער הילף פון פאָרמען און שטאַרקער קאָלאָריסטיק.

אין די נאָוועמבער-טעג פון יאָר 1939 האָב איך זיך געטראָפן מיט מענדעלסאָנען נאָך אַ פּאָר חדשימדיקן איבעררייס, דאָס מאָל אין לעמבערג. ער איז שוין נישט געווען דער זעלבער מענטש. הגם אין יענע ערשטע וואָכן פון די נייע לעבנס-באַדינגונגען האָט יעדער געמוזט זיך באַגרענעצן און אפילו טיילמאָל אונטערהונגערן — איז מענדעלסאָן דאָך געווען גיכער אַן אָפּטימיסט. און ווירקלעך, צווישן די הונדערטער מאָלער, וועלכע האָבן זיך דעמלט באַהאַלטן אין לעמבערג פאַר דער היטלעריסטישער שריפה, האָט זיין שטערן העלער אויפגעלויכטן. מענדעלסאָן האָט אויסגעשטעלט זיינע בילדער אין לעמבערג אין יאָר 1940 אויף דער ערשטער גרויסער אויסשטעלונג פון דער אוקראַינישער פּלאַסטיק. זיינע בילדער האָבן

אַרויסגערופֿן אויפֿמערקזאַמקייט און באַוווּנדערונג ביי קונסט־קענער און ביי ערנסטע קינסטלער. זיי זענען אויך אויסגעשטעלט געוואָרן אין מאָסקווע, קיעוו און כאַרקאָוו. אין לעמבערג האָט מענדעלסאָן מייסטנס געצייכנט, זיינע צייכענונגען האָבן פֿאַרמאָגט א באַזונדערן רייץ און קראַפֿט, וואָס האָבן פֿאַרכאַפּט דעם צושויער.

אַלע בילדער מענדעלסאָנס, וואָס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין מאָסקווע און קיעוו, זענען אָפּגעקויפֿט געוואָרן. ער האָט מיר שפּעטער געוויזן אַ בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פֿון לענינגראַד פֿון אַ דעמלטיקן גרויסן אַקטיאָר, וועלכער האָט אויסגעדריקט מיט גרויס ענטוזיאַזם זיין אַנטציקונג פֿאַר מענדעלסאָנס בילדער. ער האָט אפֿילו איינגעלאַדן דעם קינסטלער אויף אייניקע חדשים קיין לענינגראַד. אָבער מענדעלסאָן איז דעמלט נישט געווען אַליין. ער האָט געלעבט מיט אַ חברטע, וואָס האָט אויך געשטאַמט פֿון לובלין און האָט שטודירט כעמיע אויפֿן לעמבערגער פּאָליטעכניקום. ביידע זענען געווען מיט זיך זייער גליקלעך, הגם זיי האָבן געוווינט באַזונדער. מענדעלסאָן האָט דעמלט פֿאַרנומען אַ וווינונג צוזאַמען מיט אַ דייטשישן קינסטלער פֿון דאַנציג, אַ געווויסן גרעבנער, וועלכער פֿלעגט זיך אָנגעבן פֿאַר אַ הייסן רעוואָלוציאָנער. דאָך האָט ער איינמאָל בעת אַ געשלעג אַרויסגעוויזן לגבי מענדעלסאָנען זיין גאַנצן אַנטיסעמיטישן פּרצוף. די חברים פֿון ביידע קינסטלער האָבן געשטעמפּלט די גאַנצע האַנדלונג פֿון גרעבנערן, וועלכער האָט שפּעטער ערשט באַוויזן, ווער ער איז. ער איז פֿאַרשוווּנדן אַ פּאָר וואָכן פֿאַרן אויסברוך פֿון דער מלחמה, כדי שפּעטער אַרייַנצומאַרשירן קיין לעמבערג צוזאַמען מיט דער היטלער־ריסטישער ווערמאַכט. אברהם מענדעלסאָן דאַקעגן האָט זיך געמאָלדן אין דער רויטער אַרמיי. מ׳האָט אים אָבער נישט צוגענומען, ווייל ער האָט נישט געהאַט דורכגעמאַכט קיין מיליטערישע אויסשולונג. דער ווייטער־דיקער גורל פֿון מענדעלסאָנען איז געווען אַ טראַגישער. ער האָט זיך אומ־געקערט אין זיין געבוירן־שטאָט לובלין און פֿון דאָרט האָט מען אים אַרויס־געפֿירט קיין מיידאַן. דאָ איז ער אַרייַנגעפֿאַלן אין א גרענעצלאָזער אַפּאַטיע און עלנט. מ׳האָט אים געוואָלט אַרויסבאַקומען פֿון דאָרט. אָבער ער האָט געוואָלט טיילן דעם גורל פֿון די איבעריקע געפֿאַנגענע.

אַזוי איז אומגעקומען איינער פֿון די שענסטע מאָלערישע טאַלאַנטן.

# אניעלא מענקעס

אניעלע מענקעס, די מאָלערין פון סטעפאן לענטשיצקי איז געבוירן געוואָרן אין לאָדזש אין יאָר 1897. ביזן יאָר 1939 האָט זי געהערט צו דער קאטעגאָריע קינסטלער, וואָס הערן נישט אויף צו עקספּערימענטירן. צוליב דעם איז שווער זי איינצושליסן צו א באשטימטער קינסטלערישער גרופּע.

אניעלא מענקעס האָט דערגרייכט א הויכע שטופע פון ערודיציע אויפן געביט פון פּלאַסטישער קונסט און האָט גלענצנדיק געקענט די באַזונדערע עטאַפּן אירע און זייערע אייגנשאַפטן. צווישן די קינסטלער איז אניעלא מענקעס געווען א מין מאָלער—געלערנטער. זי האָט פיינט געהאַט יעדן מין שאַבלאָן. צו איר אייגענער קונסט האָט זי געוואָלט דערגיין מיט דער הילף פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט. א סך פון אירע בילדער זענען נישט לעזבאַר, ווייל די קינסטלערין האָט געשוועבט אין עפּעס העכערע, כמעט מאַטעמאַטישע ספערן. אניעלא מענקעס האָט פולשטענדיק איבערגעריסן מיט דער מאַניע פון קליינבירגערלעכער שאַפונג. זי האָט קיינמאָל נישט געמאָלן פאַרן רייכן, קליינבירגערלעכן סנאָב.

די קינסטלערין האָט געטרוימט וועגן עפּעס א קונסט פון דער צו־קונפט, וואָס דאַרף ענדערן די וועלט און די מענטשן מאַכן אײדעלער און שענער. אין גערדאַנק האָט זי געשאַפן פאַרשידענע פאָרמען, וועלכע זי האָט שפּעטער באַלעבט מיט געפיל און פאַנטאַזיע. אזוי אַרום איז דאָס אַנט־שטאַנענע בילד געווען א וויברירנדיקע מאָזאַיק פון אָרגאַמענטן. אזוי זע־נען אַנטשטאַנען זאכן, וואָס זענען קאָנסטרואירט געוואָרן דורכן געדאַנק, זאכן, וואָס זענען וואָס אַן אמת געווען עפּעס נייעס, וואָס מ׳האָט ביז אהער נישט געטראָפן, אָבער אין עצם עניין — זאכן נאָר אָן א נאָמען. דאָס וואָס אַניעלאַ מענקעס האָט געשאַפן, איז ניכער געווען א ביישפּיל פאַר אירע שאַפונגס־מעגלעכקייטן.

אַניעלאַ מענקעס איז געווען אַ מאָדערניסטקע. די מעלאָדיע פון איר פאָרם איז געווען אַן אויפרייסערישע און זי האָט ארויסגעשטופּט די קלאַסישע סטרוקטור פון דער ליניע. איר קונסט דערמאָנט גיכער די פאַרהיסטאָרישע, כמעט הייל־פאָרם. די קינסטלערין האָט אַסימילירט אַלע פּרימיטיווסטע עלעמענטן פון דער אָרנאַמענטיק פון דער ביבלישער, עגיפּטישער און גריכישער קונסט. מיט אַ געוואלדיקער קראַפט און ענערגיע האָט זי געזוכט דעם סינטעטישן מעטאָד, וואָס זאָל איר דערמעגלעכן איבערצושמעלצן די שיינקייט פונעם פאַרגאַנגענעם אין אַ נייער היינטצייטיקער פאָרם.

אַניעלאַ מענקעס האָט נישט נאָר סטיליזירט אירע פּלאַסטישע אַרבעטן, נאָר האָט אויך געשריבן אינהאַלטסרייכע אַרבעטן וועגן דער מאָדערנער קונסט. זי האָט גלענצנדיק געקאָנט קאָנקרעטיזירן אירע אָנשויאונגען מיט ביישפּילן פון דער קלאַסישער קונסט. גראָד אויפן סמך פון די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אירע האָט מען אַמבעסטן געקאָנט אורטיילן ווי טיף די קינסטלערין האָט געקענט די איטאַליענישע און שפּאַנישע קונסט. אַניעלאַ מענקעס האָט געטרוימט וועגן אַ נייער קונסט, נייער אַרכיטעקטור, וועגן דעם, אַז דער קינסטלער זאָל אַריינברענגען זיין קונסט אויך אין די גרויע צימערן פון די מענטשלעכע וווינונגען. ס'איז איר נישט געגאַנגען אין וועלכער ס'איז אַקטואַליזירטער און פאַרשידנאַרטיקער פאַרבנשפּיל. נאָר גיכער אין אַ פולשטענדיקע איבעראַנדערשונג פון די באַגריפן וועגן דער פּלאַסטישער קונסט. לויט איר דאַרף מען שאַפן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל פאַרמאָגן די קראַפט פון פאַרניכטן דאָס מיאוסע, וואָס עס האָט מיט זיך געבראַכט דער קאַפּיטאַליזם. זי האָט געשטרעבט צו נייע ווערטן, אין וועלכע עס זאָל זיך אויך אַרויסשפּילן די פּערזענלעכקייט פון קינסטלער.

אין יאָר 1933 האָט אַניעלאַ מענקעס געהערט צום רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דעם לאָדזשער קונסט־זשורנאַל „פאָרמאַ“. גלייכצייטיק איז זי אויך געווען אַ מיטגליד פון דער וועריפיקאַציע־קאָמיסיע ביי דער דאָרטיקער אָפּטיילונג פונעם קינסטלער־פאַרבאַנד. אינעם אויגוסט־נומער „פאָרמאַ“ פון יאָר 1936 האָט אַניעלאַ מענקעס פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אַרבעט א. נ. „די פּראָבלעמען פון דער מאָלעריי פון XX יאָרהונדערט“. אין נומער 6 פון „פאָרמאַ“ (יולי־סעפּטעמבער 1938) האָט זיך באַוויזן אירס אַ גרעסערע אַרבעט וועגן על גרעקא, וואָס איז אילוסטרירט געווען מיט רעפּראָדוקציעס. חוץ דעם האָבן זיך אין אַ גאַנצער ריי נומערן פון דער

צייטשריפט באַוויזן רעפּראָדוקציעס פון אירע בילדער, ווי אויך אירע מיי־נונגען וועגן קונסט.

שוין אינעם ערשטן נומער, וואָס איז דערשינען אין מאַי 1933, נעמט אַניעלאַ מענקעס אַ וואָרט וועגן קריטיק. זי שרייבט צווישן אַנדערע: „די קריטיק איז באַרופן נישט נאָר פעסטצושטעלן און פיקסירן די אינדיווידו־עלע ווערטן פונעם קינסטלער, נאָר צו אירע אויפגאַבן געהערט אויך דאָס אַנאַליזירן די שאַפונג, פאָרשן דעם אַנטוויקלונגס־וועג און זיינע מעגלעכ־קייטן. אויפן שאַפונגס־וועג פונעם קינסטלער קאָן די זאַכלעכע קריטיק אָפּ־שפּילן אַ גרויסע ראָל. דער ניוואָ פון דער קריטיק אַנטשפּרעכט נישט אַלעמאָל די פאָדערונגען פון דער צייט. אין דער מאָדערנער מאָלעריי, ווע־מענס ציל עס איז די ריינע פּלאַסטיק, ווו די ווערק שטעלן זיך פריער פאַר אַלץ דעם ציל צו בילדן אַ האַרמאָנישע קאָנסטרוקציע פון דער פאַרב און ליניע, אָפּוואַרפנדיק די טעמע און דעם אַנעקדאָט, טרעפט מען זיך נישט איינמאָל מיט אַ פולשטענדיקן נישט פאַרשטיין און גרינגשעצנדי־קער טראַקטירונג. דעם קריטיקער, וועלכער באַטראַכט די קינסטלערישע שאַפונג פון דער פּערספּעקטיוו פון באַדייטנדיקע צייט־אָפּשניטן, איז נישט לייכט צו געפונען די ריכטליניע, לויט וועלכער ס'באַוועגט זיך דער קינסט־לער, וועלכער גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון פון זיינע שטרעבונגען. די קינסט־לער באַגרענעצן נישט זייער ברייטן האָריזאָנט פון קינסטלערישע פּראָ־בלעמען, זיי פאָדערן פונעם קריטיקער אַ זאַכלעכן צוגאַנג און אַ גרויסע מאָס קינסטלערישע אויספירונג. ביי די קינסטלער, ביי וועלכע דער פאַר־נעם פון זייערע שטרעבונגען ענדערט זיך נישט, ביי זיי געפינט דער קרי־טיקער לייכט דעם אינדיווידועלן אויסדרוק, דעם אייגענעם סטיל. דער דאָ־זיקער וועג איז אָפט דער לייכטסטער, אָבער פירט נישט צום ציל און איז אויסגעהוילט פון אַ שעפערישער איניציאַטיוו“.

די בילדער פון אַניעלאַ מענקעס האָבן זיך באַוויזן אַ פּאָר יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אויף פאַרשידענע עקסקלוזיווע אויסשטעלונגען אין לאַנד. אין יאָר 1932—1933 געפונען זיך אויף דער אויסשטעלונג אין איפּס אירע בילדער: „אַ פּייזאַזש“, „די עלעקטראָווניע“, ווייטער צוויי שטיל־לעבנס און צוויי פּאָרטרעטן. אין יאָר 1936 און 1939 באַווייזן זיך אויך אין איפּס בילדער פון אַניעלאַ מענקעס. טייל פון זיי זענען לעזבאַרע, טייל שטאַרק עקספּערימענטאַלע.

אין סעפּטעמבער 1939 האָט אַניעלאַ מענקעס זיך אַריבערגעקריגן קיין לעמבערג. זי איז דעמלט געוואָרן די נשמה פון דעם פאַרבאַנד פון

פּלאַסטיקער, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט. זי איז שטאַרק פאַרנומען געווען מיט העלפן די חברים, וואָס זענען אַנטלאָפן פון פאַרשידענע טיילן פון לאַנד. זי געפינט פונדעסטוועגן צייט און כוחות, כדי צו שאַפן. אין יאָר 1940 נעמט זי אָנטייל אין דער לעמבערגער קונסט־אויסשטעלונג. אירע אַרבעטן זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער קאָלעקציע פון בילדער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר דער אויסשטעלונג אין מאָסקווע. זיי האָבן זיך אויך באַוויזן אויף דער אויסשטעלונג אין קיעוו.

אַניעלע מענקעס איז אומגעקומען אין יאָר 1941 אין לעמבערג. זי איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די בעסטיעס, וואָס האָבן זיך גערופן „העכערע ראַסע“ און וואָס האָבן געשטרעבט איינצופירן אַ „נייע אָרדענונג“ אויף דער וועלט. אַניעלאַ מענקעס איז געווען אַ קינסטלערין פון אַ שטאַרקן גייסט. איר קינסטלערישע טעטיקייט לאָזט זיך נישט אָפּטיילן פון איר שטאַרקער פערזענלעכקייט. דאָס איז אַ קינסטלערין — אַ פילאָזאָף, וואָס שאַצט אָפּ נישט נאָר די עסטעטישע, נאָר אויך די עטישע ווערטן.

# האַלינע נאָרדעלמאַן



האַלינע נאָרדעלמאַן איז געבוירן געוואָרן אין ווארשע אין יאָר 1912. איר פֿאָטער איז געווען דער עלטסטער ברודער פֿון דעם באַרימטן סקולפּטאָר עליאַש נאָרדעלמאַן (1882—1946). ווי באַוווסט, איז דאָס באַוויזן זיך פֿון האַלינעס פֿעטער עליאַש נאָרדעלמאַן אין פּאַריז געווען אַ גרויסע געשעעניש אין די קינסטלערישע קרייזן. ער האָט דאָרט אַרויסגערופֿן אַ גרויסע פֿאַראינטערעסירונג מיט זיין אָריגינעלן אופֿן פֿון טראַקטירן די קלאַסישע קונסט. ער האָט באַוויזן מיט זיינע ווערק, אַז די קלאַסישע סקולפּטור איז נאָך אַלץ אַ לעבעדיקער קוואַל, פֿון וואַנען די מאָדערנע קינסטלער קאָנען שעפּן פֿולע הויפֿנס, נישט פֿאַרלירנדיק דערביי די אייגענע שעפֿערישע פּערזענלעכקייט.

האַלינע נאָרדעלמאַן האָבן אירע חברים געשעצט פֿאַר איר עקספּערימענטאַטאָרישן חוש, וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט. מ'האָט דער קינסטלערין פֿאָרויסגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפֿט אין דער סקולפּטאָרישער קונסט. האַלינע האָט שטודירט אין די יאָרן 1931—1933 אין דער ווארשעווער קונסטאַקאַדעמיע ביים פּראָפֿ. טאַדעוש ברעיער. שפּעטער האָט זי געאַרבעט זעלבסטשטענדיק, שאַפֿנדיק צאָלרייכע אַרבעטן. זי האָט געשטרעבט צו

שאַפֿן אַ האַרמאָניע צווישן די סקולפּטאָרישע אַרבעטן מיט די אַרכיטעקטאָנישע ווערק.

אַ פּאָר יאָר פֿאַר דער מלחמה האָט אַ גרויסער אַרכיטעקט, בויענדיק אַ געביידע אויף דער פּולאַווסקע גאַס אין וואַרשע, איינגעשלאָסן אין דער אַרכיטעקטאָנישער קאָמפּאָזיציע פֿון דער געביידע אַ סקולפּטור פֿון האַלינע נאָדעלמאַן.

אין יאָר 1939 איז די קינסטלערין אַוועק פֿון וואַרשע קיין לעמבערג. דאָ האָט זי געאַרבעט אין דער צעראַמישער פּראָדוקציע. איינע פֿון די וועזנטלעכסטע סקולפּטאָרישע אַרבעטן אירע אין יענעם פּעריאָד איז דער ביוסט פֿון דער אוקראַינישער פֿאָלקס־דיכטערין לעסי אוקראַינקע. זי האָט דעם ביוסט אויסגעפֿירט מיט אַ סך געפֿיל און פּיעטעט. פֿון איר גאַנצער שאַפֿונג זענען געבליבן בלויז פֿאָטאָגראַפֿישע רעפּראָדוקציעס פֿון דעם דערמאָנטן ביוסט און נאָך אייניקע סקולפּטורישע אַרבעטן. דאָס איז אַלץ, וואָס איז געבליבן נאָך דער קינסטלערין, וואָס האָט געזוכט נייע פֿאָרמען פֿאַר איר קונסט.

האַלינע נאָדעלמאַן איז אומגעקומען אין די ערשטע טעג, נאָכדעם ווי די היטלער־אַרמיי האָט פֿאַרנומען לעמבערג. איר שוועסטער, ראָמאַנאַ יאַנעצקאַ, אַ באַקאַנטע און געשעצטע אילוסטראַטאָרין פֿון ביכער אין וואַרשע, האָט זיך אָפּגעראַטעוועט אַ דאַנק דער הילף פֿון אירע חברים — פּאָליאַקן. די וואַרשעווער קינסטלער האָבן אויסבאַהאַלטן יאַנעצקאַן און אירע עלטערן און אַדאַנק דעם זענען זיי געבליבן לעבן.

# אבֿרהם נוימאַן

אבֿרהם נוימאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 6 פעברואַר 1873 אין שערפּץ. זיין פאָטער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער ביי אַ וואַלד־אייגנטימער. ער האָט אַכטונג געגעבן אויפן צושטאַנד פון די וועלדער און האָט פאַרצייכנט דעם גאַנג פון דער עקספּלאָאַטאַציע. צוליב דעם האָט אבֿרהם שוין פון די יונגסטע יאָרן אָן פאַרבראַכט אויפן שויס פון דער נאַטור, און האָט טיף ליב באַקומען דעם פוילישן וואַלד. דאָס קליינע יינגל מיט די טיף שוואַרצע אויגן האָט אין זיך איינגעזאַפּט דעם כּישוף פון דער נאַטור, דעם גערויש פון די ביימער, דאָס צווישטשעריי פון די פייגל, דאָס גערויש פון וואַלד־קוועלעכל. די דאָזיקע ערשטע איבערלעבונגען זיינע, וואָס זענען פאַרבונדן געווען מיט דער שיינקייט פון דער פוילישער נאַטור, זענען געבליבן ביי אים לעבעדיק ביזן סוף פון זיין לעבן. זיי האָבן דעצידירט וועגן זיין צוקונפטיקן גורל. אַן עמפּינדלעכער און טרוימערישער, ווערט ער אַ באַזינגער פון דער פוילישער נאַטור. זיינע קינסטלערישע עמפּינדונגען האָט ער געקאָנט איבערגיסן אויפן לייוונט אין די שענסטע פאַרבן און פאָרמען. ער איז געווען ווי אַ בין, וואָס נאָגט אויס פון די בלומען דעם זיסן זאַפט, ער זאַפּט איין אין זיך די שיינקייט פון די היימישע פעלדער און לאָנקעס, גערטנער און וועלדער, טייכן און בערגלעך, איבערטראָגנדיק זיינע איינדרוקן אויף די לייוונטן פון זיינע בילדער.

פון די יינגסטע יאָרן אָן צייכנט ער אַלץ, וואָס רינגלט אים ארום. וואַרשיינלעך האָט ער אין אָנהייב געלערנט אין אַ ישיבֿה. עס איז אים אָבער שווער געווען אויף דער פּראָווינץ. אַלט זייענדיק 18 יאָר, רייסט ער זיך ארויס פון דער פּראָווינץ און פאָרט ארויס קיין וואַרשע. ער האַלט זיך אויס פון רעטושירן פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס. אין דער פרייער צייט פאַרנעמט ער זיך מיט מאָלן. אַזוי אַרבעטנדיק און זאַמלענדיק אַ גראָשן

צו אַ גראָשן, קלייבט ער זיך אָן אַ קלײנע סומע, וואָס גיט אים די מעגלעכקייט אָנצוהייבן זײַנע מאָלערישע שטודיען. אין יאָר 1898 פאָרט ער ארויס קיין קראָקע, ווו ער ווערט אָנגענומען אין דער דאָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע. דעמלט פירט אָן מיט דער אָפּטיילונג פון פייזאַזשן־מאָלערײ דער מייסטער פון פוילישן פייזאַזש יאַן סטאַניסלאַווסקי. אַ גרויסער פעדאַגאָג און אָרגאַניזאַטאָר — האָט ער געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף זײַנע שילער. ער האָט תּיכּף באַמערקט נוימאַנס טאַלאַנט. סטאַניסלאַווסקיס קלאַס האָט דעמלט געציילט בלויז איייניקע שילער, ענטוזיאַסטן פונעם פוילישן פייזאַזש, סטאַניסלאַווסקי, וואָס האָט געמאָלט בילדלעך אין קלײנעם פאָרמאַט, האָט נישט געצוווּנגען זײַנע שילער אים בלינד נאָכצומאַכן, ער האָט בלויז געוואָלט זיי זאָלן זיך אויסלערנען אויפכאַפּן די אַרומיקע שיינקייט „אויף דער הייסער מינוט” אינעם שטאַרקסטן פאַנאַנדערבלי. אונטער דער לייטונג פון סטאַניסלאַווסקין האָט נוימאַנס טאַלאַנט דערוואָרבן קינסטלערישע קולטור. סײַ דער לערער, סײַ זײַנע חברים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז נוימאַן באַזיצט אַ נישט־דורכשניטלעכן טאַלאַנט. נאָך צוויי יאָר שטודירן אין קראָקע האָט זיך נוימאַן אויסגעקליבן קיין פּאַריז. ער איז ארײַנגעטרעטן אין דער דאָרטיקער אַקאַדעמיע, אָבער נאָך אַ פּאָר חדשים, האָט ער זיך געמוזט אָפּזאָגן פון די ווייטערדיקע שטודיען, ווײַל עס האָט אים אויסגעפעלט געלט. כּדי צו פאַרדינען אויף חיונה, פאַרנעמט ער זיך מיט קאָפּירן די ווערק פון די גרויסע מייסטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין לוווּר און אַדאַנק דעם האָט ער געקאָנט ווײַטער בלײַבן אין פּאַריז. נאָך אַ קורצער צײַט זײַן אין פראַנקרייך און שפּעטער אין האָלאַנד, ענגלאַנד און דײַטשלאַנד, קערט זיך נוימאַן צוריק קיין פּוילן. מיט דער פּאַסיע פון אַ קינסטלער, וואָס איז פאַרליבט אינעם היימישן לאַנדשאַפט, נעמט ער זיך ווידער צו מאָלן פייזאַזשן. די פּוילישע נאַטור, אפילו די אָרעמסטע, האָט פאַר אים אַ געוואַלדיקע צוציונגס־קראַפט. טייל פון די דאָזיקע פייזאַזשן זענען אַן אָפּשפּיגלונג פון די דאָזיקע רירנדיקע איבערלעבונגען פונעם קינסטלער. עס פילט זיך אין זיי אַ שטאַרקע עמאָציאָנעלע איבערלעבונג, כּמעט ווי פּאַטאָס. ער האָט ליב געהאַט דאָס דאָרף אַלס אַזעלכעס, נישט ווי עס טרעפט אָפט, אַלס קאָנטראַסט צו דער שטאָט. ער קאָנסטרואירט נישט קיין ראָמאַנטישע קונסט, ווי עס פלעגן דאָס נישט איינמאָל טאָן די אימפּרעסיאָניסטן, קאָמפּאָנירנדיק דעם פייזאַזש.

נוימאַנס בילדער פאַרמאָגן אַ סך פּשוטקייט און אוממיטלבאַרע אי־

בערלעבונג. ווען אין צוזאמענהאנג מיטן טויט פונעם מייסטער סטאַניסלאַווסקי, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1907, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון די אַרבעטן פון די בעסטע שילער זיינע, האָבן זיך אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג געפונען גוימאַנס צוויי בילדער: „דער האַרבסט“ און „דער וואַלד־קוואַל“. גוימאַנס קינסטלערישע מייסטערשאַפט וואַקסט. דער קינסטלער לעבט טיילמאָל איבער שווערע מינוטן, ווען ער צווייפלט אין דער מעגלעכקייט צו דערגרייכן אַלץ גרעסערע רעזולטאַטן אין זיינע קינסטלערישע שאַפונגען. ער שטרעבט ארויסצוברענגען די שיינקייט פון דער פוילישער לאַנדשאַפט אין איר ריינסטער אייגנאַרטיקייט. נאָכן טויט פון סטאַניסלאַווסקין זענען בלויז אייניקע פון זיינע שילער געבליבן טריי דער ליניע, וואָס עס האָט אָנגעצייכנט זייער מייסטער, צווישן זיי איז אויך געווען גוימאַן. זיינע בילדער פאַרמאָגן, טראָץ דעם צייכן פון אַ געוויסער מעלאַנכאָליע, אַ סך ווייכן ליריזם, וואָס איז פאַרצויגן מיט אַ דינעם נעפל פון פאַרטראַכטקייט, און דאָס וויכטיקסטע — זיי פאַרמאָגן אַ סך אומגעפעלשטע שיינקייט פון דער פוילישער נאַטור. אין יאָר 1908 באַווייזט זיך אין וואָכנבלאַט „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני“ 5 רעפּראָדוקציעס פון גוימאַנס בילדער, וואָס זענען אַן אילוסטראַציע צו אַ גרויס אַרטיקל פון אַר־אַט (אָסטאַפּ אָרטווין). דאָס אַרטיקל הייבט זיך אָן מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „וווהין דו זאָלסט נישט גיין, וווהין דו זאָלסט זיך נישט ווענדן, אָפּגעריסן פון דער היימישער נעסט — וועלן איבעראַל דיר נאָכגיין, זון פון דער פוילישער ערד, די בילדער פון דער היימישער, ווייטער ערד... דו וועסט בענקען נאָך איר“...

דאָס אויסנוצן רעפּראָדוקציעס פון גוימאַנס אַרבעטן צו אַזעלכע פעליעטאָנען, איבערהויפּט דאָס דורכפלעכטן מיט זיי די אָפּשניטן פון רעימאָנס „פויערים“, וואָס האָבן זיך דעמלט געדרוקט אויף די שפּאַלטן פון דעם וואָכנבלאַט, באַווייזט וויפל חן און אוממיטלבאַרקייט ס'האָבן פאַרמאָגט זיינע בילדער. מיט זיינע אַרבעטן דעראָבערט זיך גוימאַן אַן ערנסטע פּאָזיציע אין דער קינסטלערישער וועלט.

אין יאָר 1911 האָט די וואַרשעווער זאַכענטאַ איינגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פון זיינע בילדער, ווען אין די איבעריקע זאַלן זענען אויסגעשטעלט געוואָרן די בילדער פון די פראַנצויזישע אימפּרעסיאָניסטן, מאַנע, פּיסאַראָ און אַנד. מ'האָט דעמלט געקאָנט פאַרגלייכן די פּייזאַזשן פון גוימאַנען מיט די בילדער פון די דערמאָנטע פראַנצויזישע מייסטער, דערביי האָט דער דאָזיקער פאַרגלייך בולט באַוויזן ווי ערנסט אונדזער קינסטלער האָט זיך

באַצויגן צו דער גרויס־געבראַכטער טעמע. אויף דער דאָזיקער אויסשטע־לונג האָבן זיך צווישן אַנדערע געפונען אַזעלכע בילדער ווי: „דאָס קוועלכל ביי מאַרסקע אָקאָ", „דאָס געוויסער" און „די קירכע אין פּאַראַגין".

בעתן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אַברהם נוימאַן געפונען אין ווין. ער איז שוין געווען גוט באַקאַנט, הויפּטזעכלעך אין די פּאַרגעשריטענע קינסטלערישע קרייזן. די פּאַרגעשריטענע „סע־צעסיע" פּלעגט אים נישט איינמאָל איינלאַדן, ער זאָל מיט איר אויס־שטעלן זיינע בילדער. נוימאַנס בילדער פּלעגן זיך פון צייט צו צייט באַ־ווייזן אויף די וויענער אויסשטעלונגען. אין ווין האָבן זיך נאָך געפונען דעמלט צוויי מאָלער, וואָס האָבן געשטאַמט פון מזרח — יהודה עפּשטיין און לאַזאַר קרעסטין, אין וועמענס געזעלשאַפט נוימאַן פלעגט אָפט פאַר־ברענגען.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז מיטל־אייראָפּע געווען באַדעקט מיט חורבות. דאָס געלט האָט פאַרלוירן יעדן ווערט. וועגן פאַרקויפן ביל־דער האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. נוימאַן קלייבט זיך דעריבער אויס מיט זיינע בילדער קיין אַמעריקע. ער פילט זיך אָבער דאָרט נישט גוט. עס אַנטשפּרעכט אים נישט דער אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער. חוץ דעם וועדט ער דאָרט נישט פאַרשטאַנען. זיינע בילדער געפעלן נישט די אַמעריקאַנער ביזנעס־מענער. נאָכן אָפּזיין אַ פּאָר יאָר אין אַמעריקע, זעצט ער זיך אויף אויף אַ שיף און פאָרט ווייטער. ער האָט אַ געוויסע צייט פאַרבראַכט אין פּאַלעסטינע, זוכנדיק אַ נייעם אינהאַלט פאַר זיין קונסט. אָבער אויך דאָ האַלט ער זיך נישט לאַנג אויף. ער קערט זיך אום קיין פּוילן, מיט־ברענגענדיק אַ גרויסע צאָל בילדער מיט מזרח־מאָטיוון. פיר פון זיי האָט אין יאָר 1927 אָפּגעקויפט דער קראָקעווער נאַציאָנאַלער מוזיי.

און ווידער הייבט נוימאַן אָן זיין וואַנדערונג איבערן לאַנד, זוכנדיק נייע טעמעס. איצט הייבן זיך אָן זיינע אַרבעטן אַ ביסל צו מאָדערניזירן. די שטימונגס־מאָטיוון הייבן אָן אָפּצוטרעטן פאַר די אינהאַלטס־עלעמענטן, אַליין דייטלעכער רוקט זיך אַרויס דער געזעלשאַפטלעכער אַספּעקט.

דאָס זענען געווען די צייטן, ווען דער פאַשיזם, וואָס בושעוועט אין דייטשלאַנד, וואַרפט אויך זיין שוואַרצן שאָטן אויף פּוילן. די פּרעכטיקע פּייזאַזשן נוימאַנס ווערן שוין איצט נישט צוגעלאָזט אויף פּוילישע אויס־שטעלונגען. נאָך אין יאָר 1929 באַקומט נוימאַן אַן אויסצייכענונג פון דער זאַכענטאַ פאַר זיין בילד „דער קאַבינעט" און אין אַ האַלב יאָר אַרום קויפט אָפּ דאָס מיניסטעריום פאַר רעליגיעזע ענינים און געזעלשאַפטלע־

כער בילדונג איינס פון זיינע בילדער. אָבער אין יאָר 1930 הייבן אָן נוימאַנס אַרבעטן אַלץ אָפטער זיך צו באַווייזן אויף די אויסשטעלונגען פון דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט אין וואַרשע און אין קראָקע. נוימאַן מאָלט דעמאָלט קוזמיר ביי דער ווייסל, ווי אויך זיין היימישע שטאָט שערפּץ. דער מענטש הייבט אָן צו פאַרנעמען אַלץ מער אָרט אויף זיינע בילדער. שוין דעמאָלט האָט נוימאַן געטראָגן אַ לאַנגע, פּאַטריאַרכאַלע באָרד, וואָס האָט זיין פיגור צוגעגעבן אַ ספּעציעלן ערנסטן אויסזען. אין יאָר 1936 וווינט דער קינסטלער אין נאָווי־טאַרג. פונדאַנען פלעגט ער זיך אָפט אויסקלייבן קיין קראָקע, וווּ ער האָט גענומען אָן אָנטייל אין די אַר־אַרבעטן פונעם פאַרבאַנד פון די יידישע פּלאַסטיקער, וועמענס פּרעזיצער עס איז דעמאָלט געווען נוימאַנס פריינד, דער קינסטלער אַרטור מאַרקאָוויטש. אַזוי האָט זיך פאָרגעשטעלט די סיטואַציע ביזן יאָר 1939.

עס איז אָנגעקומען די צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע. נוימאַן איז שוין דעמאָלט געווען אַ גרויער זקן. נישט קוקנדיק אויף זיין קראַנקהייט, איז ער נישט אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. שוין אין יאָר 1940 זאָל ער האָבן זיך דערלויבט אַרויסצוגיין הינטער דער שטאָט און מאָלן בילדער. ער הונגערט שוין דעמאָלט. ער איז אָפט געצוווּנגען געווען אַוועקצוגעבן זיינס אַ בילד פאַר אַ לעבל ברויט. אין מערץ 1941 ווערט ער צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג פון קראָקע אָפּגעשלאָסן אין געטאָ. ער וווינט דאָרט אויף דער גאַס יאַגעלאָוואַ וואָלע. זיין נאָענטער שכן איז געווען דער פּאָפּולערער יידישער דיכטער מרדכי געבירטיג. די צוויי אַלטע לייט פלעגן זיך אָפט באַגעגענען. געבירטיג איז, נישט קוקנדיק אויף די זייער שווערע באַדינגונגען, איבערהויפּט וווינונגס־באַדינגונגען, געווען באַהערשט און רואיק. נוימאַן, וועלכער האָט געוווינט אין אַ קליין שטיבל מיט זיין נערוועזער באַלעבאָסטע, די פרוי פרעי, האָט נישט געקאָנט באַגרייפן די רואיקייט פון דעם קראַנקן געבירטיג, וואָס איז געצוואונגען געווען צו וווינען צוזאַמען מיט פינף מענטשן אין אַ קליין צימערל.

אין די דאָזיקע שרעקלעכע צייטן האָט נוימאַן געשאַפן אַן אויטאָפּאָרטרעט. דער קינסטלער האָט זיך געמאָלט ווי ער שטייט ביי דער שטאַלוגע בעת ער מאָלט דעם פּאָרטרעט פון געבירטיגן. דאָס דאָזיקע בילד איז געווען ספּעציעל אויסטערליש, ווייל נוימאַן האָט זעלטן ווען געמאָלן אַ מענטשן. דער קינסטלער, מאָלנדיק זיין פּאָרטרעט צום לעצטן מאָל, האָט זיך זייער בולט אַרויסגעבראַכט. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן זיין מאָדעל. דער קאָפּ און די אויבערשטע טייל פון געבירטיגס קערפּער

זענען אַרויסגערוקט פאָרויס, אַזוי ווי ער וואָלט זיך עפּעס צוגעהערט צו אָפּקלאַנגען, וועלכע דערגייען צו זיינע אויערן. זיך מאָלט ער אין אַ יאַקאָבינער-בערעט, אין ברילן און אין אַ ווייסן מאָלער-כאַלאַט. זיין געקנייטשט פּנים דריקט אויס שטאַרקע אָנשטרענגונג און איבערלעבונג. עס פילט זיך אַרויס די האַרציקע פאַרבונדנקייט צווישן דעם קינסטלער מיט דעם פאָלקס-זינגער.

דעם 4-טן יוני 1942, בעת דער אַזויגערופענער „יוני-אַקציע“ האָט מען פון די הייזער אין קראָקעווער געטאָ אַרויסגעשלעפּט טויזנטער דערשיטערטע מענטשן. דאָס זעלבע איז אויך געשען אויף יאַנאָוואַ וואָלא. צווישן דער מחנה אַרויסגעטריבענע יידן האָבן זיך אויך געפונען אברהם נוימאַן און געבירטיג מיט זיין משפּחה. מ'האָט זיי אַלע געטריבן צום פּלאַץ זגאָדי; דער אַלטער נוימאַן האָט נישט באַוויזן צו גיין גלייך מיט אַלע. אַ קאָלבע פון אַ ביקס האָט צעשמעטערט דעם גראָען קאָפּ פון דעם קינסטלער. ער איז געפאַלן טויט אויפן אָרט. געבירטיג דאַקעגן איז אַרויסגעפירט געוואָרן אין טויט-לאַגער אָשוויענטשים, ווו ער איז דערמאָרדעט געוואָרן.

# בער סארין (משה לעווין)

משה לעווין איז געווען אַ יונגער מענטש, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ברייטע קינסטלערישע נאַטור. ער האָט געהאַט נישט נאָר אַ מאָלערישן טאַלאַנט, נאָר איז אויך געווען אַ דיכטער און האָט אַפילו געהאַט אַ שטאַרקע נייגונג צו וויסנשאַפטלעכער אַרבעט.

איך האָב זיך צום ערשטן מאָל מיט אים געטראָפן אין יאָר 1937 אָדער 38 אויף דער דייטשער גאַס אין ווילנע אין זשאַבינסקיס בוכהאַנדלונג, וווּ ער האָט פאַנאַנדערגעלייגט קליינע קאָלירטע ביכלעך, וואָס ער האָט אָנגעשריבן און געצייכנט די הילעס צו זיי. דאָס זענען געווען דערציילונגען פאַר קינדער, וואָס ער האָט פאַרפאַסט און אַליין אילוסטרירט.

איך פלעג אָפט טרעפן לעווינען אין די שמאָלע, ראָמאַנטישע געסלעך פון ווילנע, וווּ ער איז געשטאַנען און אויפמערקזאַם אָבסערווירט אַ ווינקעלע, וואָס האָט אים פאַרכאַפּט און אָנגעוואָרפן אַ סקיץ אין זיין צייכנבלאָק. אין דער זעלבער צייט האָט בער סארין (דאָס איז געווען זיין פסעוודאָנים) שטודירט אין יידישן לערער-סעמינאַר. ער האָט זייער ליב געהאַט קינדער און האָט געשטרעבט צו קענען זיי לערנען. גלייכצייטיק האָט ער אויך שטודירט אויף דער אָפּטיילונג פון קונסט ביים אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון סטעפאַן באַטאָרי, ווייל זיין קינסטלעריש-נאַטור האָט אים געשטויסן זיך צו פאַרנעמען מיט פּלאַסטישער קונסט.

בער סארין האָט גוט באַהערשט די יידישע און פּוילישע שפּראַך. ער האָט אויך געקענט העברעיש. טייל פון זיינע ביכלעך האָט ער געשריבן אין העברעיש.

בער סארין האָט זייער ליב געהאַט ווילנע און מיט אַלע זיינע וואָרצלען געשטעקט אינעם קולטורעלן לעבן פון דער דאָזיקער שטאָט.

אין אָקטאָבער, אָדער נאָוועמבער 1939 זענען מיר געשטאַנען צוזאַ-

מען אין דער ריי, כדי זיך צו רעגיסטרירן אויף אַרויסצופאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין לעמבערג און האָב זיך זייער געוווּנדערט, ווען סארין האָט זיך פאַרשריבן אַרויסצופאָרן אין דעם קליינעם ווייסרוסישן שטעטל לידע. אין לעמבערג האָב איך געהערט, אַז אין לידע האָט סארין אַנטוויקלט אַ ברייטע וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט. איך האָב נאָך געהאַט די געלעגנהייט אים צו באַזוכן אין לידע און בין געווען איבעראַשט פון דעם, וואָס ער האָט אויפגעטאָן. דאָס איז געווען איין טאָג פאַרן איבערפאַל פון די היטלער־דייטשן אויפן ראַטנפאַרבאַנד. אין משך פון איין יאָר האָט ער באַוויזן צו שאַפן אין לידע אַ גרויסן מוזיי, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ רייכע זאַמלונג פון עקספּאָנאַטן פון פאַרשידענע געביטן.

אין איינעם פון די הייזער אויפן מארק, זענען אַלע זאַלן אויפן פאַרטער און ערשטן שטאָק געווען פאַרנומען מיט עקספּאָנאַטן פון זאָאָלאָגיע, באָטאַניק און געאָלאָגיע. אין די זאַלן אויפן צווייטן שטאָק, האָבן זיך געפונען בילדער, סקולפּטורן און גראַפישע אַרבעטן. עס האָבן אַפילו נישט געפעלט קיין עקספּאָנאַטן פון נומיזמאַטיק און אפילו אויטאָגראַפן פון אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן פוילישע, ווייסרוסישע און רוסישע. מיט שטאָלץ האָט מיר סארין געוויזן צוויי גאַבלאַטן, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען בריוו פון פעליקס דזשערזשינסקין, וועלכע ער האָט באַקומען פאַרן מוזיי פון דזשערזשינסקיס משפחה, וואָס האָט געוווינט אין דער געגנט פון לידע. נאָכן באַזוך אין מוזיי, בין איך אַריין מיט סאַרינען צו אים אין שטוב. ער האָט זיך מיר פאַרטרויט, אַז ער האָט בדעה אָנצושרייבן אַ וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אויף דער טעמע פון דער אַלטער איקאָנאָלאָגיע און צו שאַפן אַ קאַטאַלאָג פון דעם רייכן רעגיאָנעלן מוזיי פון לידע. ער האָט אויך געהאַט פלענער זיך אויסצוקלייבן קיין פּאָלעסיע, כדי דורכצופירן שטודיען איבער דער פראַגע פון אויסטרוקענען די פּאָליעסער בלאָטעס.

בער סארין איז דעמלט נאָך געווען אַ יונגער — אַן ערך דרייסיקיעריקער — פעסטגעבויטער, ברייט־פּלייציקער יונגערמאַן מיט אַ קאָפּ פון אַ לייב. ווען די פרוי מיט די קינדער זענען שוין לאַנג געשלאָפן, האָט נאָך סארין מיר פאָרגעלייענט זיין אַרבעט וועגן דער קירכע פון הייליקן פּאַוועל אין ווילנע. שפּעט בייננאַכט האָט ער מיך אָפּגעפירט אין האָטעל אַריין. ווען איך בין נאָר איינגעשלאָפן, האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ שרעקלעכע דעטאָנאַציע, פון וועלכער דאָס הויז האָט אַ ציטער געטאָן און די שויבן אין די פענצטער זענען נישט אַרויסגעפאַלן.

ווען איך בין צומאָרגנס אַריינגעפאַלן צו סאַרינען, האָט ער זיך נאָך

ניסט אָריענטירט, וואָס עס איז געווען די סיבה פון דער דעטאָנאַציע, ווען ער האָט זיך שפּעטער דערוווסט, אַז דאָס איז געווען אַן אָנפלי פון היטלעריסטישע באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען, האָט ער ניסט אויפגעהערט צו רעדן וועגן דער רויטער אַרמיי. און איר מעכטיקייט. „זי וועט און מוז זיגן“, האָט ער אויסגערופן מיט איבערצייגונג. ער האָט זיך גאָרניסט געקאָנט דערוואַרטן, מען זאָל אים נעמען אין דער אַרמיי אַריין. ווען ער האָט צומאָרגנס באַקומען אַ צעטל צו שטעלן זיך אין דער אַרמיי, איז ער געווען טיף גערירט.

ס'איז שווער צו פאַרגעסן דאָס בילד, ווען ער האָט זיך געזעגנט מיט די קינדער זיינע, וואָס זענען נאָך געשלאָפן. ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז אַלע טעג, ווען ער גייט אַרויס אינדערפרי פון שטוב, פלעגן די קינדער פריילעך אויפשפּרינגען אין די בעטעלעך, און היינט שלאָפן זיי ווי אין לעטאַרג און מען קאָן זיי גאָרניסט דערוועקן. געזעגנענדיק זיך מיט דעם עלטסטן טעכטערל, האָט ער געזאָגט צו איר: „איך גיי אין דער רויטער אַרמיי“ — דאָס קינד ווידער, האָט ניסט עפענענדיק די אייגעלעך געשאָקלט מיטן קעפּל.

מער האָב איך בער סאַרינען ניסט געזען. ווען איך בין אַרויס אין דער ריכטונג פון דער באַן־סטאַציע, האָבן די היטלעריסטן געמאַכט אַן אָנפלי אויף לידע. איך האָב שוין דעמלט ניסט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו זען זיך מיט סאַרינען. אין אַ צייט אַרום בין איך געוואָר געוואָרן, אַז סאַרינען איז געלונגען אומצוקערן זיך צו זיין משפּחה, מיט וועלכער ער האָט זיך עוואַקואירט קיין מינסק.

דאָ האָט ער אָנטיילגענומען אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. שפּעטער איז ער דעקאָנספּירירט און דערשאָסן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ. זיין פרוי (פון דער היים יאמבּרא), וועלכע איז געווען אַ לערערין, איז דעמלט אַוועק אין די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען. זי האָט איבערגעלעבט די אָקופּאַציע און לעבט היינט אין מינסק. אַזוי איז אומגעקומען בער סאַרין, אַ פילצוזאָגנדיקער געלערנטער, קינסטלער און דיכטער.

# רחל סוצקעווער

געווידמעט מאַריע פּעדעצקאַ — דעם
מוטיקן און איידעלן מענטשן.

רחל סוצקעווער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1905 אין סלאָנים. נישט לאַנג נאָך איר געבוירן האָבן די עלטערן אירע זיך אַריבערגעצויגן קיין ווילנע. דאָ, אויף דער יאַטקעווער גאַס, האָט איר פּאָטער געפירט אַ קליינע בעקעריי, וואָס האָט געשמט מיט איר געשמאַק אויסגעבאַקן ברויט און חלות. נישט קוקנדיק דערויף, האָט די פאַמיליע געלעבט אין דחקות. רחל איז דעריבער נאָך אַלס יונג מיידל געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן די היים און אַרויסלאָזן זיך אין דער וועלט זוכן אַרבעט. אין ניו־יאָרק האָט זי געהאַט אַ מומע, וועלכע האָט איר אַרויסגעשיקט אַ סערטיפיקאַט און אַזוי אַרום קומט רחל אָן אין די 20־ער יאָרן אין דער גרעסטער שטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

אָנקומענדיק אין דער גרויסער שטאָט צו אירע קרובים, האָט זי זיך איבערצייגט, אַז זיי זענען אָרעמעלייט און אַז זי וועט מוזן שווער אַרבעטן, כדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. נישט געפינענדיק קיין פּאַסיקע פאַר איר אַרבעט, איז זי געצוווּנגען אָנצונעמען די ערשטע בעסטע, וואָס קומט איר אונטער. זי ווערט אַ שווענקערין פון געפעס אין אַ גרויסן האָטעל. ביי דער דאָזיקער אַרבעט איז זי געווען באַשעפטיקט איז משך פון אייניקע יאָר. רחל בענקט נאָך איר היים אין ס׳קאָן זיין, אַז דאָס איז געווען די סיבה, פאַרוואָס זי האָט נישט געזוכט קיין אַנדערע מער פּאַסיקערע אַרבעט. די פרייע צייט נאָך דער אַרבעט פאַרברענגט זי אין האָטן.

זי אָבסערווירט אויפמערקזאַם דאָס רוישיקע לעבן איגעם ריזיקן ניו־יאָרקער האָפן. עס אינטערעסירן איר די דאָקערס, וואָס לאָדענען אויס גרויסע שיפן, טרעגערס, שאָפערן, וואָס פירן ריזיקע לאַסט־אויטאָס, און בכלל דער גאַנצער קאָלירפולער געזעמל, מיט וועלכן ס׳איז פול דער

האַפן. זי זעט דאָ אַרבעטער פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זוכן אַרבעט. דאָ טאַקע, אינעם האַפן, האָט רחל אָנגעהויבן צו צייכענען, זי איז אַליין אָפטער אַהערגעקומען, כדי אָנצוואַרפן סקיצן פון פאַרשידענע טיפּן, וועלכע זי האָט אָבסערווירט און פון פאַרשידענע געשעענישן. פון טאָג צו טאָג איז געוואַקסן דער הויפן פון די דאָזיקע טיפּן. איינמאָל איז אין האַפן אויסגעבראָכן אַ שטרייק און זי האָט געהאַט די מעגלעכקייט צוצוקוקן זיך צו פאַרשידענע סצענעס און בילדער אין צוזאַמענהאַנג דערמיט. זי האָט געזען דעם קאַמף פון די אַרבעטער מיט די שטרייק=ברעכער, פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן מיט די גומענע פּאַלקעס אַטאַקירט די אַרבעטער. די דאָזיקע בילדער האָבן אויף איר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק און זיך טיף איינגעקריצט אין איר זכרון.

אין אַ צייט אַרום פאָרט זי צוריק אַהיים. אָנקומענדיק קיין ווילנע, ווייזט זי אירע ניו=יאָרקער סקיצן אין דער קונסט=אָפּטיילונג ביים אוני=ווערסיטעט אויפן נאָמען פון באַטאָרי און ווערט תיכף אָנגענומען אַלס צוהערערין פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג. גלייכצייטיק האָט זי זיך גענומען גרייטן צו דעם עקזאַמען אויף אַ רייפקייט=צייגעניש, ווי אויך צו די מאָלער=שטודיעס. זי האָט שטודירט ביי דעם באַקאַנטן קינסטלער לודאָ=מיר שלעדזשינסקי. זי האָט אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט די לעקציעס פון קונסט=געשיכטע ביים פּראָפעסאָר מאָדעלעווסקי. די חברים אירע און חברטעס האָבן זי ליב געהאַט פאַר איר אויפריכטיקייט, אוממיטל=באַרקייט און גוטער באַציונג צו זיי. מיט אייפער האָט רחל זיך גענומען צו רעאַליזירן דאָס בילד אויף דער טעמע פון ניו=יאָרקער שטרייק, וואָס האָט זי אַזוי שטאַרק פאַסצינירט. בעת דער פאָטער אירער פלעגט ענדיקן דאָס באַקן, האָט זי פאַנאַנדערגעלייגט די גרויסע לייוונטן אויף דער ערד און מיט ברען געמאָלט, באַנוצנדיק זיך מיט די סקיצן, וועלכע זי האָט געבראַכט פון ניו=יאָרק. זי האָט זיך אָבער נישט געקאָנט פאַרנעמען בלויז מיט קונסט, זי האָט געמוזט אויך פאַרדינען, כדי צוצוהעלפן דער משפּחה אירער, זי האָט דעריבער געאַרבעט אָן אָפּרו.

ווען איך האָב זי באַזוכט זומער 1936, איז די וואַנט פון איר וווינונג פאַרנומען געווען מיט אַ גרויס בילד, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „שטרייק“. דאָס איז געווען אַ קאָמפּאָזיציע מיט זייער אַ רייכער סצענאַריע, לעבעדיק אין דער באַוועגונג, פול פון מענטשן מיט פאַרבי=סענע, צאָרנדיקע פּנימער, קאַמפּסגרייטע, מענטשן, וואָס טרעטן נישט אָפּ. דאָרט זענען אויך געווען מגוּוולדיקע פּנימער פון שטרייקברעכער,

ווי אויך דיקע פּאָליציאַנטן מיט אויפגעהויבענע גומענע פּאַלקעס. און דאָס אַלץ אויפן פאָן פון פּראַכטפולע, לאָקנדיקע שיפן, וואָס האָבן זיך געוויגט אויפן מילדן, בלויען ים־פּלאַך. מיט דער הילף פון באַצויבערנדיקע, טאָנירטע קאָלירן, בלויע און גרינע, אונטערשטרייכנדיק מיט רויט דעם רעוואָלוציאָנערן בונט פון די מענטשן, האָט רחל באַוויזן אויסצודריקן די דינאַמיק פון דער באַאַרבעטער טעמע.

דאָס דאָזיקע בילד איז געווען דאָס שטאַרקסטע צווישן די ערשטע אַרבעטן פון דער קינסטלערין. באַטראַכטנדיק דאָס דאָזיקע ווערק איצט, האָט מען זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן, וואָס די דאָזיקע קליינע רחל מיט די כמעט מאָנגאָלישע געזיכט־שטריכן, וואָס האָט אויסגעזען ווי א געזונטע פּויערטע, איז אימשטאַנד געווען צו שאַפן אזא מאָנומענטאַלע קאָמפּאָזיציע. און ווירקלעך, די דאָזיקע אַרבעט האָט וואַרשיינלעך א היפּש ביסל אויסגעשעפּט די קינסטלערין, ווייל נאָכדעם האָט זי געמאָלט לייכטערע זאַכן, פּאָרטרעטן, פּייזאַזשן, אַקטן און אפילו שטיל־לעבנס. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז זי האָט אינגאַנצן פאַרוואָרפן דאָס מאָלן קאָמפּאָזיציע און מאָנומענטאַלע בילדער.

אין קאַטאַלאָג פון דער 12־טער באַריכטס־אויסשטעלונג פון בא־טאָרי־אוניווערסיטעט געפינט זיך א רעפּראָדוקציע פון א פראַגמענט פון רחל סוקצעווערס א קאָמפּאָזיציע פון א באַל־זאַל פון יאָר 1934. די דאָזיקע אַרבעט זאָגט עדות, אַז זי איז אויך געווען א מייסטערין אין דער פרעסקן־מאָלעריי. איר טאַלאַנט וואַקסט און ווערט רייפער פון יאָר צו יאָר.

אין יאָר 1935 ענדיקט זי דעם אוניווערסיטעט. אין די שפּעטערדיקע אַרבעטן מאָלט זי בילדער פון טאָג־טעגלעכן לעבן, טיפּן פון שוסטערס, היטלמאַכערס, בעקערס אד״גל. זי מאָלט אויך פּייזאַזשן, וועלכע שטעלן פאָר די פאַרנעפּלטע געסלעך פון ווילנע. אין יענער צייט האָבן די צייטונגען געבראַכט אָפט באַשרייבונגען וועגן כוליגאַנישע אַרויסטריטן אויפן אוניווערסיטעט און אויף די גאַסן פון דער שטאָט. רחל זאַמלט דאַן מאַטעריאַל צו א נײַ טעמאַטיש בילד. איר שאַפנדיקער גייסט איז תמיד טעמיק, זי איז גיכער א שווײַגערין — אָבער לײַדנשאַפטלעך פיקסירט זי אירע באַאָבאַכטונגען און אײַנדרוקן. ס׳איז אינטערעסאַנט געווען זי צו אָבסערווירן בעת זי האָט א צעפּלאַמטע אָנגעהויבן צו מאָלן א נײַ בילד. זי האָט דעמלט געהאַט שנעלע באַוועגונגען, פלעגט נעמען דאָ איין פּענדזל, דאָ א צווייטן, אָדער האָט א גאַנצן הויפן פּענדזלעס א וואָרף

געמאָן אין א קרוג מיט וואסער, כדי אין א ווײַלע ארום א כאפּ צו טאָן א צווייטן און פאַנאַנדערפירן מיט אים די פארב אויף דער פּאַליטע. עס האָט זיך געדוכט, אז פונקען שפּריצן פון איר.

אפילו בעתן העכסטן פאַנאַנדערבלי פון איר שאפן, איז רחל סוצקעווער נישט אימשטאַנד געווען זיך אויסצוהאלטן פון איר קינסטלערישער ארבעט. אזעלכע פאָרגעשריטענע קינסטלער, ווי סוצקעווער, בער זאַלקינד, לעכאָווסקי אָדער שער האָבן פאָרגעשטעלט אין ווילנע אזא קליינע מינדערהייט, אז ס'האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד, אז מען זאָל זיי צולאָזן צו די אלגעמיינע אויסשטעלונגען.

אָבער רחל, אזוי ווי, איבעריקנס, אלע קינסטלער, האָט געפילט א באדערפעניש פון צייט צו צייט צו ווייזן אירע ארבעטן אירע פריינד און זי פלעגט דעריבער איינלאדן צו זיך גרופן פון די נאָענטסטע מענטשן. זי האָט דערביי פארמאָגט די מעלה, אז זי האָט געקאָנט רואיק אויסהערן קריטישע באמערקונגען וועגן אירע ארבעטן און אויב זי האָט איינגעפונען, אז זיי זענען ריכטיקע, איז זי אפילו דאנקבאר געווען פאר דער קריטיק.

נאָכן פאַראָלזן דעם אוניווערסיטעט, האָט רחל סוצקעווער אָפט געמאַלן פּאָרטרעטן. זי האָט געמאָלט דעם פּאָרטרעט פון דעם קינסטלער פּראָפעסאָר אדאם נאָווינסקי, וועלכער איז בעת דער אָקופּאציע אומגעקומען אין אָשוויענטשים, פון ד"ר ווימא לעווין, א גלענצנדיקער פּעדאַגאָג און געזעלשאפטלעכע טוערין, וועלכע איז געווען איינע פון די ערשטע קרבנות פון דער ווילנער געסטאַפּאָ, פון חוה סלוצקא-קעסטין, אלחנן וואָגלער, יוסף סאנדעל און אנדערע. פון אייניקע פּערזאָנען האָט זי מיילמאָל געשאפן צוויי און מערערע פּאָרטרעטן. נאָכן פארענדיקן פון איינעם אָדער עטלעכע פּאָרטרעטן פלעגט רחל געווײַנלעך איינאָרדענען א מין קליינעם קאָנסיליום, ווייל זי האָט געוואָלט זיין זיכער, אז די ארבעט, וואָס זי האָט געשאַפן, איז גוט ארויסגעקומען. אויב ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז די ארבעט איז נישט געלונגען, פלעגט זי צושטיין צום מאָדעל, ער זאָל פּאָזירן צו א צווייטן פּאָרטרעט. ווען מען פלעגט לויבן איר ארבעט, פלעגט עס זי גיכער שטעלן אין א פארלעגנהייט.

אין יאָר 1938 האָט רחל סוצקעווער איינגעאָרדנט אין ווילנע די ערשטע אויסשטעלונג פון אירע ארבעטן. אמת, דאָס איז נישט געווען קיין גרויסע זאַמלונג, אָבער דאָס וואָס איז געוויזן געוואָרן איז געווען אַ פּרעכטיקע בילדער-זאמלונג, וואָס האָט אויסגעדריקט דעם קינסטלערישן

קרעדאָ פון דער מאָלערין. זי האָט דאָ געוויזן אזעלכע ארבעטן, ווי „היימלאָזע“, „ציגיינער“, „וועשערינס“, ווי אויך די אויבנדערמאָנטע פּאָרטרעטן. חוץ דעם זענען דאָ געווען מאָטיוון פון ווילנע, ווי: די אנטאָקאָלסקיגאַס, די שקליארסקע, די גאון-גאַס, די בילדער: „בלומען“, „קינדער“, ווי אויך איין קאָמפּאָזיציע „פארטריבענע“. דער דאָזיקער סקיץ איז געווען דינאמיש און שטאַרק עמאָציאָנעל, גלייך ווי די קינסטלערין וואָלט אים געשאַפן אונטערן איינדרוק פון עפּעס א שווערן שרעקלעכן חלום, וועלכער איז ליידער אין לעבן פון דער קינסטלערין שפּעטער מקוים געוואָרן. רחל סוצקעווער האָט אויסגעשטעלט אירע בילדער צוזאמען מיט די ארבעטן פון אנדערע ווילנער קינסטלער אין ביאליסטאָק. חוץ דעם האָט זי זיך באטייליקט אין דער יובליי-אויסשטעלונג פון יידישע פּלאסטיקער אין ווארשע אין פעברואר-מערץ 1939.

רחל סוצקעווער האָט אויך מיט א סך געשמאַק פּראָיעקטירט הילעס צו ביכער. זי האָט אויך צו זיי אויסגעפירט אילוסטראציעס, זי האָט געמאַכט א פּרעכטיקע הילע צו וואָגלערס א בוך.

נאָך סעפּטעמבער 1939, ווען א סך קינסטלער זענען אַנטלאָפן קיין ווילנע, האָט רחל אנטוויקלט אן אייפעריקע טעטיקייט צו העלפן די פּליטים.

ערשט אין סאָוויעטישן ווילנע האָט מען אין דער פולער מאָס אָפּגעשאַצט די טאַלאַנטירטע קינסטלערין. אין דער אַלגעמיינער ליטווישער אויסשטעלונג, וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין נאָוועמבער-דעצעמבער 1940, איז רחל סוצקעווער אַ מיטגליד פון זשורי און פון אָרגאַניזיר-קאָמיטעט פון דער אויסשטעלונג. דער מלוכה-מוזיי האָט אָפּגעקויפט אייניקע אַרבעטן אירע. אויך אין ווילנער שטאָטישן מוזיי זענען געהאָנגען אירע בילדער. די סאָוויעטישע מענטשן האָבן זי פאַרוואָרפן מיט באַשטעלונגען אויף פּאָרטרעטן.

אין יוני 1941, און אפילו אַ פּאָר טעג פאַר דעם אָנפאַל פון די היטלעריסטן אויפן ראַטנפאַרבאַנד, האָט רחל מיר געוויזן אירע נייסטע ארבעטן. זי איז געווען פריידיק געשטימט און פול מיט לעבן. אין יוני 1941, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט רחל נישט באַוויזן זיך צו עוואַקואירן.

ווי ס'האָבן מיר שפּעטער דערציילט רחלס חברטעס, פוילישע פרויען, האָט זי פאַרן שאַפן דעם געטאָ געארבעט צוזאַמען מיט איר מאַן אינעם היטל-וואַרשטאַט, און ווען דער ווארשטאַט איז איבערגעפירט געוואָרן אין

געטאָ, האָט זי אויך דאָרט געאַרבעט אַ געוויסע צייט. ס'איז געווען אַ צייט, ווען רחל האָט געאַרבעט אַלס דינסט ביי די דייטשן.

אין מערץ 1943 האָט זי אָנטיילגענומען אין דער אויסשטעלונג, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין געטאָ. רחל האָט זיך האַרציק פאַרנומען מיט אַ נייגיאָריק אומגעווייגלעך טאַלאַנטירט ייִנגל זלמן באַק און האָט זיך באַמיט מען זאָל אים צוטיילן אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג איינע פון די אייגנגעשטעלטע פרעמיעס.*

רחל האָט אויך געמאָלט דעקאָראַציעס צו דער פּיעסע פון אַמאָן אינ־דיק „אַ מענטש אונטער דער בריק". די פּיעסע איז געשטעלט געוואָרן אין געטאָ.

אירע פּוילישע חברטעס האָבן אָנגעהאַלטן וויסאַנג ס'איז נאָר מעגלעך געווען אַ קאָנטאַקט מיט איר און איר געהאָלפן מיט וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. אַ טאָג פאַרן איבערגיין אין געטאָ האָט רחל באַזוכט איר חבר־טע ה. מילעווסקא, וועמען זי האָט איבערגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון אי־רע בילדער, אויך די מאַלערין הדסה גורעוויטש האָט דער זעלבער חברטע איבערגעגעבן צו באַהאַלטן אירע בילדער. די בילדער זענען אָבער פאַר־ניכטעט געוואָרן, ווייל דאָס הויז, וו מילעווסקא האָט געוווינט, איז שפּעטער צעשטערט געוואָרן דורך אַ באָמבע. דער איינציקער אָנדענק, וואָס איז צו־ליב אַ מאָדנעם צופאַל ניצול געוואָרן, איז אַן אילוסטרירטער קאַטאַלאָג פון דער אויסשטעלונג אין יאָר 1938 אין דער יידישער שפּראַך מיט אַ פאָררעדע פון אויטאָר פון דעם בוך. פון די ווייטערדיקע דערציילונגען פון דער זעלבער פרוי בין איך געוויר געוואָרן, אַז רחל האָט געקאָנט נאָך דער לעצטער „אַקציע" איבערבלייבן אין געטאָ און וואָלט מעגלעך לעבן גע־בליבן, נאָר זי האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן איר אַלטער מאַמע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף „אויסזידלונג" און איז צוזאַמען מיט איר אַוועק אין טויטן־לאַגער.

ס'איז שווער איינצושליסן די מאַלערישע פאָרם פון רחל סוצקעווער אין וועלכער ס'איז מאַלערישער ריכטונג, ווייל די דאָזיקע פאָרם האָט זיך כסדר געענדערט אָפּהענגיק פון דער טעמע, איבער וועלכער זי האָט געאַר־בעט. יעדער פאָרטרעט, וועלכן זי האָט אויסגעפירט, איז געווען ווי אַן אַסאָציאַציע פון איר שטימונג מיט דער פּערזאָן, וועלכער זי האָט געמאָלן. די קינסטלערין פּלעגט טיילמאָל זיך באַנוצן מיט דער שפּאַכלע, אָבער

* פונעם בוך: „ווילנער געטאָ" פון א. סוצקעווער.

אָפט האָט זי געקאָנט זיין אויסערגעוויינלעך ליריש און אַנאַליזירן יעדן מאָלערישן דעטאַל ביז צו די קלענסטע ניואַנסן. רחל סוצקעווער האָט געשטרעבט צו איר אייגענער פאָרם. די קינסטלערין איז וואָס אַן אמת אַרויסגעגאַנגען פונעם יסוד פון זאַפטיקער קאָלאָריסטיק אין זין פון אימפרעסיאָניזם, אָבער אַלס רעזולטאַט פון ערנסטן פאַרטראַכטן זיך איבער דער טעמע און טיפער הומאַניסטישער טענדענץ — זענען פון אונטער איר פענדזל אַרויס בילדער לעזבאַרע, כמעט רעאַליסטישע.

מיטן טויט פון רחל סוצקעווער איז פאַרשוווּנדן אַ נישט דורכשניטלעכער קינסטלערישער טאַלאַנט, און אַ מענטש מיט אַן איידעלער נשמה.

# מאַרצעלי סלאָדקי



מאַרצעלי סלאָדקי איז געבוירן געוואָרן דעם 11 נאָוועמבער 1892 אין לאָדזש. ער האָט געהערט צו די באַוווסטזיניקע קינסטלער, וואָס אָריענטירן זיך אין די שטרעמונגען פון הייגטצייטיקע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. ס'קאָן זיין, אַז צוליב דעם איז די קונסט זיינע אָפט באַהויכט מיט נעפּל פון אומעט און בענקשאַפט נאָך פרייד. סלאָדקי איז איינער פון די קינסטלער, וועמען דער דורשט נאָך וויסן האָט ארויסגעטריבן פון לאַנד און וועלכע זענען שויז געבליבן אין דער פרעמד, כדי די רעשט פון זייער לעבן צו פאַרברענגען אין נויט און בענקשאַפט.

מאַרצעלי סלאָדקי, וואָס האָט גלענצנדיק געקענט דעם לאַבירינט פון לאָדזשער אַרבעטער-לעבן, האָט זיך זייער גוט איינגעלעבט מיט די דייטשיש, פראַנצויזישע און איטאַליענישע אַרבעטער. ער איז אין פולן זין פון וואָרט געווען אַן אינטערנאַציאָנאַליסט.

אין יאָר 1910 איז מאַרצעלי סלאָדקי אַרויסגעפאָרן קיין מינכען אויף שטודיעו. דאָ האָט ער פאַרבראַכט קרוב דריי יאָר. דערנאָך איז ער אָפּגעפאָרן קיין איטאַליע און אין יאָר 1914 — קיין פּראָג. נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה איז דער קינסטלער אָפּגעפאָרן אין דער שווייץ.

אין דער שווייץ, ווי באַוווסט, האָט זיך דעמלט צונויפגעטראָפן די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ פון אַלע לענדער, כדי פון דאָרט צו פירן דעם קאַמף קעגן אימפּעריאַליסטישע מלחמות, וואָס האָבן אַזויפיל אומגליקן געבראַכט די פעלקער און פאַרשאַפט אַזויפיל קרבנות. ס'זענען דעמלט אַנטשטאַנען אין ציריך ראַדיקאַלע ליטעראַרישע און קינסטלערישע גרופן, די אַזוי גערופענע „דאַדאַאיסטן". זיי האָבן דאָרט געהאַט זייער אייגענעם קאַבאַרעט, וווּ זיי האָבן אין שאַרפע, גראָטעסקאַרטיקע סאַטירעס אויסגעלאַכט אַלץ, וואָס עס האָט געשאַפן די בורזשואַזע קונסט. אויפן געביט פון פּלאַסטישער קונסט האָבן די דאַדאַיסטן באַנוצט צו די קאָנסטרוקציעס פון די בילדער פאַרשידענערליי אינקרוסטאַציעס פון האָר, שמאַטקעס, שנורן, האָבן אַריינגעקלאַפּט גלזערנע אויגן און הענט פון פּאַפּע. מיט איין וואָרט, זיי האָבן זיך דערלויבט אויף פאַרשידענע אויסטערלישע איינפאַלן. סלאַדקי האָט אויך אַ געוויסע צייט געהערט צו די דאַדאַיסטן. אין יאָר 1919 האָט דער קינסטלער איינגעאָרדנט אין ציריך אַן אויסשטעלונג פון זיינע בילדער. זי האָט אַרויסגערופן אין די דאָרטיקע אינטעלעקטועלע קרייזן זייער אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג. שפּעטער האָבן אים פאַרבעטן זיינע פריינד קיין דייטשלאַנד. דאָ איז ער געוואָרן אַ ראַטגעבער פון דער בערלינער „ווילדער בינע", פאַר וועלכער ער האָט געשאַפן אַ גרויסע צאָל דעקאָראַציעס. ער האָט אויך אויסגעפירט ליניאָלעום-שניטן פאַר דער ראַדיקאַלער ליטעראַריש-קינסטלערישער צייטשריפט „די אַקציאָן", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך פראַנץ פפעמפערטן. אין יאָר 1924 האָט מאַרצעלי סלאַדקי פאַרלאָזט דייטשלאַנד און האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז.

אין סלאַדקיס מאָלעריי קאָן מען פעסטשטעלן אַ געוויסן ווידערשפּרוך צווישן זיין גוטער אָריענטאַציע אין די געזעלשאַפטלעך-פּאָליטישע באַציונגען און זיין קינסטלערישער שאַפונג. ער איז געווען אַ ליריקער, וואָס האָט פאַרמאָגט די דעליקאַטסטע טענער. ער האָט באַוויזן צו שאַפן פּראַכטפולע פּאָעטישע ווערק, וואָס זענען געווען אַן אויסדרוק פון זיין אַנטציקונג מיט דער שיינקייט פון דער נאַטור.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז ער האָט זיך ספּעציעל אינטערעסירט מיטן לעבן פון ציריך-אַרבעטער און פישערס. אויף דער דאָזיקער טעמע האָט מאַרצעלי סלאַדקי געשאַפן אַ זייער גרויסע צאָל בילדער. אין די דאָזיקע בילדער פילט מען דייטלעך אַרויס דעם הומאַניזם און די סאָציאַלע טענדענץ פונעם קינסטלער, ווי אויך די דיסקרעטע אַקצענטירונג פון דער ספּע-

ציטיק פֿון די דאָזיקע צוויי שווערע פּראָפֿעסיעס. אויך ציגײַנער זענען אים געווען נאָענט. ס'איז מעגלעך, אַז זײַן סימפּאַטיע צו דער טעמאַטיק, וואָס באַווײַזט די וואַנדערנדיקע מענטשן, שטאַמט דערפֿון, וואָס ער אַליין האָט געפֿירט אַ נישט סטאַביל, וואַנדערנדיק לעבן. ער, וואָס זײַן היימאַט=געסט איז געווען דאָס פֿאַבריקן=לאָדזש, האָט זיך מיט אַ פּוילישן פּאַס אַרומגעשלעפּט איבער פֿאַרשידענע לענדער פֿון אייראָפּע, מורא האָבנדיק מ'זאָל אים נישט אַרויסשיקן. אַזוי אַרום האָט די געפֿערלעכע באַשעפֿטיקונג פֿון אַ פֿישער, אָדער דאָס שווערע און נישט=סטאַבילע לעבן פֿון אַ ציריק=אַרבעטער אָדער ציגײַנער פֿאַרמאָגט עפּעס קרובהשם מיט זײַן אייגענעם גורל. סלאָדקי איז געווען אַ פֿאַרערער פֿון האָנאָר דאָמיע — דעם גרויסן מייסטער פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער סאַטירע פֿון לעבן פֿון פֿראַנקרײַך, וועלכער האָט אויך געשאַפֿן גערן אַן אַ סך בילדער פֿונעם לעבן פֿון ציריק=אַרבעטער.

אין יאָר 1934 איז מאַרצעלי סלאָדקי געקומען קיין וואַרשע. מעגלעך, אַז ער האָט בדעה געהאַט זיך סטאַביל צו באַזעצן אין פּוילן. ער האָט דעמאָלט אײַנגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פֿון זײַנע בילדער אין וואַרשעווער קונסט=סאַלאָן פֿון גאַרלינסקין. די וואַרשעווער פּרעסע האָט אָפּגעדרוקט גוטע אָפּרופֿן וועגן זײַן שאַפֿונג.

חוץ דער היפּשער צאָל פֿון „שטיללעבנס“ און אַקטן, האָט דער קינסטלער באַוויזן אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג פֿאַרשידענע וואַריאַציעס פֿון געשטאַלטן פֿון קלאָונען, אַקראָבאַטן, פּיעראָטן, וואַנדערער. עס איז דאָרט אויך געווען אַ בילד, וואָס האָט פֿאַרגעשטעלט בלומען=הענדלערקעס, בילדער פֿון די פּאַריזער גאַסן, פֿערד=ירידים, פּייזאַזשן פֿון די פּירענעען, סצענעס פֿון פֿישער=לעבן און אַנד. די אַלע בילדער האָבן עדות געזאָגט, אַז מאַרצעלי סלאָדקי איז געווען אַ פֿײַנער קאָלאָריסט, אַ מאָלער מיט אַ רײַכער פּאַלעטע. סלאָדקי, וואָס אַן אמת, איז געווען אַ פּאָסט=אימפּרעסיאָניסט, דאָך האָט ער נישט געלייגט קיין גרויס אַכט אויף דער דאָזיקער ריכטונג אין דער קונסט. ער איז געווען אַ מאָלער מיט אַ גרויסער קולטור. וואָס שייך זײַנע איבערצײַגונגען, איז ער געווען אַ סאָציאַליסט.

נאָך בעסער ווי אין דער מאָלערײַ האָט מאַרצעלי סלאָדקי אויסגעדריקט אין זײַנע צייכענונגען די רעאַליסטישקייט פֿון די דערציילונגען, ליטאָגראַפֿיעס און שטיכן. ער האָט אין זיי אַרויסגעבראַכט דאָס לעבן און די פּראָבלעמען פֿון פּשוטן מענטשן, זײַנע טאָג=טעגלעכע דאגות און בענקע=

גישן. זייער אויפמערקזאַם און מיט אַ סך האַרץ האָט ער באַשריבן מיט זיין קרייצאייזן אָדער קרעדקעס פאַרשידענע געשעענישן, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָקומענטן פון דער צייט. אַלץ, וואָס ער האָט אַקצענטירט, איז געווען ווערט צו אַקצענטירן, איז געווען שיין, ווייל מאַרצעלי סלאָדקי איז געווען אַ מאָלער מיט אַ הומאַניסטישער טענדענץ.

ער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטן אין פראַנקרייך.

# געלאַ סעקשטיין



אין דריי און אַ האַלב יאָר נאָכן אויסברוך פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט אַ בריגאַדע ערדאַרבעטער, אונטערגראָבנדיק זיך אונטער דעם קעלער פון די רואינען פון אַ הויז אין געוועזענעם געטאָ, אָנגעטראָפן זיך אויף 10 בלעכערנע קעסטלעך. די אויסגעגראָבענע קעסטלעך זענען אָפּגעטראָגן געוואָרן אין לאָקאַל פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די ייִדן אין פוילן, וואָס האָט זיך דעמלט געפונען אויף שעננע 60. דאָס איז געווען איינע פון דער קלייגער צאָל געביידעס, וואָס זענען געבליבן גאַנץ, נאָך דער פולקאָמער פאַרניכטונג פון וואַרשע. די שטאָט מיט אירע רואינען און בערגער מיט ציגל־ברוך האָט דעמלט געמאַכט אַ שוידערלעכן איינדרוק. און אָט האָט מען אין גרויסן זאַל אויף שעננע 60 אויסגעלייגט די 10 מיט בלעך באַשלאָגענע קעסטלעך, אַרום וועלכע ס'האָבן זיך געפּאָרעט אייניקע פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך געאיילט וואָס שנעלער אַרויסצובאַקומען די פּאַפּירן, דאָקומענטן, וואָס דערציילן וועגן דער מאַרטיראָלאָגיע פון די פוילישע ייִדן בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. דאָקומענטן פון פּיין פון מיליאָנען מענטשן און גלייכצייטיק דאָקומענטן, וואָס זאָגן עדות וועגן דער שאַנדע פון היטלעריסטישן רעזשים.

דאָס, וואָס די דאָזיקע 10 קעסטלעך האָבן אין זיך אַנטהאַלטן, איז געווען א טייל פֿונעם ארכיוו פֿון ווארשעווער געטאָ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך אייניקע מענטשן, וועלכע האָבן אונטער דער ליטונג פֿון ד״ר עמנואל רינגעלבלום צונויפֿגעזאַמלט און געשאַפֿן „אויף דער הייסער מינוט“ פֿארשידענע דאָקומענטן, וואָס האָבן באדארפֿט דערציילן וועגן גורל פֿון מענטשן, פֿארמשפּטע דורכן היטלער־רעזשים צו א זיכערן טויט. נאָך דער פֿארניכטונג פֿון כמעט אלע יידן, זענען די דאָזיקע קעסטלעך סוף כּל סוף ארייַנגעפֿאלן אין די הענט פֿון די, פֿאר וועמען זיי זענען באַשטימט געווען. אין וואָס פֿארא צושטאַנד עס זענען געווען די דאָזיקע דאָקומענטן, וואָס זענען אין געהיים און אין איילעניש באגראָבן געוואָרן, איז זיך נישט שווער פֿאָרצושטעלן. די צייט און די אונטערערדישע וואַסערן האָבן זייערס געטאָן.

איך האָב זיך פֿארנומען מיט אָפּראַטעווען די מאַטעריאַלן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין איינעם פֿון די קעסטלעך. דאָס זענען געווען אַקוואַרעלן און צייכענונגען — די ארבעטן פֿון דער קינסטלערין געלע סעקשטיין. זיי זענען געווען אינגאַנצן דורכגענעצט. איך האָב פֿאָרזיכטיק ארויסגענומען איין בילד נאָך דעם צווייטן און האָב זיי אויפֿמערקזאַם צוגעשפּיליעט צו דער פּאָדלאָגע. מען האָט דאָס באַדאַרפֿט זייער שנעל מאַכן, ווייל דאָס נאַסע פּאַפּיר האָט אייַנגעשרומפּן און זיך צונויפֿגעקלעפּט. דאָרט איז געווען איבער 300 שטיק. די אַקוואַרעלן און צייכענונגען האָבן פֿאָרגעשטעלט מיניאַטורן, קוועלעך און קינדערישע פֿיגורן. חוץ דעם האָבן זיך אויך געפֿונען פּאָרטרעטן פֿון יידישע שרייבער. ווי: שמעון האָראָנטשיק, א. קאַגאַנאָווסקי, פּאָמעראַנץ, ב. העלער, ברוך געלמאַן. פֿון ליטעראַטור־קריטיקער: יצחק בערנשטיין און אַנד. ס'איז אויך געווען א צייכן־פּאָרטרעט פֿון געלע סעקשטיין, וואָס שטעלט פֿאָר אַ מיד פֿאַרזאָרגט פּנים פֿון א פֿרוי, וואָס האָט דורכגעמאַכט א סך פּיין און ווייטיק. דער דאָזיקער קליינער פּאָרטרעט איז געווען פֿון אויבן אָפּגעשניטן און די אָפּגעשניטענע טייל, וואָס האָט דערגענצט דעם אויטאָפּאָרטרעט פֿון דער קינסטלערין, איז געלעגן באַזונדער. אַזוי איז אויך געווען מיט אַ סך אַנדערע בילדער.

געלע סעקשטיין, אַרייַנלייגנדיק די בילדער אין די קעסטלעך, האָט טייל פֿון זיי געמוזט קירצן, צופּאַסנדיק זיי צום ענגן שטח פֿון קעסטל.

באַטראַכטנדיק די דאָזיקע בילדער, וואָס האָבן זיך געטריקנט אויף דער פּאָדלאָגע, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז פּלוצעם זענען אויפֿגעשטאַנען

תחית־המתים אלע געשטאלטן, וואָס איך האָב געקענט פון פּלאַמאַצקע 13, און אז ס׳האָבן אויסגעלעבט די אלע קינדערלעך, וועמענס קעפּלעך די קינסטלערין האָט פּאראייביקט אויף צענדליקער בילדער. איך האָב אויך דערזען זי אליין, געלע סעקשטיין, ווי אלס שטיפעריש ייִנג מיידל, קוקט זי אריין אין לאָקאל פון ליטעראטן־פאריין, אָדער ווי איך האָב זי געזען, ווען איך האָב זי איינציקע מאָל באזוכט אין איר וווינונג.

צווישן די בילדער האָב איך אויך געפונען קאטאלאָגן פון אויסשטע־לונגען, אין וועלכע געלע סעקשטיין האָט פאר דער מלחמה אָנטייל־גענומען, אויסשניטן פון די „ליטעראַרישע בלעטער", „פאָרווערטס" און אנדערע צייט־שריפטן, אין וועלכע ס׳ווערט דערמאָנט די קינסטלערין, אָדער ס׳זענען אָפּגעדרוקט רעפּראָדוקציעס פון איר בילדער. די טראַגישסטע אָבער דאָקומענטן זענען געווען צוויי קליינע צעטעלעך, געשריבן דורך געלע סעק־שטיין, וואָס האָבן געטראָגן די דאַטע פון 1 אויגוסט 1942. אין איינעם גיט זי איבער קורצע ביאָגראַפישע ידיעות וועגן זיך. דאָס צווייטע צעטעלע שטעלט מיט זיך פאָר אַ צוואה פון דער קינסטלערין, וואָס איז געשטאַנען ביים ראַנד פון קבר.

אָט איז דער אינהאלט פון די לעצטע נאָטיצן פון געלע סעקשטיין, וואָס זענען אריינגעפאלן אין די הענט פון די, וועלכע האָבן איבערגעלעבט אין וועלכע קעמפן מיט אלע זייערע כוחות, אז אזעלכעס זאָל מער זיך קיינמאָל נישט איבערחזרן.

## די צוואה

### וואָס קאָן מען אין איצטיקן מאָמענט זאָגן און פאַרלאַנגען

ווען איך שטיי אויף דער גרענעץ פון לעבן און טויט, ווען איך בין מער זיכער, אז איך וועל נישט לעבן, ווי יאָ, וויל איך זיך געזעגענען מיט מיינע פריינד און מיינע ארבעטן.

10 יאָר ארבעט געקליבן, צעריסן און ווידער געארבעט, געגרייט זיך אויסצושטעלן מיינע בילדער און ספּעציעל די אויסשטעלונג „פּאָרטרעט פון יידישן קינד". איצט ראַטעווע איך לויט די מעגלעכקייטן וויפל איך קאָן און וויפל עס איז צוגעפּאסט דאָס אָרט. פאר דעם לאָז איך איבער אויף הפקר אויף גאָטס באראָט צענדליקער אייל־ארבעטן, פּאָרטרעטן פון יידישע שרייבער, סקיצן און אנדערע.

איך בעט נישט קיין שבחים, איך וויל נאָר א זכר פאר מיין נאָמען און פאר מיין טעכטערל, דאָס פעיקע מיידעלע מרגלית ליכטענשטיין, אויפן נאָמען פון מיין מאַן ליכטענשטיין, וואָס וועט ארויס צו 20 חדשים מאָלערישע פעיקייטן. א יידיש מיידעלע, רעדט א שיינעם יידיש און איז גייסטיק און פיזיש שיין אנטוויקלט. מיינע ארבעטן שענק איך אוועק דעם יידישן מוזיי, וועלכער וועט געשאפן ווערן אין דער צוקונפט, כדי צו רעסטאווירן דאָס יידישע קונסט-לעבן פון פאר דער מלחמה ביזן יאָר 1939, ביז דער גרוילעכער טראגעדיע פון יידישן קיבוץ אין פוילן.

איך בין נישט פעיק איבערצוגעבן פרטים וועגן אונדזער שוידערלעכן גורל, וועגן דער גרויסער טראגעדיע פון אונדזער פאָלק. דאָס לאָז איך איבער מיינע קאָלעגן יידישע שרייבער. איך בעט דעם מענטשן, די גע-זעלשאַפט, וועלכע וועט געפינען מיינע אַרבעטן, זאָל וויסן, אַז איך האָב דעם פאָרמאט געמוזט ארומשניידן און צופאסן צו די באדינגונגען.

כ'בעט צו וויסן געבן וועגן מיין גורל, גורל פון מיין מאַן און טעכ-טערל, מיין ליבע שוועגערין יענטע ליכטענשטיין מיט איר מאַן אברהם פוטערמאן אין בוענאָס-איירעס (איך קען זיי נישט פערזענלעך), מיין שוואָגער שלמה ליכטענשטיין מיט זיין פרוי גענידע פרידמאַן אין ארץ-ישראל, תל-אביב (דעם שוואָגער קען איך אויך נישט פערזענלעך), מיין פריינט ב. צ. האָריטאָן אין ניו-יאָרק, דעם ליבן חבר, געז. טוער און שריי-בער, מיינע חברים מאָלער פון ווארשע, ווילנע, וועלכע זענען אוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד, דעם גרויסן שרייבער י. י. זינגער, דעם ערשטן, וועלכער האָט מיין טאַלאַנט אנטדעקט. חוץ דעם אלע פריינד, חברים, שרייבער, וועלכע האָבן מיך געקענט.

איצטער בין איך רואיק, איך מוז אומקומען, אָבער מיינס האָב איך געטאָן. איך פרוּוו באהאלטן א זכר פון מיינע ארבעטן. זייט געזונט, מיינע חברים און פריינד, זייט געזונט, יידיש פאָלק, דערלאָזט נישט מער צו אזעלכע חורבנות.

ג ע ל ע ס ע ק ש ט י י ן

ערשטער אויגוסט 1942.

# מאַקסימיליאַן עליאָוויטש

מאַקסימיליאַן עליאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1890 אין ראַצאָנזש, אַ קליין שטעטעלע נישט ווייט פֿון פּלאָצק. שפּעטער האָט זיך די משפּחה עליאָוויטש איבערגעטראָגן קיין פּלאָצק. דער עלטסטער זין מאַקס האָט זיך געלערנט זייגערמאַכעריי און האָט געאַרבעט אַלס זייגער־מאַכער ביזן יאָר 1920. אין די פֿרייע מינוטן האָט ער זיך פֿאַרנומען מיט צייכענען און מאָלן. הויפּטזעכלעך האָט אים אינטערעסירט דאָס מאָלן פּאָרטרעטן. שוין זיינע אַמאַטאָרישע אַרבעטן האָבן אים באַרימט געמאַכט אין פּלאָצק. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט עליאָוויטש שוין געוווינט אין וואַרשע און צוזאַמען מיטן סקולפּטאָר בער קראַטקאָ און דעם מאָלער יוסף זיידענבייטעל האָט ער געהערט צו די קרייזן, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו י. ל. פּרצן. אָבער די פֿאָלקסטימלעכקייט, וואָס איז אַזוי מייסטערהאַפֿט געקומען צום אויסדרוק אין די ליטעראַרישע שאַפֿונגען פֿון פּרצן, שלאָגט זיך זעלטן דורך אין עליאָוויטשעס בילדער. אַנדערע יידישע קינסטלער ווי מינקאָווסקי, י. וויינלעז, י. זיידענבייטעל אָדער די סקולפּטאָרן ב. קראַטקאָ און עליאַסבערג האָבן געקאָנט זייער טרעפֿלעך אַרויסברענגען די ספּעציפֿישקייט פֿון דער יידישער סביבה, וועלכע האָט נאָך געשטעקט מיט אַלע אירע וואָרצלען אינעם טראַדיציאָנעלן רעליגיעזן לעבנסשטייגער.

שוין אין יאָר 1917 באַווייזט זיך אויף דער אויסשטעלונג אין זאַכענטע (אונטערן נומער 45 פֿונעם קאַטאַלאָג) עליאָוויטשעס אַ פּאָרטרעט פֿון דעם פּראַלאַט ק. (קאָוואַלעווסקי פֿון פּלאָצק). מיר זעען אַלזאָ, אַז נישט קוקנדיק דערויף, וואָס עליאָוויטש האָט נאָך נישט פֿאַרמאָגט קיין העכערע קינסטלערישע בילדונג, איז זיין בילד דורכגעגאַנגען דעם זשורי פֿון באַרימטע קינסטלער און איז קוואַליפֿיצירט געוואָרן אַלס אַ בילד, וואָס פּאַסט זיך פֿאַר דער אויסשטעלונג אין זאַכענטע. — אין יאָר

1920 איז עליאָווימש אָנגענומען געוואָרן אין דער העברעער שול פאר פּלאַסטישער קונסט אין ווארשע, ווו ער האָט שטודירט אונטער דער לייטונג פון דעם באַרימטן פּאָרטרעטיסט סטאַניסלאַוו לענטץ. אין יענעם פּעריאָד האָט עליאָווימש אָנטיילגענומען אין צוויי אויסשטעלונגען, וועלכע ס'האָט איינגעאָרדנט די יידישע קהלה. אין זומער 1921 שטעלט ער אויס „אַ קאָפּ פון אַ זקן", „אַ פּאָרטרעט פון אַ זקנה", ווי אויך אַ פּאָרטרעט פון ה' מ. (וואַרשעווער זאַמלער פון קונסטווערק בנימין מינץ, וועלכער האָט אויסגעבאָרגט די דערמאָנטע 3 בילדער). אינעם הארבסט-סאַלאָן, וועלכער איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין יאָר 1922, האָבן זיך באוויזן 3 אנדערע פּאָרטרעטן עליאָווימשעס: „דער פּאָרטרעט פון אינזשעניער ק.", „דער פּאָרטרעט פון מעצענאַס ס." און „דער פּאָרטרעט פון דער פרײלין ק.".

אין דעם זעלבן סאַלאָן האָט אויך אָנטיילגענומען די פרוי פונעם קינסטלער, סטעפאַניאַ, וועלכע האָט אויסגעשטעלט אַ „הערבסט-פּייזאזש" און 2 צייכענונגען.

מאַקסימיליאַן עליאָווימש איז מיט דער צייט געוואָרן אַן אנערקענטער פּאָרטרעטיסט אין די קרייזן פון דער יידישער בורזשואזער אינטעליגענץ פון וואַרשע. זיינע בילדער צייכענען זיך נישט אויס מיט קיין איינהייטלעכן כאראַקטער. טייל פון זיי זענען ניכטערע, פּראָזאישע, וואָס שטרייטן נישט איבער די גרענעצן פון דעם ציל, וועלכן זיי האָבן באַדאַרפט דינען, ד. ה. זיי האָבן געהאַט אַ ווערט בלויז פאַר די פּערזאָן, וועלכע איז פּאָרטרעטירט געוואָרן. דאָס זענען גיכער קאָמפּראָמיס-פּאָרטרעטן. זיי זענען אַנטשטאַנען צוליב צוויי סיבות: אָדער ס'איז נישט געלונגען אַרויסצובאַקומען פונעם מאָדעל קיין שום ספּעציפישעס, אָדער דער קינסטלער האָט זיך געלאָזט איינבייגן צו די פּאָדערונגען פונעם באַשטעלער און זיך איינגעפּאַסט צום געשמאַק.

עליאָווימש האָט זיך נישט באַנוצט מיט דעם מעטאָד פון מעכאַנישן אימפּראָוויזירן, וואָס איז געווען דעמלט אַזוי שטאַרק אָנגענומען. עליאָווימשעס קונסט קאָן מען גיכער פאַררעכענען צו דער נעאָקלאַסישער ריכטונג, וואָס ריכטעט זיך מיטן פּרינציפּ פון רעגולמעסיקייט הן אויפן געביט פון דער צייכענונג הן פון דער פאָרם. אויף דעם געביט האָט דער קינסטלער פאַרמאָגט אַלע טעכנישע מיטלען. דעריבער מאַכן עליאָווימשעס פּאָרטרעטן פון ערשטן אויגנבליק דעם איינדרוק פון לאָגישע, אין זיך געשלאָסענע שאַפונגען. דער קינסטלער האָט זיך באַשרענקט

הויפּטזעכלעך צום אַרויסהייבן די ענלעכקייט-שטריכן פֿונעם מאָדעל. אין אַזוי — להיפּוך צו סטאַניסלאַוו לענטצן, וועלכער האָט געשאַפֿן דינאַמישע געשטאַלטן, פֿול מיט רעאַליזם, ווי אין די בילדער „דער שטרייק“, „הלוואה“ און אנד. קאָמפּאָזיציעס — איז עליאָוויטש זעלטן ווען איבערגעשטיגן די ראַמען פֿון פּאָרטרעט, אַקט, שטיל-לעבן אָדער פּייזאַזש. ער האָט אַלזאָ געשאַפֿן הויפּטזעכלעך פֿונעם מאָדעל.

חוץ סטאַליע-אַרבעטן האָט מאַקסימיליאַן עליאָוויטש זיך פֿאַרנומען אין די לעצטע יאָרן פֿאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה מיט פּראַקטיקירן אײַנאָרדענונגען פֿון וווינונגען ווי אויך דעקאָראַציעס פֿון שוי-פֿענצטער אין געוועלבן. אויף דעם געביט האָט ער אַפֿילו באַקומען אין יאָר 1937 דעם ערשטן פּריז פֿונעם וואַרשעווער מאַגיסטראַט אינעם קאָנקורס פֿאַר דעם שענסטן שוי-פֿענצטער. ס'פֿלעגט אויך טרעפֿן, אַז דער קינסטלער האָט עקספּערימענטירט. אַזוי צ. ב. איז די אָפּגעראַטעוועטע ליטאָגראַפֿיע פֿון עליאָוויטשן „א קאָפּ פֿון א רב“ א באַווייז, אַז דער קינסטלער האָט געשטרעבט טיילמאָל צו פֿאַראיינפֿאַכיקן די פֿאָרם, איינהאַלטנדיק די קראַפֿט פֿון עקספּרעסיע און דינאַמיק. אויף די אויסשטעלונגען שיקט ער איבער הויפּטזעכלעך פּאָרטרעטן. דאָס זענען געווען בילדער פֿון באַקאַנטע וואַרשעווער פּערזענלעכקייטן ווי ד״ר עדעלמאַן, די קינדער פֿון ד״ר לעווין, ד״ר י., ד״ר ס. די אַלע דערמאָנטע פּאָרטרעטן האָבן זיך באַוויזן אויף איין און דער זעלבער אויסשטעלונג. עליאָוויטש האָט אויך געמאָלט נאַטור-בילדער, אָבער זיי פֿלעגן זיך זעלטן באַווייזן אויף די אויסשטעלונגען.

אין יאָר 1935 האָט מ. וו. (מיעטשיסלאַוו וואַליס) אין זיין רעצענזיע, געדרוקט אין דער „וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקיע“, וועגן דער אויסשטעלונג אין דער יידישער קינסט-געזעלשאַפֿט געשריבן: „אינדיווידואַליטעטן זענען דאָ ווי איבעראַל זעלטן צו טרעפֿן. עליאָוויטש סמאַקעוועט אין זייער דעליקאַטע, דינע פֿאַרבן ניואַנסן. זיין „שטיל-לעבן“ דערמאָנט די ראָקאָקאָ-מאָלערייען אויף פּאָרצעליי“. אין יאָר 1938 דאַקעגן האָט מיכאַל וויינציער געשריבן וועגן עליאָוויטשן: „אין די פּאָזיציעס פֿון די אויסשטעלונג-קאַטאַלאָגן טרעפֿט זיך זעלטן דער נאָמען פֿון מאַקסימיליאַן עליאָוויטש. איצט שטעלט דער קינסטלער אַרויס 2 אַרבעטן, וואָס וואַרפֿן א נייַ ליכט אויף זיין מאָלעריי. דער קינסטלער האָט דערגרייכט א גרויסע סובטעלקייט פֿון דער פֿאַרבן-גאַמע, ער בויט די פֿאָרמען מיט דער הילף פֿון דער פֿאַרב און אַזוי אַרום גייט ער אין דער ריכטונג פֿון אַן אינטערעסאַנטער מאָלערישער סינטעזע. ס'וואָלט געווען זיי-

ער געווונטשן, אַז עליאָוויטש זאָל נאָך אַזאַ לאַנגן איבעררייס אַרויסטרעטן מיט אן אייגענע געזאמלטע אויסשטעלונג".

ווארשיינלעך איז דאָס געווען די לעצטע אויסשטעלונג, אויף וועלכער ס'האָבן זיך באוויזן די ארבעטן פון מאקסימיליאן עליאָוויטש.

ווי עס דערמאָנט אין זיינע דערינערונגען פון די אָקופּאציע־יאָרן דער מאָלער פעליקס פוטערמאַן, זאָל עליאָוויטש צוזאַמען מיט פעליקס פרידמאַנגען, שמחה טראכטערן און דעם מחבר פון טאָג־בוך האָבן באקומען א באשטעלונג צו באַפּוצן דעם רעפּרעזענטאציע־זאַל פון דער יידישער קהלה. זיי זאָלן האָבן אויסגעמאָלט אויף איינער פון די ווענט פינעם זאַל אַ ריזיקן בילד „איוב". פוטערמאַן דערמאָנט אויך, אַז עליאָוויטש איז צוזאמען מיט איים דעלעגירט געוואָרן פון יודענראט צו באַפּוצן די ווענט פונעם פּאַווילאָן פון דער אויסשטעלונג פון דער אזוי גערופענער „טראנספערשטעלע".

מ'האָט זיי איינגעטלעך איבערגעגעבן אויסצופירן געוויסע טעכנישע ארבעטן, אָבער דער לייטער פון דער אויסשטעלונג האָט זיי פאָרגעלייגט צו שאפן א בילד, וואָס זאָל סימבאָליזירן די ארבעט פון די יידן. זיי זאָלן האָבן דעמלט געשאפן א ריזיקן בילד, וואָס שטעלט פאָר א יידישן שמיד ביי דער ארבעט. ווען זיי זענען דעם צווייטן טאָג ווידער געקומען אין פּאַווילאָן אַריין, האָבן זיי געטראָפן דאָס בילד ליגן אויף דער ערד אַ צעטרעטנס. לויט ווי ס'גיט איבער דער זעלבער פוטערמאַן, האָט דער לייטער פון דער אויסשטעלונג, א דייטש, געשאָנקן אים מיט עליאָוויטשן זילבערנע פּאַפּיראָסן־פּושקעס, אזוי צופרידן איז ער געווען פון בילד. א צווייטער דייטשער אָפיציר דאַקעגן, ווען מ'האָט דאָס בילד געוויזן, האָט באַפוילן עס אראָפּצונעמען און פארניכטן.

בעת די אויסזידלונגען פון ווארשעווער געטאָ, איז עליאָוויטש, אלס איינער פון די מיטגלידער פונעם קינסטלער־קאָאָפּעראַטיוו אויף מילנע 9א, צוזאַמען מיט די איבעריקע קינסטלער איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם טראנספּאָרט קיין טרעבלינקע, וווּ ער איז אומגעקומען. אויך זיין פרוי סטעפאניא (פון דער היים ברענדלער), א פעיקע מאָלערין, איז אומגעקומען צוזאמען מיט זייער זון.

מאקסימיליאן עליאָוויטש איז אין די לעצטע יאָרן פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַ פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער יידישער געזעלשאפט צו פארשפרייטן קונסט און לייטער פון די אויסשטעלונגען, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן ביי דער דערמאָנטער געזעלשאפט.

# ערנאָ ערב

זיין אייגנטלעכער נאָמען איז געווען יצחק און ער איז געווען א זון פון אברהם ערב. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1878, ווארשיינלעך אין לעמבערג, ווו ער האָט אין משך פון זיין גאַנץ לעבן פארבראכט. דער דאָזיקער מאָלער איז געווען זייער פּאָפּולער נישט נאָר אין זיין געבוירן־שטאָט לעמבערג, נאָר אויך אין גאַנץ קליינפּוילן, ווו ער איז באקאנט געווען אלס ערנא ערב. ער האָט געשאפן מייסטנס בילדלעך פון נישט קיין גרויסן פאָרמאט, וואָס שטעלן פאָר פראגמענטן פון פּוילישן, הויפּטזעכלעך, קליינפּוילישן פּייזאזש, ווי אויך שטייגער־בילדער פונעם לעבן פון שטאָט און דאָרף. צום גערנסטן האָט ער געמאָלט מארק־הענדלערינס, פּויערים, וועלכע קומען צו פאָרן מיט אויבסט און עופות אויפן מארק, יידן לאַנגגעקליידעטע, אוקראַינער אין נאַציאָנאַלע מלבושים און אַנד. דאָס אַלץ האָט ער געשאַפן אַזוי ווי „אויף איין פוס", אָן וועלכער ס'איז טיפערער געדאנקען־באזוג. די דאָזיקע אידילישע בילדלעך האָבן לייכט געפונען קונים און דערמוטיקט פון דעם דערפאָלג, האָט דער קינסטלער זיך מייסטנס צוגעפאסט צום געשמאק פון זיינע קליענטן. דאָס הייסט אָבער נישט, אז ערב האָט נישט געקאָנט שאפן טיפערע ארבעטן פון א וועזנטלעכן ווערט. ווען ס'איז אים שטארק געלונגען צו דערגרייכן א העכערן ווערט אין וועלכער ס'איז פון זיינע ארבעטן, פלעגט ער אין איר ארייגלייגן אַ סך מי, און דעמלט האָט ער דערגרייכט אַ נישט דורכשניטלעכן ניוואָ. ער האָט געמאָלט פשוט, אָן פרעטענזיעס און האָט אויפגעכאפּט אַלץ, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט. די דאָזיקע לאַנדשאַפטן, געזען דורכן פּריזמאט פון א קורצווייליקער שטימונג פונעם קינסטלער, האָבן איבערראשט דאָס אויג מיט דער שפּיל פון שאָטן און ליכט. ער האָט אויפגעכאַפּט אויף דער הייסער מינוט פאַרשידענע סצענקעס, און אַזוי ווי ער

האָט ליב געהאַט צו מאָלן פּאַסירונגען מיט א לעבהאַפטע אַקציע, האָט ער אָפט נישט ווילנדיק אַרייננגעפירט אַ היפּשע צאָל געזעלשאַפטלעכע מאָטיוון. ערב איז אייגנטלעך געווען אַ שטייגער-מאָלער. אין זיין מאָלעריי האָט ער גערן זיך באַנוצט מיטן שפּאַכטל, ארויפלייגנדיק די פאַרב אין דיקע שיכטן. אַזוי אַרום האָט ער געשאַפן אַ גרויסע צאָל נישט רעסטילירטע בילדלעך, וואָס האָבן געפונען קונים צווישן די מיטעלע און פאַרמעגלעכע קרייזן פון די שטאָטישע איינוווינער. אַז ערב האָט זיך אויך פאַרנומען מיט ערנסטער מאָלעריי, זאָגט עדות דער פאַקט, וואָס אויף דער אַלגעמיינער אויסשטעלונג אין פּויזן, אין יאָר 1929, האָט זיך אויך געפונען זיינס א בילד.

נאָכן סעפּטעמבער 1939 האָט ערב ווייטער א סך געמאָלן. אין דער טעמאַטיק פון זיינע אַרבעטן פון יענער צייט גייען אַדורך א סך דאָרפישע מאָטיוון, אוקראַינישע טיפּן, פּויערים ביי די אַרבעטן אין פעלד, בעת א פאַרווײלונג, אויפן מאַרק און אַנד. אין אַזעלכע בילדער באַנוצט זיך דער קינסטלער גערן מיט פאַרשידענע זילבער-טאָנאַציעס, דורכגעפלאָכטן מיט גרין און רויט.

אין די יאָרן 1939/40 האָט ערב אָנטיילגענומען אין די אויסשטעלונגען פון די לעמבערגער קינסטלער אין מאָסקווע, כאַרקאָוו, קיעוו. אין יוני 1941 איז ערב אַריינגעפאַלן אין לעמבערגער געטאָ. ער האָט דורכגעמאַכט די גאַנצע מאַרטיראָלאָגיע פון די דאָרטיקע יידן און איז אומגעקומען אין יאָר 1943.

פון ערבס צאָלרייכע בילדער זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן א קליינע צאָל. אויף דער אויסשטעלונג צו באַערן דעם אָנדענק פון די דערמאָרדעטע יידישע קינסטלער, וואָס איז אין יאָר 1948 איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט, האָט מען געטראָפן בלויז איינציקע בילדער פון ערבן. די דאָזיקע בילדער האָבן פאַרגעשטעלט די באַליבטע מאָטיוון זיינע: „אויפן מאַרק“, „א הענדלערין פון גרינס“, א „יידישער הענדלער“ און איין פּייזאַזש.

# סאַמועל פינקעלשטיין

סאַמועל פינקעלשטיין האָט שטודירט אין די יאָרן 1913—1914 אויף דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע ביים פּראָפעסאָר וויטשעך וויים. פון די אַקטן וואָס געפינען זיך אין דער אַקאַדעמיע, איז שווער צו באַשטימען, צי פינקעלשטיין האָט געשטאַמט פון לאָדזש, צי פון סאַנדאָמיר. פאַר איי־נע פון זיינע אַרבעטן איז ער בעת זיינע שטודיען אויסגעצייכנט געוואָרן. בלויז די דאָזיקע ידיעות איז מיר געלונגען צו באַקומען פון דער צייט פון זיינע שטודיען אין דער אַקאַדעמיע.

אין פּוילן איז פינקעלשטיין אָפּגעשאַצט געוואָרן ווי אַ גוטער מאָלער. לויט די דעמאָלטיקע פאָדערונגען, איז סאַמועל פינקעלשטיין ווירקלעך געווען אַ פּולבלוטיקער מאָלער און דערצו זייער אַ פרוכטבאַרער. ער איז געווען אַן אימפּרעסיאָניסט. זיין מאָלערישע פאָרם איז געווען זייער אַ פּשוטע און מוואָלט אַפילו געקאָנט זי באַצייכענען ווי אַ פּראָסטאַצקע. ער האָט קיינמאָל נישט דורכגעפירט קיין סעלעקציע צווישן דעם, וואָס איז ווערט צו צייכענען און וואָס נישט. ער האָט דעריבער אָנגעהויפט אַ גרויסע צאָל בילדער, פון וועלכע יעדעס איז איבערגעלאָדן געווען מיט די פאַרשידנסטע נישט נייטיקע איינצלהייטן.

דער קינסטלער האָט אַריינגעפירט אין זיין טעמאַטיק דעם גאַנצן אַר־סענאַל פון קליינבירגערלעכע געוווינהייטן, וואָס האָט אָפט אַרויסגערופן ביים צושויער אַ ווידערגעפיל צו זיינע בילדער. דערביי האָט פינקעלשטיין געמאָלט גוט, ער האָט גלענצנדיק אָנגעפילט דעם קאָלאָריט. דאָס בילד זיינס האָט ער פונדעסטוועגן פאַרדאָרבן, סמאַקעווענדיק אין אידיליעס, טיילמאָל נישט געשמאַקע. די מענטשן, וועלכע ער האָט פאָרגעשטעלט, האָבן געווים אין זייער סביבה געפירט אַ גראָ, שווער, איינטאָניק לעבן, דאָס זע־נען געווים געווען מענטשן, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך אַ שטיקל ברויט,

אָבער די וואַרעמע קאָלירן, אין וועלכע די בילדער זענען געהאַלטן געוואָרן, זענען געווען אַ ראַשיקער קעגנזאַץ צו דעם לעבנס־אמת.

ס'קאָן זײַן, אַז דער קינסטלער אַליין איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין אַזאַ לעבנס־קרײַז, ווײַל די גאַנצע מאַסע קעגנשטאַנדן, וועלכע ער האָט פֿאַרגעשטעלט, איז געווען געשמאַקלאָז, סטיללאָז, צופֿעליק, אָפֿט זינלאָז. אָבער גאָר אַנדערש האָט פֿינקעלשטיין טראַקטירט די נאַטור, הגם אויך דאָ האָט זיך געטראָפֿן, אַז ער פֿלעגט צונויפֿפֿרעסן אין איין בילדל דאָס גאַנצע דאָרף מיט איִרע כאַטעס, אינווענטאַר און מענטשן, גלײַך ווי ער וואָלט דאָס צונויפֿגעקליבן אין איין ענג שטיבל.

פֿינקעלשטיין, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט געמאָלט אַלץ, וואָס ער האָט געזען, ער האָט געמאָלט אַ סך און אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען אַ גאַנצער קאַליידעסקאָפּ פֿון טעמעס, וועלכע ער האָט באַאַרבעט. מיר גיבן איבער אַ קלײנע טייל פֿון זיי: „מײַן גלעזער", „די פֿלאַזשע", „די ציגײַנער", „שיפֿן אויף דער טויטער ווייסל", „אַ מאַרק", „די שפּײַכלער", „וואַגאָנען", „הײזלעך צווישן ביימער", "אַ פּרוויען־שטודיום", „אויף די רושטאָוואַניעס", „דאָס גרינע הײזל", „די מאָלצײַט", „אַלעק", „מאָטיוו פֿון די פּיעניגנען", „אַ ייִד אַ דראָזשקאַזש", „אַ ייִד מיט אַ קאַפּל", „די קרייצונג פֿון רב עקיבא", „בלומען אין אַ וואַזאָן", „שטיל לעבן מיט פֿיש", „שטיל לעבן מיט פּרוכטן", „אַ פּאָרטרעט פֿון אַ רב", „אַ פּאָרטרעט פֿון דעם ווײַב" און אַנד.

די אַלע מאָטיוון האָט ער טראַקטירט אַזוי ווי אַ מין מאָלערישן פּעליעטאָן. צווישן זײַנע בילדער האָבן זיך אויך געפֿונען אַ סך אַרבעטן, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט אַ הויכן קינסטלערישן ווערט. די מאָטיוון, פֿאַר וועלכע דער קינסטלער האָט געהאַט אַ טיפֿערן סענטימענט, האָט ער טראַקטירט רעאַליסטיש און מיט אַ געפֿיל פֿון מאָס. צו די דאָזיקע אַרבעטן זײַנע געהערט דאָס בילד „די לײַענדיקע פֿרוי". די פֿאַרגעשטעלטע געשטאַלט האָט פֿינקעלשטיין געמאָלט זייער בולט, כמעט ווי פּאָרטרעטמעסיק.

אַממײַנסטן כאַראַקטעריסטיש האָט ער טראַקטירט די הענט און דאָס געזיכט פֿון דער לײַענדיקער. פֿאַרטאָן אין לײַענען, זיצט אַ ייִדישע פֿרוי, מעגלעך, זײַן מוטער, אין אַ טיפֿן פֿאָטעל, אַרומגעוויקלט מיט אַ שאַל. דאָס גאַנצע בילד אין קאַבינעט־פֿאָרמאַט, אײַנגעהאַלטן אין קלאַנגפֿולע, האַרמאָנישע קאָלירן, צייכנט זיך אויס מיט אַ סך טאַקט און דיסקרעציע.

סאַמועל פֿינקעלשטיין האָט אָפֿט פֿאַרבראַכט אין קוזמיר, ווו ער פֿלעגט זומער־צײַט מאָלן. ער האָט אויך געמאָלט די אַלטע דאַנציקער

שפּייכלערס, פּייזאַזשן פון די טאַטרן=בערג און אַנד. דער קינסטלער האָט געהערט צום קראָקעווער צעד פון קינסטלער א. נ. „יעדנאָרוג“ („איינהאָרן“). מיט דער דאָזיקער קינסטלער=גרופּע האָט ער אויסגעשטעלט אין קראָקע און אין אַנדרע שטעט פון פּוילן. אין יאָר 1930 האָט ער איינגעאָרדנט, צוזאַמען מיט איגנאַצי הירשפּאַנגן אַ געזאַמלטע אויסשטעלונג פון זיינע בילדער. די ביידע קינסטלער זענען זיך נאָענט געווען אינעם מאָלערישן טראַקטירן דעם מאָטיוו. אויף דער אויסשטעלונג אין יאָר 1937 אין בידגאָשטש אין דעם אָרטיקן שטאָטישן מוזיי, האָט ער געהאַט 6 בילדער. ער האָט אויך אָנטיילגענומען אין די קאָלעקטיווע אויסשטעלונגען, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין וואַרשע דורך דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט. אין דעם זעלבן יאָר האָט ער אויסגעשטעלט אינעם קאָמיטעט פון פריינד פון דער פּוילישער קונסט אין וואַרשע אין דער בירגער=רעסורסע. צום סוף האָט ער אין יאָר 1938 אָנטיילגענומען אין יערלעכן סאַלאָן פון דער יידישער קונסט=געזעלשאַפט.

אין דער ליטעראַריש=קינסטלערישער צייטשריפט האָבן זיך גאַנץ אָפט באַוויזן אָפּרופן וועגן די בילדער פון סאַמועל פינקעלשטיין, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף די אויסשטעלונגען. אין די זאַמלונגען פון דער קונסט=צייטשריפט „שטוקי פּיענקנע“ האָבן זיך פון צייט צו צייט באַוויזן רעפּראָדוקציעס פון די בעסטע בילדער זיינע.

בעת דער היטלער=אָקופּאַציע האָט זיך פינקעלשטיין געפינען אין וואַרשעווער געטאָ. ער זאָל האָבן געאַרבעט אין איינעם פון די שאָפּן. ער איז נישט געווען פאַרבונדן מיט דער קינסטלער=גרופּע אויף מילנע 9א, צו וועלכע ער פלעגט זעלטן אַריינקומען.

ער איז, ווי די איבעריקע, אַרויסגעפירט געוואָרן אין טרעבלינקע=לאַגער און דאָרט אומגעקומען.

# אינהאַלט

# אַלבום פון רעפּראָדוקציעס
# צום ערשטן באַנד



אברהם אָסטזשעגאַ    דער מאַוזאָליי פון פּרץ׳ן, אַנסקין און דינעזאָנען



חיים אוריסאָן    אויטאָפּאָרטרעט (אייל־בילד)



חיים אוריסאָן　　　　קאָמפּאָזיציע (אייל=בילד)



העניך באַרטשעווסקי —
פּאָרטרעט פֿונעם דיכטער קאַצענעלזאָן
(אייל־בילד)



הענאָך באַרטשינסקי — סוכות (אויל־בילד)



טאַדעוש באָרנשטיין                    פּעאָניעס (אייל=בילד)



שלמה ביאלאָגורסקי — דער ווילנער געטאָ (אייל־בילד)



אהרן בלאַיפוקס      פייזאַזש (אייל־בילד)



יצחק (ווינצענט) בראַונער  דער וואַסערטרעגער (מעטאַלאָפּלאַסטיק)



אברהם בערמאן — די אינערלעכע טייל פון א שול (אייל=בילד)



יאַן גאָטאַרד — די טרעפערין (אייל־בילד)



אברהם גוטערמאַן    קאַרנאַוואַל (אייל־בילד)



יאַקוב גלאַסנער — גרימינג אין נעפּל (אַקוואַרעל)



דיאָניזו גרייפֿענבערג      שטיל־לעבן (אייל־בילד)



אָטאָ האַן. „ביי דער קיך“ (אויל בילד)



מאַקסימיליאַן האַנעמאַן  בײַ דעם כּותל מערבֿי (אײל=בילד)



װלאַדיסלאַװ װײַנטראַוב  פּאָרטרעט פֿון ד״ר גאָלדפֿלאַם (אײל־בילד)



בער זאַלקינד — פראַגמענט פון אַ ווילנער קוואַרטאַל (אייל־בילד)



דאָראָטע זיידעמאַן

שטיל=לעבן (אייל=בילד)



מנשה זיידענביטעל   אַ פּייזאַזש פון העל (אייל־בילד)



מנשה זיידענבייטעל — די „בלומענפארקויפערינס“ (אייל־בילד)



זיידענבייטעל — שטיל־לעבן ביים פענצטער (אייל־בילד)



אפרים זיידענביימעל  דער פּאָרטרעט פון מאָניקאַ זשעראָמסקא (אייל־בילד)



חיים טיבער    דער זיידע מיטן איינקל (צייכענונג)



מאַוריצי טרעמבאַטש

מאַרטיראָלאָגיע (איל=בילד)



מאָוריצי טרעמבאַטש    פּאָרטרעט פֿון דעם קינסטלערס אַ פֿעטער (אייל־בילד)



יאַניש טרעפּלער

די שול אין קרעמעניץ (אייל=בילד)



נאַטאַליע לאַנדאַו — אַן אַלט הייזל (האָלץ־שניט)



קאַזשימיעזש ליבין — די רואינען פון אַקוואַדוקט אין אַוויניאָן (אייל־בילד)



וואָלף מאַן — א ייד — אַ פּויער (איל־בילד)



לאַנדשאַפֿט (אייל=בילד)　　　　אוגנאַצי הירשפּאַנג



רישאַרד מאָשקאָווסקי — אַ פּראָיעקט פון אַ האַנגאַר (אַרכיטעקטור)



אברהם מענדעלסאָן — פאָטער און זון (אייל־בילד)



אניעלע מענקעס — נאטור־בילד (אייל־בילד)



אניעלע מענקעס קאָמפּאָזיציע (אייל־בילד)



האלינע נאדעלמאן — פרויען־ביוסט (גיפס־סקולפטור)



אברהם נײמאַן

דער מאַרק אין אונטערשטן קוזמיר (אײל־בילד)



אברהם נײמאן — א קלויסטערל (אייל=בילד)




ראָזע סוּצקעווער

א פרוי מיט א שאל (אייל=בילד)



מאַרצעלי סלאָדקי    פּייזאַזש (אײל־בילד)



געלא סעקשטיין  אַ מיידל מיט אַ ליאַלקע (אַקוואַרעל)




שמואל פינקעלשטיין — די לייענערין (אויל-בילד)




חיים גאָלדבערג — יידישער מאָטיוו (גראַפיק)



אדאם הערשאפט — אלט=בערלין — א שטעטל (ליטאָגראפיע)



פאָרטרעט פון דער טאָכטער (שטיך) אדאם הערשאפט




פישל זילבערבערג — דער געבונדענער (האָלצשניט)



פישל זילבערבערג — א קאָפּ פון א זקן (האָלצשניט)



חיים טיבער          אויפן מארק (אַקוואַפּאַרטע)



רעגינע מונדליאַק — דער סופֿר (צייכענונג)

בער סארין

# בּעבּל בּעבּל בּאָבּ



צייכענונגען פון מחבר

פארלאג – פאר קינדער – ווילנע, 1938



בער סארין — א הילע צו א ביכל פאר קינדער (דרוק)




בער סארין          א בלעטל פונעם ביכל פאר קינדער „בעבל־בעבל־באָב“ (דרוק)



מאַקס עליאָוויטש — אַ ייד (ליטאָגראַפיע)

# רשימה פון רעפּראָדוקציעס צום I באַנד

אַקער יוליע — בלומען (אייל־בילד).
אַסטזשעגאַ אַבּרהם — דער מאַוזאָליי פון די 3 יידישע שרייבער.
אוריסאָן חיים — אויטאָפּאָרטרעט (אייל־בילד).
אוריסאָן חיים — קאָמפּאָזיציע (אייל־בילד).
באַרטשינסקי העניך — פּאָרטרעט פונעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן (אייל־בילד).
באַרטשינסקי העניך — סוכּות (אייל־בילד).
באָרנשטיין טאַדעוש — פּעאָניעס (אייל־בילד).
ביאַלאָגורסקי שלמה — דאָס ווילנער געטאָ (אייל־בילד).
בירער זיגמונט — עקסליברים (אַקוואַפאָרטע).
בלאַופוקס אהרן — פּייזאַזש (אייל־בילד).
בראַונער יצחק (ווינצענטי) — דער וואַסערטרעגער (מאָנטאַזשאַפּלאַסטיק).
בערמאַן אברהם — דער אינערלעכער טייל פון אַ שול (אייל־בילד).
גאָטאַרד יאַן — די טרעפּערין (אייל־בילד).
גאָלדבערג חיים — יידישער מאָטיוו (גראַפיק).
גוטערמאַן אברהם — קאַרנאַוואַל (אייל־בילד).
גורעוויטש משה — ביים טיש (גראַפיק).
גלאַסנער יאַקוב — גרימינג אין נעפּל (אַקוואַרעל).
גרייפּענבערג דיאַניזי — שטיל־לעבן (אייל־בילד).
האבער טאָביאַש — די ניטאַרין (אַקוואַרעל).
האַן אָטטאָ — ביי דער קיך (אייל־בילד).
האַנעמאַן מאַקס — ביי דער כותל מערבי (אייל־בילד).
האָכמאַן העגריק — דער ביוסט פון יוליאַן פּאַלאַט (סקולפּטור אין מאַרמאָר).
הירשפּאַנג איגנאַצי — לאַנדשאַפט (אייל־בילד).
הערשאַפט אַדאַם — אַלט־בערלין — אַ שטעטל (ליטאָגראַפיע).
הערשאַפט אַדאַם — פּאָרטרעט פון דער טאָכטער (שטיך).
ווינטראַוב וולאַדיסלאַוו — פּאָרטרעט פון ד"ר גאָלדפלאַם (אייל־בילד).
זאַלקינד בער — פראַגמענט פון אַ ווילנער קוואַרטאַל (אייל־בילד).
זילבערבערג פישל — דער געבונדענער (האָלצשניט).
זילבערבערג פישל — אַ קאָפּ פון אַ זקן (האָלצשניט).
זיידעמאַן דאָראָטע — שטיל־לעבן (אייל־בילד).
זיידענבייטעל מנשה — אַ פּייזאַזש פון העל (אייל־בילד).

זיידענביטעל מנשה — דער האַפן ביים טייך (אייל=בילד).

זיידענביטעל מנשה — די בלומען=פאַרקויפערינס (אייל=בילד).

זיידענביטעל אפרים — דער פּראָטעסט פון מאַניקאַ זשעראָמסקאַ (אייל=בילד).

זיידענביטעל — שטיל=לעבן ביים פענצטער (אייל=בילד).

טיבער חיים — דער זיידע מיטן איניקל (צייכענונג).

טיבער חיים — אויפן מאַרק (אַקוואַפאַרטע).

טיבער חיים — ראש השנה (גראַפיק).

טראַכטער שמחה — הייזלעך (אייל=בילד).

טראַכטער שמחה — דאָס שטאָט=טויער אין לובלין (צייכענונג).

טרעמבאַטש מאַוריצי — מאַרטיראָלאָגיע (אייל=בילד).

טרעמבאַטש מאַוריצי — פּאָרטרעט פון דעם קינסטלערס אַ פעטער (אייל=בילד).

טרעפּלער יאַנוש — די שול אין קרעמעניץ (אייל=בילד).

טרעפּלער יאַנוש — אַ זקנה (פּאַסטעל).

לאַנדאַו נאַטאַליע — אַן אַלט הייזל (האָלצשניט).

לאַנדאַו נאַטאַליע — אַ יינגל (האָלצשניט).

ליבין קאַזשימיעזש — די רואינען פון אַקוואַדוקט אין אַוויניאָן (אייל=בילד).

מאַן וואָלף — אַ ייד — אַ פויער (אייל=בילד).

מאָשקאָווסקי רישאַרד — אַ פּראָיעקט פון אַ האַנגאַר (אַרכיטעקטור).

מונדליאַק רעגינע — דער סופר (צייכענונג).

מילער שמעון — פויערים (פּאַסטעל).

מענדעלסאָן אברהם — פאָטער און זון (אייל=בילד).

מענקעס אַניעלע — קאָמפּאָזיציע (אייל=בילד).

מענקעס אַניעלע — לאַנדשאַפט (אייל=בילד).

נאָדעלמאַן האַלינע — פרויען=ביוסט (גיפּס=סקולפּטור).

נוימאַן אברהם — דער מאַרק אין קוזמיר (אייל=בילד).

נוימאַן אברהם — אַ קלויסטערל (אייל=בילד).

סאַרין בער — אַ הילע צו אַ ביכל פאַר קינדער (דרוק).

סאַרין בער — אַ צייכענונג פונעם ביכל פאַר קינדער „בעבל—בעבל באָב“ (דרוק).

סוצקעווער ראָזע — פּאָרטרעט פון ד"ר וויטע לעווין (אייל=בילד).

סלאָדקי מאַרצעלי — פּייזאַזש (אייל=בילד).

סעקשטיין געלאַ — אַ מיידל מיט אַ ליאַלקע (אַקוואַרעל).

סעקשטיין געלאַ — אַ פּאָרטרעט פון ב. פּאָמעראַניץ (צייכענונג).

עליאָוויטש מאַקס — אַ ייד (ליטאָגראַפיע).

ערב עוגאַ — אויפן לעמבערגער מאַרק (אייל=בילד).

פינקעלשטיין שמואל — די לייענערין (אייל=בילד).